

ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

# 167

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַגס־לייטער:

אברהם מיטלבערג

מ. פייגענבלום

די רשימה פון די דערשינענע ביכער צום סוף פון בוך

שלמה שאַפּיראָ

# זכרונות פון אַ מאַראַן

## אין דער תקופה פון דער נאַצי־קאַטאַסטראָפע

פון העברעישן כתב־יד:
ז. אַליצקי



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס־איירעס 1963 — ה'תשכ"ג

# אינהאַלט

# הקדמה

די לעצטע עפּאָכע פון אונדזער געשיכטע אין אייראָפּע, די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט געשאַפן אַ גאַנצע רײ נײַע באַגריפן, נײַע ווערטער, וואָס זענען פאַר דעם כלל נישט באַקאַנט געווען; וואָס נאָך מער, עס האָט אַפילו דעמאָלט, אין די רויִקע יאָרן, קיינעם נישט געקענט קומען אויפן געדאַנק, אַז אַזעלכע באַגריפן, אַזעלכע משונהדיקע פאַקטן קענען ווען עס איז אין אַ מענטשלעכער, קולטורעלער געזעלשאַפט פאָרקומען.

היינט שאַפן די דאָזיקע ווערטער אַ גאַנצן ווערטערבוך, און זיי זענען אַ באַשטאַנדטייל פון אונדזער אַלעמענס דענקען און פילן. די דאָזיקע פאַקטן, באַגריפן ווערן אַפילו געלערנט אין שולן; מ׳שרײַבט וועגן זיי באריכות, און זיי זענען אַ טייל פון אונדזער אַלגעמיינער דורכשניטלעכער מיטעלער בילדונג. אָן זיי איז מען נישט קיין אויפגעקלערטער מענטש, אָן זיי קען מען נישט פאַרשטיין אַ גאַנצע פרשה פון אונדזער — און אפשר אויך נישט נאָר פון אונדזער — געשיכטע און אַפילו נישט אַ גאַנצע רײ ווערק, דערונטער גאָר באַדייטנדיקע, פון דער אַזוי גערופענער ש יי נ ע ר ליטעראַטור (בעלעטריסטיק, לידער!) אין די פאַרשיידנסטע שפּראַכן — נישט נאָר אין יִידיש צי העברעיִש.

צו דעם דאָזיקן שפּאָגל־נײַעם ווערטער־אוצר געהערן אַזעלכע פערל, ווי קאַצעטניק, אַקציע, סעלעקציע, געסטאַפּאָ, עס־עס, גאַזיקאַמער, ציקלאָן, מיט וועלכן מען האָט ג אַ ז י ר ט מענטשן אאַז״וו און ווײַטער!

וואָס פאַר אַן אײַנפלוס דער דאָזיקער ווערטערבוך פון מערדערס, אָדער ווי ער ווערט אָנגערופן אין אַ בוך געווידמעט דער דאָזיקער פראַגע פון א ו מ מ ע נ ט ש ן (וואָס האָבן, אַגב, — און

דאָס לוינט אונטערצושטרייכן — באַהערשט גאַנץ אייראָפּע), וואָס איז געוואָרן אייגן יעדן היינט־צייטיקן קולטורעלן מענטשן, קען האָבן אויף אַ יעדנס דענקען און האַנדלען — קען מען זיך לייכט פאָרשטעלן. פּעדאַגאָגן, לערערס, פּסיכאָלאָגן, אָדער... קרימינאָלאָגן וואָלטן געקענט אויף דער טעמע זיך אַרויסזאָגן.

און מיר רעדן דאָך דאָ בלויז וועגן מענטשן נאָרמאַלע, באמת גוטע, קולטיווירטע, און מיר מיינען דאָ צייטן, רויִקע און נאָרמאַלע.

און נישט תמיד האָט מען דאָך צו טאָן בלויז מיט אַזעלכע מענטשן און נישט תמיד זענען דאָך די צייטן געוויינטלעכע. און... נישט תמיד איז דאָך דער נאָרמאַלער מענטש גאַנץ מיט... זיך אַליין.

פון דעסט וועגן זענען דווקא מיר יִדן פאַראינטערעסירט, אַז דאָס וויסן פון יענער עפּאָכע זאָל נישט פאַרשווינדן; פאַרקערט, מיר באַמִיִען זיך דאָס דאָזיקע וויסן פון איין זייט צו פאַרטיפן — דורך פאָרשן דאָקומענטן, עדות און — פון דער צווייטער — דאָס דאָזיקן וויסן צו פאַרשפּרייטן אויך צווישן די יעניקע, וואָס ווייסן נאָך גאָרנישט וועגן דעם, וואָס געשען, אָדער זייער וויסן איז — לויט אונדזער מיינונג — נישט ריכטיק אָדער נישט פולקאָמען!

און אויב אין די עצם־יאָרן פון יענער קאַטאַסטראָפאַלער תקופה האָט מען געוואָרפן דעם געדאַנק: נישט פאַרגעסן און נישט שענקען, איז היינט — נאָך אַ צוויי צענדליק יאָר נאָך דעם — פאַרבליבן אונדז בלויז דער איינער געבאָט: נישט פאַרגעסן; ווייל וואָס האָבן מיר דען נאָך היינט־צו־טאָג צו שענקען אָדער נישט צו שענקען?!

די וועלט איז זיך געגאַנגען מיט איר וועג און איז ווייטער וועלט, און מיר זענען געבליבן מיט אונדזער וויגעשריי...

קען דען פאַר אונדז זיין אַ טרייסט דאָס כאַפּן דאָ און דאָרט אַ קריגס־פאַרברעכער און אָפּמשפּטן אים אַפילו אויף דער העכסטער — לויט אונדזער מענטשלעכן, גערעכטן מידת־הדין־שטראָף?!

איז דען דאָס כאַפּן און פאַראורטיילן ביי אונדז אין לאַנד איינעם פון די גרעסטע מאָרד־אָרגאַניזאַטאָרן — זיין נאָמען זאָל דאָ נישט פאַרפלעקן און נישט פאַרפירן אונדזער געדאַנקען־גאַנג! — געווען פאַר אונדז אַ נחמה?! עס איז געווען נישט מער, ווי אַ מענטש־

לעכע גערעכטע און סוף־סוף נישט אָנגענעמע פליכט, אָבער סאַטיספאַקציע?! גענוגטואונג, טרייסט?

איז דען דאָס בכלל מעגלעך?!

בלייבט אונדז טאַקע נישט מער, ווי דאָס: נישט פאַרגעסן! און זאָלן מיר טאָן אַלץ, אַבסאָלוט אַלץ, וואָס נאָר אין אונדזערע מעגלעכקייטן, אַז אויך אין די ווייטערדיקע דורות זאָל דאָס געשעענע געפינען דעם געהעריקן רעזאָנאַנס — אויף ווי ווייט בכלל מענטשן קענען אין די היינטיקע צייטן קלערן וועגן פורעמען און געשטאַלטן די צוקונפט אין אַלגעמיין, צי בלויז די צוקונפט פון אונדזער אייגענעם ייִדישן דור!

צווישן אַנדערן זאָל מען טאַקע נישט פאַרגעסן אין אַזאַ מין ווילד־משונהדיקן באַגריף ווי *אַריער* און זיינע באַגלייט־ווערטער: *אַרישע פאַפירן*, *אַריש אויסזען*, *אַרישע זייט*, א״א — ווערטער, וואָס זענען די גרונד־טעמע פון בוך, וואָס ליגט פאַר אונדז. און זאָלן מיר דערציילן אין דער ווייטער צוקונפט, אַז ס'איז מעגלעך געווען אין מיטן אייראָפע, אין אַ מיליאָנען־שטאָט, ווי וואַרשע, אין מיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אויפצושטעלן אין איינער פון די רירעוודיקסטע גאַסן, כלאָדנע, אַ הויכע, הילצערנע בריק, מיט וועלכער ייִדן האָבן געמוזט זיך באַנוצן, וועלנדיק אַריבערגיין פון איין זייט גאַס אויף דער צווייטער, ווייל... דער מיטן גאַס איז געווען *אַריש*, און צוליב דעם האָט זי אַ נישט־אַריער, אַ ייִד, נישט געטאָרט באַטרעטן — *געזעצלעך*, אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף! און דאָס איז געמאַכט געוואָרן נישט בשתיקה, נייערט בפרהסיה; און געזען האָבן דאָס נישט נאָר ייִדן, וואָס זענען די בריק אַריבערגעגאַנגען, נייערט אויך די אַלע אַריער (הונדערטער טויזנטער אַ טאָג! היימישע און פרעמדע, אויסלענדער) וואָס זענען געפאָרן (מיט טראַמווייען, אויטאָס, אאַז״וו) אויף דער *אַרישער מיטן־גאַס* אונטער דער *נישט־אַרישער* בריק!

און מיט דעם דאָזיקן אויפטו האָבן זיך די דייטשן געגרויסט; פאַרעפנטלעכט אין דער פרעסע די בילדער פון דער בריק; געוויזן דאָס אין פראָפאַגאַנדע־פילמען — און קיינער האָט וועגן דעם נישט

פּראָטעסטירט און קיינער — אַ חוץ די ייִדן — האָט זיך מיט דעם נישט איבערגענומען!

אָט צו וואָס ס'האָט דערפירט די וואַנזיניקע טעאָריע וועגן ראַסן, ראַסן־קאַמף — ווי דער הויפּט־יסוד פון יעדער קולטור. לויט, נעמלעך, דער דאָזיקער טעאָריע, איבער וועלכער עס האָבן געאַר־בעט נישט בלויז פּאָליטיקער, נייערט אויך וויסנשאַפטלייט, גע־לערנטע מיט אַ פּאַרנעם, זענען בלויז די אמתע אַריער — ד"ה די גערמאַנען, שעפער פון אַלעם גוטן, פון דער מענטשלעכער קולטור בכלל, בעת אַלע אַנדערע פעלקער געניסן נאָר פון איר פּאַסיוו, נוצן זי אויס — פאַר זיך גופא, אָבער זיי קענען גאָרנישט צוגעבן צו דעם גוטן, וואָס די אַריער האָבן געשאַפן. נאָך מער, די גאָר נידעריקסטע ראַסן (אגב, אויף דער פּאָזיציע געפינען זיך נישט נאָר ייִדן, נייערט אויך ציגיינער, נעגער א"א) ווירקן אַזוי שעדלעך, אַז זיי צעשטערן די אַרישע קולטור און ס'איז דעריבער דאָס רעכט און פליכט פון די קולטור־שעפערישע און איידעלע גערמאַנען צו פאַרניכטן פיזיש די דאָזיקע שעדלעכע עלעמענטן, פאַרן ווייל טאַקע פון דער אַרישער ראַסע.

דערביי איז מערקווירדיק — אַז די דייטשע דעמאָלטיקע וויסנ־שאַפט, וואָס האָט אַזוי פיל געשריבן און באַשריבן די אונטערשיידן פון די ראַסן, האָט נישט געקענט געבן אַ געהעריקע וויסנשאַפט־לעכע דעפיניציע, וואָס איז אַזוינס ראַסע; נישט זי האָט געקענט געבן פּראַקטישע אָנווייז, קריטעריעס, וויאַזוי אונטערשיידט מען אין טאָג־טעגלעכן לעבן אַ צוגעהעריקן צו איין ראַסע פון אַ צווייטער. איז טאַקע פּראַקטיש דאָס נישט מעגלעך געווען אַדורכצופירן און דערפון דאָס פּראָבלעם פ ו ן אַ נ ו ס י ם, ד"ה פון ייִדן, וואָס זענען געבליבן ווייטער ראַסע־ייִדן — (אַ „ראַסע", דעם מהות פון יעדן מענטשן, קען מען פון זיך נישט אויסוואָרצלען, ווי עס לער־נען אונדז די דייטש־נאַציסטישע ראַסיסטן!) — און גלייכצייטיק זענען זיי פאַר דער אויסנוועלט, אַפילו פאַר קענער פון דער זאַך, — אָנגעגאַנגען ווי ריינע אַריער, אַ דאַנק אַזעלכע צופעליקייטן, ווי... אַ פּאָר אַ ר י ש ע וואָנסן, הויכע שטיוול, צי אַ צופעליק גע־סעלשט פּאַפּירל. אָט די אַנוסים האָבן זיך אַפילו אַרומגעדרייט אויף

גאָטס וועלט אין עס־עס־מונדירן, געווען אָפיצירן אין דער דייטשער מיליטער־מאַכט — און נישט די דייטשע פּראַקטיקער און נישט די דייטשע ספּעצן, וויסנשאַפטלייט האָבן געקענט זיי אַרויספישן פון צווישן דעם ים פון ר יי נ ע אַ ר י ע ר!

וואָס נאָך מער חידוש: ווער ס'וויל זיך פאַרטיפן אין דעם ים פאַרעפנטלעכטע און געהיימע געזעצן און פאָרשריפטן, אָנגעהויבן פון די ערשטע דורכפיר־באַשטימונגען צו די אַזוי־גערופענע נירנ־בערגער־געזעצן פון יאָר 1935, און אין דער אומצאָליקער געדרוק־טער ליטעראַטור, וועט לייכט געפינען, אַז אין די פּראַקטישע גע־זעצלעכע אָנווייזן, ווי אַזוי צו באַשטימען, ווער ס'איז אַ ייִד, ווערט געזאָגט, אַז דעצידירן דעצידירט דאָ דאָס צוגעהערן צו דער ייִדי־שער רעליגיע, צו דער ייִדישער קהילה און דאָס גלייכן, וואָס קען פעסטגעשטעלט ווערן טיילמאָל בלויז אויפן סמך פון געהעריקע דאָ־קומענטן, רשימות פון עטאַטן־צאָלער א״א. קיין אַנדערע קריטע־ריעס דערצו האָט נישט דער דייטש־נאַציסטישער געזעצגעבער. מיט אַנדערע ווערטער, אַן אַריער, וואָס נעמט אָן — די ייִדישע רע־ליגיע, באַקומט שוין דערמיט אַליין אַלע נישט שיינע אייגנשאַפטן פון דער ייִדישער ראַסע, וואָס איז דאָך לויט די נאַצישע טעאָריעס אַ ביאָלאָגישער און נישט קיין רעליגיעזער באַגריף! זיי, די גע־לערנטע, האָבן נישט געזען, אַז דאָ ווערן פאַרמישט, פאַרטושט, פאַרשיידענע באַגריפן, פאַרשיידענע ענינים.

אַ פּנים, כדי צו געפינען אַ לאָגישע סתירה — דאַרף מען אַליין זיין אַ... נישט אַריער!

און אַזוי האָט געקאָנט געשען, אַז — ווי מיר זעען פון בוך — אין דער אַרישער וועלטווימלט פון די אנוסים, ממש אַ מלכות פון אנוסים. ווו מ'קערט זיך און ווו מ'ווענדט זיך, זענען זיי דאָ. און די אמתע אַריער, וואָס דערפילן אַ נישט אַריער מיילנווייז, אַזוי פלעגט זיך נישט איין נאַצי באַרימען, זעען דאָס נישט אין זייער אייגענער נאָענטסטער סביבה!

אַ וואָרט וועגן די אומגליקלעכע ייִדן פון דער קאַטעגאָריע אנוסים. ראשית, אַ גרויסער טייל פון זיי איז סוף־סוף אומגעקומען, ווייל „היימישע" מענטשן, נישט די געשולטע נאַצים, האָבן זיי גע־

קענט פון אַמאָל, דערקענט זיי איצט און אויסגעגעבן. טייל פון זיי זענען געבליבן לעבן און פאַרבליבן ערגעץ אויף דער ברייטער וועלט אין זייער נייעם מעמד, טייל האָבן זיך פאַרבונדן מיט נישט־ייִדישע משפּחות (אויך דאָס האָט געשטאַרקט זייער זיכערקייט) און פאַרלוירן געגאַנגען פאַרן ייִדישן פאָלק. כ'מיין, אַז זייער צאָל איז פילפיל גרעסער, ווי מ'נעמט אָן בדרך־כּלל.

צווייטנס, צו דעם מהות פון אַן אנוס געהערט דאָס, וואָס ער זוכט איינזאַמקייט, אָפּגעזונדערטקייט, ער האָט דאָן כּסדר מורא, מ'זאָל אים נישט דערקענען. טרעפט ער זיך צופעליק מיט אַ צווייטן אנוס, אינסטינקטיוו דערקענט איינער דעם צווייטן, מאַכט ער זיך נישט הערנדיק און נישט זעענדיק. קאָן ער אים מיט עפּעס וואָס העלפן — טוט ער דאָס מיטן בעסטן ווילן — אָבער פאַר דער וועלט בלייבן זיי פרעמד צו זיך, סיידן דאָס צוזאַמענזיין קאָן פאַרשטאַרקן זייער אנונסדיקייט (אַן איינגעפונדעוועטע משפּחה איז זיכערער פון אַן אויסגעוואָרצלטן, איינזאַמען מאַן, אאַז"וו). אָט צו וואָס ס'איז דערגאַנגען די געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן אין די לעצטע יאָרן פון דייטש־נאַציסטישער הערשאַפט. פון אַ קיבוץ פון אַ פיר מיליאָן ייִדן — נישט ווינציקער! צום באַדויערן שאַצט מען די צאָל, אַפילו מיר ייִדן, אויף פיל ווינציקער, שטיצנדיק זיך אויף בלומרשט אָביעקטיווע ציפערן — אין אָנהייב מלחמה, סעפּטעמבער 1939, איז זייער צאָל בהדרגה געפאַלן, ביז... ס'זענען פון זיי געבליבן שפּורן, איינצלנע משפּחות, צי טאַקע בלויז יחידים, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ווער אין אַ בונקער, אָן צו זען די ליכטיקע שיין, ווער ווי אַן אָנוס, אַ גוי־ייִד אויף דער „פרייער" וועלט.

אָט צו אַזאַ מצב איז דערגאַנגען דער געשיכטלעכער וועג פון פּוילישן ייִדנטום. די ערשטע ייִדן, וואָס זענען אַמאָל געקומען קיין פּוילן — און נישט נאָר דאָ, נאָר אומעטום אויף גאָר דער וועלט, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט — האָבן געזוכט אַ מיטייִדן, באַמיט זיך צו שאַפן תיכף אַ קיבוץ, אַ קהילה, — דער ייִד האָט דאָס נויטיק געדאַרפט האָבן אי צוליב רעליגיעזע טעמים (אַ מנין, בתי תפילות, בתי קברות!) אי צוליב פּשוט מענטשלעך־סאָציאַלע טעמים. ער האָט געוואָלט זיך אויסלעבן אין אַ ייִדישער סביבה. אַזאַ איז שוין די

נאַטור פון אַ ייִדן. אַ ייִד זוכט אַ ייִדן. איבעריקנס, אין אַ היימישן קאָלעקטיוו פילט מען זיך זיכערער. אַזאַ איז געווען אונדזער אָנ־הייב, אַזוי האָט זיך געפירט אונדזער לעבן במשך פון לאַנגע דורות...

געענדיקט האָט זיך עס מיט דעם, וואָס אַ ייִד, אַן אָנוס, אַנט־לויפט פון אַ צווייטן ייִדן... ווייל דאָס צוזאַמענזיין פון ביידע באַ־שיצט נישטביידן, ווי דאָס איז אַמאָל געווען און וואָס איז נאַטיר־לעך, נאָר באַדראָט זיי ביידן. דער כלל, דער קיבוץ, די ייִדישע קהי־לה, וואָס פלעגט פריִער באַשיצן דעם ייִדן, איז איצט אַ סכנה, דער כלל איז פאַרמשפּט צום טויט, דאַקעגן יחידים, וואָס רייסן איבער מיטן כלל, וואָס קאָנען אויף אַזאַ צי אַנדערן אופן פאַרטושן זייער צוגעהעריקייט צו אים, האָבן שאַנסן אויף בלייבן לעבן.

אַ מערקווירדיקע איראָניע פון אונדזער גורל!

ווערן דעריבער די פּערזענלעכע זכרונות פון איין יחיד נישט בלויז די געשיכטע פון דעם־אָ יחיד, נייערט די געשיכטע פון אַ פאַר־שניטענעם פאָלק, וואָס איז איינגעשרומפּן געוואָרן צו יחידים. און אַזוי ווי די יחידים האָבן געלעבט — אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטן, און אַזוי ווי יענע צייט בכלל איז רייך געווען אין די פאַר־שיידנסטע דערשיינונגען, באַזונדערס אויפן ייִדישן אָפּשניט, זענען ממילא די זכרונות פון איין ייִדן פון יענער צייט נישט אידענטיש מיט די זכרונות פון אַ צווייטן. יעדער איז געגאַנגען מיט זיין וועג, אָדער אַנדערש געזאָגט, איז געטראָגן געוואָרן מיטן שטראָם פון די געשעענישן אין אַן אַנדערער ריכטונג. אין יעדנס גורל זענען פאַר־געקומען די פאַרשיידנסטע, טיילמאָל אומגלייבלעכע פּאַסירונגען. יעדע אַזאַ באַשרייבונג איז דעריבער אי שפּאַנענד ווי עפּעס אַן אָנ־ציִענדיקער ראָמאַן און גלייכצייטיק אַ שטיק גרויליק לעבן פון יענער צייט.

נחמן בלומענטאַל

ירושלים, תשרי תשכ״ג.

# ביאָגראַפיע

שלמה שאַפּיראָ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1897 אין שטעטל זאַלאָזשיץ (Założce, מזרח־גאַליציע). נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע אין טאַרנאָפּאָל האָט ער שטודירט אין ווין אויף דער האַנדלס־אַקאַדעמיע און שפּעטער אין בערן (שווייץ), יורי. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה באַזעצט ער זיך אין לעמבערג, האָט חתונה מיט פריילן פאַני מעל פון פּרעמישלאַן, וואָס האָט אים געבוירן צוויי קינדער: אַ טאָכטער און אַ זון. שאַפּיראָ פאַרלייגט דאָ אַ גרעסערע האָלץ־עקספּאָרט־פירמע, מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט מיט דערפאָלג ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

וועגן גורל פון דער משפחה בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה דערציילט דער מחבר אַליין אין זיינע זכרונות.

אין יאָר 1947 קומט דער מחבר קיין א״י, באַזעצט זיך אין תל־אביב; אַרבעט אויף אַ פּאָסטן, באַטייליקט זיך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, און באַקומט אַ שם אין זיין סביבה.

אין יאָר 1959 איז ער געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע, אַ קראַנקייט, וואָס האָט אים נישט פאַרלאָזט זייט די אָקופּאַציע־יאָרן.

זיינע זכרונות האָט דער מחבר פאַרצייכנט תיכף נאָכן פאַרענדיקן זיך פון דער מלחמה אויף דייטש, אין דער צייט, ווען ער האָט זיך נאָך געפונען אין דייטשלאַנד ווי אַ פּליט. קומענדיק שפּעטער אין לאַנד, האָט ער די זכרונות איבערגעזעצט אין עברית. פון דעם טעקסט — דערשינען אין בוך־פאָרעם אין יאָר 1953 — איז געמאַכט געוואָרן די יידישע איבערזעצונג.

דער מחבר באַגרענעצט זיך אין זיין בוך בלויז צו דעם, וואָס ער אַליין האָט געזען און געהערט **אין יענער צייט**. ער באַנוצט זיך נישט מיט קיין געשיכטלעכע מקורות, נישט מיט קיין פרעמדע דערציילונגען פון ענלעכן מין. דאָס איז בפירוש אין אַזאַ מין בוך — אַ מעלה. דורך דעם זענען די

באַשרייבונגען אויטענטישע, פרישע און אוממיטלבאַרע; דער מחבר שטעלט פאַר די געשעעניש‌ן אַזוי ווי מ׳האָט זיי דעמאָלט אויפגעכאַפּט און אויסגע־טייטשט. דאָס איז וויכטיק און אינטערעסאַנט אַפילו פאַרן פאָרשער, דעם היסטאָריקער.

געוויסע קליינע אומפּינקטלעכקייטן — ביים איבערגעבן דאַטעס, ציפערן, נעמען — וואָס זענען, איבעריקנס, באַמערקבאַר בלויז פאַרן פאַכמאַן, האָבן נישט קיין שום באַדייטונג פאַרן לייענער, ביים לייענען, שטודירן און פאַרשטיין דעם בוך.



דער מחבר און זיין משפחה אין די צוואנציקער יאָרן



דער מחבר ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה (יאָר 1939)

אַ ר יי נ פ י ר

# אַנוסים אין דער עפּאָכע פון דער נאַצי־קאַטאַסטראָפע

מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה
ואבכה יומם ולילה את חללי בת־עמי.

ווער מאַכט מיין קאָפּ וואַסער און מיין אויג אַ קוואַל טרערן,
איך וואָלט באַוויינט טאָג און נאַכט
די דערשלאָגענע פון דער טאָכטער מיין פאָלק.

(ירמיהו, ח׳, כ״ג).

איך וויל דערציילן דעם אמת ווי ער איז און שילדערן די איבערלע־בענישן און געשעענישן וואָס איך האָב דורכגעמאַכט, כדי אונדזערע איי־ניקלעך און אוראייניקלעך זאָלן וויסן וואָס עס האָבן אונדז אָנגעטאָן די ווילדע חיות, וועלכע מען האָט געהאַלטן פאַר אויפגעקלערטע מענטשן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

דאָס דאָזיקע בוך וועט זיין ווי אַ מצבה אויף דעם אומבאַקאַנטן קבר פון מיין טייערער משפחה, ז״ל: מיין ווייב, מיינע עלטערן, מיינע ברידער, מיינע שוועסטער און אַלע אַנדערע קרובים, מענער, ווייבער און קינ־דער, וועלכע זענען אומגעקומען אויפן אכזריותדיקסטן אופן.

ווען ס׳איז אין יאָר 1932 געפונען געוואָרן די טאָכטער פון אַן אַרכי־טעקט אַ דערמאָרדעטע אויף אַ פאָרשטאָט פון דער שטאָט לעמבערג, און די געליבטע פון דער דערמאָרדעטערס פאָטער איז געוואָרן פאַרדעכטיקט אין אויספירן דעם מאָרד, האָט עס וועלטן אויפגערודערט. ס׳האָט אויפגעברויזט די געזעלשאַפטלעכע מיינונג. דער פּראָצעס האָט פאַראינטערעסירט זשור־נאַליסטן, ריכטער, דאָקטוירים, ספּעציאַליסטן און אַדוואָקאַטן אַזוי ווייט,

אַז אפילו נאָך דעם ווי די מערדערין איז פאַראורטיילט געוואָרן, האָט זיך נאָך אַלץ די געזעלשאַפטלעכע מיינונג נישט באַרויִקט. דאָס געוויסן פון דער וועלט איז נאָך וואַך געווען, און מען האָט וועגן יעדן אומוועדיקן געשעע־ניש געשריבן, דיסקוטירט און אַרויסגעטראָגן אַ האַרבן אורטייל. אָבער בסך־הכל אין צען יאָר שפּעטער, ווען אין זעלבן לאַנד, און אין דער זעל־בער שטאָט זענען פאַרטיליקט געוואָרן אומשולדיקע זקנים, מענער, ווייבער און קינדער, טאָג־טעגלעך און עפנטלעך, האָט די עפנטלעכע מיינונג נישט רעאַגירט, די געזעלשאַפט האָט נישט אויפגעשווידערט, און די פּרעסע האָט אָנגענומען אַ פול מויל וואַסער. מ׳האָט זיך צוגעקוקט און גע־שוויגן און אַפילו צוגעהאָלפן ביים אויספירן די פאַרברעכנס.

און ווען איך דערמאָן דאָ די פּרעסע, מיין איך נישט די געזעצלעכע און אָפיציעלע פּרעסע, וועלכע האָט זיך, נאַטירלעך, געפונען אונטערן שטרענגן אויג פון דער צענזור, נאָר די אומלעגאַלע, וועלכע איז דערשינען אין דעם אונטערערד. כ׳האָב געלייענט אַ סך פון די דאָזיקע אונטערערדישע בלעטלעך. מען האָט געקאָנט געפינען אין זיי וועגן אַן אַרעסטירטן קשיאָנדז, וועגן אַ פויער וואָס מ׳האָט אַראָפּגעטריבן פון זיין באָדן, וועגן אַ געוועזענעם אָפיציר אָדער פּאָליטיקער, וועלכע זענען געכאַפּט געוואָרן. זיי האָבן אָבער נישט דערמאָנט די אומברחמנותדיקע רציחות, די שוידערלעכע שחיטה, די מאַסן־פאַרטיליקונג, וועלכע זענען דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער פּאָמפּע. איך אַקצענטיר דאָס וואָרט „פּאָמפּע", ווייל עמעץ קאָן דאָך מיינען, אַז די גרויליקע מעשים זענען אָפּגעטאָן געוואָרן שטילערהייט, די זאַך זאָל צו דער עפנטלעכקייט נישט דערגיין. אָבער נישט אַזוי איז געווען.

אין לעמבערג, וואָס האָט אין יאָר 1941 געציילט 140 טויזנט ייִדישע איינוואוינער, זענען אין צענטער שטאָט געווען צוויי ספּעציעלע קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן, און אויף די צוויי זאַמד־בערג אויסער די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פלעגן אויסגעפירט ווערן די מערדערייען. יעדן טאָג האָט מען גע־קאָנט זען — און מ׳האָט געמוזט זען — די דרייסיק אָדער פערציק לאַסט־מאַשינען, אָנגעפּאַקטע מיט נאַקעטע מענטשן, ציטערנדיקע און בלוי־ווערנ־דיקע פון קעלט, ווי זיי פאָרן צום פּלאַץ פון גרויל. אויך די אַרבעטער אין די פאַבריקן אַרום דעם זאַמדבאַרג פלעגן טאָג־טעגלעך דערציילן פּרטים

וועגן די שרעקלעכע מעשים פון אויסראָטונג, וועגן די טויט־פּלאַטערנישן, וועלכע זיי האָבן צוגעזען דורך די פענצטער פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער. די אסורים פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אויסגעשעפּטע און קראַנקע, פלעגן שפּרייזן אין זייער געפּאַסיקט אָנטועכץ, באַצייכנטע מיטן געלן שאַנד־פלעק, צוויי מאָל אין טאָג איבער די גאַסן פון שטאָט, גייענדיק צו דער אַר־בעט און פון איר. אַזוי אַז יעדער שטאָט־איינוווינער האָט געמוזט צוזען די דאָזיקע סצענע. אויף די בויונגס־פּלעצער און אויף אַלע אַרבעטס־פּלעצער זענען די אסורים, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות אָדער נישט אַרויסגעוויזן קיין גענוגנדיקע פלינקייט, דערמאָרדעט געוואָרן אָן שום קווענקלעניש. די תלינים האָבן געוווסט, אַז מיטן ליקווידירן די ייִדן דער־פילן זיי דעם ווילן פון דער אַרישער באַפעלקערונג; זיי האָבן געוווסט, אַז זיי געניסן פון דער סימפּאַטיע פון דער דאָזיקער באַפעלקערונג.

פאַרוואָס האָט די פּוילישע און אוקראַיִנישע באַפעלקערונג געהאַט אַזאַ שענדלעכע באַציִונג צו דער מעשה־נבלה?

א. די אַרישע באַפעלקערונג האָט געצויגן מאַטעריעלע נוצן פון דעם ליקווידירן די ייִדן, צואייגנענדיק זיך דאָס ייִדישע פאַרמעגן, די הייזער, דאָס מעבל, דאָס פוטערוואַרג, די ברילִיאַנטן, די קליידער (וועלכע זענען נישט אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד) און די געשעפטן.

ב. די אָפּגעשטאַנענע פאָלקס־מאַסן האָט מען געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע מעשים זענען אַ ברכה, ווייל זיי לייזן די ייִדן־פּראַגע פולשטענ־דיק און גרינדלעך, און פון אויסלאַנד דערגייט נישט קיין שום פּראָטעסט־שטימע קעגן דעם. יעדער פּאָליאַק און יעדער אוקראַיִנער האָט איינגעפונען אַז מיט זיין אַקטיוון מיטבאַטייליקן זיך אין דער ליקווידאַציע פון די ייִדן דערפילט ער אַ פּאַטריאָטישן חוב, און האָט זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען פון דער אויסראָטונג וואָס מער נוצן, וויפל נאָר עס איז מעגלעך, פאַר זיך. דער ציל פון די פּוילישע פּאָליטיקער איז געווען אַ טאָפּלטער: פּטור ווערן פון די ייִדן און דערשיינען ווי מלחמה־געליטענע פאַר דער גאַנצער וועלט.

אין דאָזיקן בוך וועל איך ברענגען פּרטים וועגן פּאָגראָמען, אויסראָ־טונג־אַקטן, קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אַזוי ווייטער, און אויך וועגן דעם אָנטייל פון דער ציווילער באַפעלקערונג אין יענע געשעענישן, אין וועלכע

איך בין געווען אַ קרבן אָדער אַן עד־ראיה; אָבער מיינע איבערלעבענישן און דערפאַרונגען אַלס „אַרישע בירגער״ האַלט איך פאַר ווינציקער. גילטנ־דיק פאַר אַן „אַריער״, האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט אַריינצודרינגען טיף אין דער נשמה פון די פעלקער, צו קומען אין פאַרקער מיט אַלע פאָלקס־שיכטן ווי איינער פון זיי, אויסהערן זייערע שטרעבונגען, זייערע אורטיילן און זייערע פלענער, און זיי געהעריק באַנעמען.

אין דער עפּאָכע פון דער אינקוויזיציע אין שפּאַניע האָבן די פאַר־פאָלגטע געקאָנט זיך ראַטעווען דורך שמד. מיטן אָפּשווענקען זיך האָבן זיי נישט נאָר געראַטעוועט זייער לעבן און האָב־און־גוטס, נאָר ס׳האָבן זיך אויך געעפנט פאַר זיי אַלע וועגן צו דערגרייכן די מעכטיקסטע אַמטן אין דער מדינה און אין דער קירך; אייניקע פון זיי זענען אַפילו געוואָרן שאַצ־מייסטערס פון דער מדינה, מאַכטהאָבער און קאַרדינאַלן. עס זענען געווען נישט ווייניק אַזעלכע וואָס האָבן אין געהיים אָפּגעהיט זייער ייִדישן גלויבן און זענען בלויז כלפּי־חוץ דערשינען ווי קריסטן. די דאָזיקע פאַרמאַסקירטע ייִדן, וועלכע מ׳האָט גערופן אנוסים, פלעגן אונדז באַצויבערן אין דער ייִדישער געשיכטע, און מיר פלעגן אַנטציקט ווערן פון זייער געוואַגטקייט. די לאַגע פון די אנוסים פון נאַצישן טעראָר איז געווען לגמרי אַן אַנדערע. דאָ האָט נישט געהאָלפן דאָס שמדן זיך. נאָך מער: ס׳איז געווען פאַרבאָטן. לויט די באַרימטע נירענבערגער געזעצן זענען אויך אייניקלעך פון משומדים געווען פאַררעכנט פאַר ייִדן. די נאַצי־אנוסים האָבן געמוזט זיין מענטשן מיט ספּעציעלע פעיִקייטן, כדי נישט געכאַפּט צו ווערן פון די תלינים און זייערע משרתים. אָט־דאָס איז געווען זיבנפאַכיק שווערער, ווייל די באַ־פעלקערונג האָט צוליבן צוזאַמענלעבן הונדערטער יאָרן גוט געקענט די כאַראַקטער־שטריכן, דעם אויסדרוק פון פּנים, דעם שטייגער פון רעדן, די אויסשפּראַך און די אויפפירונג פון די ייִדן. צווישן די מעלות וואָס זענען נייטיק געווען די דאָזיקע אנוסים האָבן זיך גערעכנט:

א. דאָס פולשטענדיקע באַהערשן די פּוילישע און אוקראַיִנישע שפּראַך אין זייערע אַלע פאָלקסטימלעכע שאַטירונגען.

ב. דאָס פולשטענדיקע קענען דעם קאַטוילישן קולט, די תפילות, מנהגים און געוווינהייטן.

ג. די פעיִקייט פון קענען זיך צופּאַסן.

ד. דאָס שטענדיקע שטיין אויף דער וואַך קעגן די שאַנטאַזשיסטן פון אַרום.

ווייל צו יענער צייט זענען די ייִדן געוועזן די וויכטיקסטע טעמע אין אַ שמועס, האָט דער „אַריער" זיך געמוזט אויפפירן געהעריק. דער, וועל־כער האָט נישט געהאַט די געפאָדערטע פעיִקייטן, האָט נישט געהאַט קיין שום האָפענונג דורכצוגיין בשלום די אַלע סכנות, וואָס האָבן געלויערט אויף אים אין דער אַרישער וועלט. צוליב דער דאָזיקער סיבה ווערט פאַר־שטענדלעך, פאַרוואָס בלויז אַ קליינעם טייל, אַ צוויי פּראָצענט פון די דריי און אַ האַלבן מיליאָן פּוילישע ייִדן און מער פון אַ מיליאָן ייִדן פון אַנדערע לענדער, וועלכע זענען דורך צוואַנג געבראַכט געוואָרן קיין פּוילן, האָט זיך איינגעגעבן זיך צו ראַטעווען. אויב אַפילו אַ געוויסע צאָל געראַטעוועטע ייִדן זענען אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער, איז דאָך דער דאָזיקער וועג געווען אָפּגעשלאָסן פאַר די מאַסן, ווייל די לייט פון דעם אונטערערד און די פּוי־לישע פּאַרטיזאַנער האָבן פּרינציפּיעל נישט אַריינגענומען קיין ייִדן אין זייערע רייען. בלויז אייניקע טיילן פון רוסישע פּאַרטיזאַנער און די קאָמו־ניסטן האָבן געדולדעט ייִדן. אין די אַנדערע טיילן האָבן אַריינגעדרונגען אַנטיסעמיטישע עלעמענטן. אין דער צייט ווען די פאַשיסטן האָבן די ייִדן אָנגערופן קאָמוניסטן און באָלשעוויקעס, האָבן די קאָמוניסטן געפּרוווט דערווייטערן די ייִדן אַרויסשטעלנדיק זיי פאַר עקספּלואַטאַטאָרס, שפּעקו־לאַנטן און דאָס גלייכן. די דאָזיקע אַלע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען טעטיק געהיים, און מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ מינים שווועריקייטן דער ייִד האָט געדאַרפט גובר זיין, בכדי צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די מיט־גלידער פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס. אין גרעסטן טייל פאַלן פלעגט אַזאַ ייִד אַריינפאַלן אין די הענט פון שאַנטאַזשיסטן, וועלכע האָבן ביי אים צו־גערויבט אַלץ און לסוף איבערגעגעבן אים דער געסטאַפּאָ.

מענטשן, וועלכע האָבן די דאָזיקע פּאַסירונגען נישט געזען מיט די איי־גענע אויגן, קאָנען מיינען, אַז אין דער אָרטיקער אַרישער געזעלשאַפט זענען געווען מענטשן, וואָס די דאָזיקע גרוילן האָבן דערוועקט אין זייערע הערצער מיטגעפיל פאַר די ליידנדיקע קרבנות. מיר, וואָס האָבן יאָרן געלעבט ווי

„אַריער״ צווישן די אַריער, האָבן זיך איבערצייגט ווי פֿאַרוואָרצלט ס׳איז געווען די שנאה צו יידן אומעטום. די דריי יאָר, וואָס איך האָב געלעבט ווי אַן „אַריער״, האָבן מיר איינגעשאַפֿן אַזאַ שפע דערפֿאַרונג און וויסן, וואָס קיין שום שטודירן פֿעלקער־פּסיכאָלאָגיע איז עס נישט אימשטאַנד צו געבן.

כ׳האָב געוואַנדערט און געוואָגלט פֿון נאַרוויק ביז וואָראָשילאָווגראַד, פֿון סמאָלענסק ביז ווילהעלמסהאַפֿן, געלעבט צווישן פּאָליאַקן, רוסן, דייטשן, רומענער, לעטן, ליטווינער, נאָרוועגער, בעלגיער, פֿראַנצויזן, איטאַליע־נער, האָלענדער, אונגאַרן און אַנדערע. און כ׳האַלט זיך פֿאַר באַרעכטיקט צו דערציילן וועגן מיינע דאָזיקע איבערלעבונגען.

איך בין דאַנקבאַר דער השגחה פֿאַר דעם וואָס מיר האָבן זיך געראַ־טעוועט, איך און מיינע צוויי קינדער, אָבער נישט ווייניקער בין איך דאַנק־באַר דערפֿאַר, וואָס מיר איז באַשערט געווען אַזויפֿיל איבערצולעבן און כ׳האָב זיך איינגעשאַפֿן אַזאַ גרויסע דערפֿאַרונג. כ׳האָב געלעבט 21 חדשים צווישן סאָוועטישע מענטשן, כמעט 18 חדשים האָב איך זיך געפֿונען ווי אַ ייד צווישן די נאַציס, און 33 חדשים פֿאַרבראַכט ווי אַן „אַריער״ צווישן אַריער. כ׳האָב אויך דורכגעמאַכט די צרה פֿון דעם פּוילישן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע — פֿון ערשטן אויגוסט ביזן 5טן אָקטאָבער 1944. דער דאָזיקער אויפֿשטאַנד, וועלכער האָט פֿאַרן דרויסן אויסגעזען ווי אַ נאַציאָנאַלע און פּאַטריאָטישע באַוועגונג — האָט נישט אַזוי אויסגעזען פֿאַר יענעם, וועל־כער איז געווען אַן עד־ראיה. כ׳וועל פּרווון אין דאָזיקן בוך דערציילן אויס־פֿירלעך וועגן דאָזיקן אויפֿשטאַנד, וועגן זיינע סיבות און רעזולטאַטן. אָבער שוין איצטער וויל איך זאָגן, אַז איך בין געווען אַרעסטירט עטלעכע וואָכן אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען דורך די אויפֿשטענדלער, ווייל איינער אַ „פּאַטריאָט״ האָט מיך חושד געווען, אַז איך בין אַ ייד.

איך האָב זיך באַמיט איבערצוגעבן אין דעם בוך נאָר זאַכן וואָס איך האָב געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, אָבער זיי זענען אַזוי שוידערלעך, אַז זיי קאָנען אויסזען אין די אויגן פֿון דעם לייענער ווי אַ פּרוכט פֿון דער פֿאַנטאַזיע. הגם איך האָב מיט זיך קיין פֿאָטאָגראַף־אַפּאַראַט נישט געהאַט, האָב איך פֿון דעסט וועגן גוט־גוט אויפֿגענומען די טרערן אין די אויגן פֿון די קרבנות, זייער כליפּענדיק מויל, זייער פּנים פֿאַרקרימט פֿון ווייטיק, און אַלץ וואָס איך האָב געזען און געהערט גיב איך איבער.

## א.

# אונטער דער הערשאַפט פון די סאָוועטן

## (17. 9. 1939 — 30. 6. 1941)

והיה הנס מקול הפחד, יפל אל הפחת,
והעולה מתוך הפחת, ילכד בפח.

און עס וועט זיין, דער וואָס אַנטלויפט פון דעם קול
פון גרויל, וועט אַריינפאַלן אין גרוב, און דער וואָס קומט
אַרויף פון גרוב, וועט געפאַנגען ווערן אין נעץ.

(ישעיהו, כ״ד, י״ח).

דער מאַרש פון די דייטשן איבער די פוילישע שטחים איז פאָרגעקו־
מען מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ. שוין דעם עלפטן טאָג פון דער מלחמה
זענען זיי געשטאַנען ביי די טויערן פון לעמבערג. מיר האָבן זייער גוט גע־
ווּסט, וואָס אונדז דערוואַרט פון די דייטשן. יעדער האָט געפרוּווט אַנטרי־
נען אַהין, וווּהין די פיס האָבן אים געטראָגן. דעם 11טן סעפטעמבער 1939
האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פאַרפעסטיקן די שטאָט. ס׳איז נישט געווען קיין
שום פלאַן פאַר דעם, ס׳איז אויך נישט געווען צו מערקן קיין געאייניקטע
אָנפירונג. די פירער פון די בירגערלעכע און מיליטערישע אינסטאַנצן זע־
נען אַנטלאָפן צו דער רומענישער גרענעץ. די פאַרפעסטיקונג־אַרבעט אין
שטאָט און ביי אירע גרענעצן איז אַריבער אין די הענט פון די הויז־קאָ־
מענדאַנטן, מ׳שטיינס־געזאָגט. יענע האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו
איזדיעקעווען זיך איבער די ייִדן. ביי אַזאַ געפערלעכן צושטאַנד איז געווען
דער געבאָט פון דער שעה, וואָס מעגלעך שנעלער צו פאַרלאָזן די שטאָט.
ס׳האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז דער אַרויסגאַנג פון שטאָט איז פאַר־
שפאַרט. איך בין אַרויסגעגאַנגען צופוס פרי באַגינען, נישט נעמענדיק מיט

זיך קיין שום באַגאַזש — אין דער האָפענונג אַריבערצושוואַרצן די גרעג־נעץ. אויף יענער זייט גרענעץ האָב איך געוואָלט וואַרטן אויף מיין פרוי און קינדער און מיין שווער, וועלכער האָט געוווינט אויף דער פּראָווינץ.

כ׳האָב געוואַרט אויף מיין פאַמיליע אין וויניקי, אַ שטעטל, 12 קילאָ־מעטער אויף מזרח פון לעמבערג. ווייל די משפחה האָב איך דאָ נישט גע־טראָפן, בין איך ווייטער געגאַנגען צופוס, ביז איך בין פאַרנאַכט אָנגעקו־מען אַ צעבראָכענער, הונגעריקער און פאַרשמוציקטער צו מיין שווער אין הויז. דאָרט האָב איך געטראָפן אַ סך אַנטלאָפענע פאַמיליעס, אָבער נישט מיינע בני־בית. מיר האָבן באַשלאָסן ווייטער צו לויפן אויף מזרח, ווייל מיר האָבן באַקומען אַלאַרמירנדיקע און אויפשווידערנדיקע ידיעות, באַזונ־דערס וועגן דעם גורל פון די מאַנצבילן. מיר האָבן געדונגען אַ דראָזשקע און זענען געוועזן זיכער, אַז זי וועט אַרויספירן מיין פרוי מיט די קינדער פון לעמבערג; און מיר אַליין האָבן פאַר אַ סך געלט געקריגן אַ דראָזשקע, וואָס איר באַלעבאָס איז אַנטלאָפן פון יאַראָסלאַוו, און זי האָט אונדז גע־דאַרפט ברענגען דורך פּאָמאַרזאַני און זאַלאָזצע, נאָענט צו דער סאָוועטי־שער גרענעץ. אין די דאָזיקע מקומות האָט געהערשט פאַרהעלטניסמעסיקע רו, הגם אויך אַהין האָט שוין דערגרייכט דער שטראָם פון פּליטים. ס׳איז געוועזן פאַר ראש־השנה. מיר האָבן זיך איינגעקוואַרטירט ביי קרובים און אָפּגעוואַרט וואָס ווייטער וועט קומען.

דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז דער מאָסקווער ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן מאָלאָטאָווס רעדע און מיטגעטיילט אַז דאָס רויטע מיליטער האָט אַריינמאַרשירט קיין מזרח־פּוילן. ווייל מיר האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון דער רוסישער גרענעץ, האָבן מיר יעדע רגע דערוואַרט דאָס דאָזיקע געשעעניש. אין צווישנצייט זענען אַהער אָנ־געקומען פּליטים פון טאַרנאָפּאָל, זבאַראַזש, סקאַלאַט און אַנדערע גרענעץ־שטעט, וועלכע האָבן באַגעגנט אויפן וועג די רויטע אַרמיי און דערציילט וועגן דער גוטער באַציִונג פון די סאָוועטישע מיליטערלייט צו דער ביר־גערלעכער באַפעלקערונג. נישט נאָר מען האָט די פּליטים נישט באַאומרויִקט און זייער פאַרמעגן, וואָס זיי האָבן געבראַכט מיט זיך ווי מזומן געלט, גאָלד, זילבער, צירונג איז ביי זיי נישט צוגענומען געוואָרן, זיי האָבן אויך געהאַט

צו דערציילן וועגן דער הילף פון דער רויטער אַרמיי פאַר דער אַנטלאָפענער באַפעלקערונג.

די געשפּאַנטקייט איז געווען אַ גרויסע, ווייל די סאָוועטישע מדינה און איר פאָלק מיט זיין גאַנצן לעבנס־שטייגער איז דאָך געווען פון אונדז ווי דורך אַ כינעזישער וואַנט אָפּגעטיילט. קיינער אין פּוילן האָט זיך נישט געקאָנט ריכטיק פאָרשטעלן דאָס לעבן פון די מענטשן דאָרט. דער דאָזיקער צושטאַנד פון נישט־וויסן האָט געדויערט אַ מעת־לעת. יענע נאַכט איז געווען אַ גרוילוקע. די פּוילישע באַוואָפנטע כוחות, די אָרטיקע פּאָליציי האָבן פאַרלאָזט דעם פּלאַץ. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געשראָקן פאַר איבערפאַלן און רויבערייען מצד די פּוילישע און אוקראַינישע איינוואוינער. מ׳האָט געשאַפן אַ וואַך, וואָס די מערהייט מענער האָבן זיך אין איר באַטייליקט. אָבער די נאַכט איז אַריבער אָן פּאַסירונגען, און אויפן צווייטן טאָג איז אַריין די רויטע אַרמיי. מיר זענען דערשטוינט געוואָרן דערזעענדיק זייער מיליטערישן מעכטיקן כוח און די שפע אויסשטאַטונג. אין פאַרגלייך מיט דער דאָזיקער גרויסמאַכט האָט די פּוילישע מדינה מיט איר מיליטער און אויסשטאַטונג אויסגעזען ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד. ווי מוראַשקעמחנות האָבן די רויטאַרמייער מיט זייער שווער געווער, מיט זייערע געפּאַנצערטע מאַשינען און לאַסטמאַשינען פאַרפלייצט די סביבה. אויך זייער פּיעכאָטע איז געווען מאָטאָריזירט, אַ זאַך וואָס אין יאָר 1939 איז דאָס פאַר אונדז געווען אַ וווּנדער. זייער באַציִונג צו דער ציווילער באַפעלקערונג איז געווען זייער אַ פיינע. נישט קיין מאַנצביל, נישט קיין פרוי זענען נישט פאַרטשעפּעט געוואָרן. זיי האָבן נישט געטרונקען קיין שאַרפע געטראַנקען. האָבן מיט זיך געבראַכט אַלע זייערע לעבנסמיטלען און זענען לגמרי נישט געפאַלן צו לאַסט דער באַפעלקערונג.

דאָס געפיל פון פאַרלייכטערונג, וואָס האָט זיך באַזונדערס אָפּגעפּילט ביי דער יידישער באַפעלקערונג, איז געווען אַ מעכטיקס. די יידן זענען ניצול־געוואָרן פון אַ ביטערער לאַגע, פון וועלכער מ׳האָט קיין אויסוועג נישט געזען. דער נס וואָס איז זיי געשען האָט זיי דערמאָנט אין יציאת־מצרים, דעם נס פון קריעת־ים־סוף. דער דאָזיקער נס האָט זיך איבערגעחזרט מיטן אַריינקום פון דער רויטער אַרמיי. נאַציאָנאַליסטישע, אוקראַי־

נישע עלעמענטן האָבן, אמת, געפּרוווט פאַרכאַפּן די אָרטיקע אינסטיטוציעס און פאַרטרייבן פון זיי און פון דער אָרטיקער פּאָליציי די ייִדן, אָבער דער ציַיטווייליקער צושטאַנד האָט געדויערט בלויז עטלעכע טעג, ביז ס׳זענען אָנגעקומען ווייטערע סאָוועטישע מיליטערישע כּוחות און האָבן איינגעשטעלט אָרדענונג.

מיר האָבן אויסגענוצט די ערשטע געלעגנהייט זיך אומצוקערן אַהיים. מיר זענען אָנגעקומען ביז זלאָטשעוו, ווו מיר זענען געבליבן אויף יום־כּיפּור. אויפן צווייטן טאָג זענען מיר געקומען צוריק קיין לעמבערג, וואָס איז בלויז אַ ביסל צעשטערט געוואָרן, און איר צענטער האָט בכלל נישט געליטן. די דייטשן זענען אַהער נישט געקומען. די געוועלבער זענען אויפ־סניי געעפנט געוואָרן, און לאַנגע רייען האָט מען געזען לעבן יעדן איינעם פון זיי. די רויטאַרמייִשע זעלנער, וואָס האָבן באַקומען פיל געלט, האָבן איינגעקויפט אַ סך זאַכן, וועלכע זיי האָבן נישט געקאָנט קריגן אין רוס־לאַנד, און געצאָלט וויפל מ׳האָט זיי געביטן.

די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן. אַ שרעק האָט אַרומ־געכאַפּט די קאַפּיטאַליסטן און אַלערליי בורזשויען. פאַרשטענדלעך, אַז עס זענען פאָרגעקומען נישט ווייניק רויב־פאַלן, אַטענטאַטן אויפן באַדן פון פערזענלעכער נקמה און אַזוי ווייטער. ווי ס׳איז דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן זענען רעקווירירט געוואָרן רחבותדיקע דירות, און מענטשן וואָס האָבן געלעבט אין קעלער־שטיבער, זענען אַריבער אין מענטשלעכע וווינונגען אין שענערע קוואַרטאַלן. אין די פאַבריקן און גרויסע געשעפט־הייזער האָבן זיך געבילדעט אַרבעטער־ראַטן. די ערשטע צייט זענען אומעטום די פירמע־אייגנטימער באַשטימט געוואָרן אויף פּאָסטנס פון זייערע פריִערדיקע אונ־טערנעמונגען.

אין יענער צייט זענען אָנגעקומען פּליטים פון יענער זייט סאַן — דער טייך וואָס צעטיילט די שטאָט פּשעמישל אויף צוויי טיילן (דער מערב־דיקער טייל איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן) — און האָבן דערציילט וועגן די גרויליקע מעשׂים פון די דייטשן. אין פּשעמישל זענען אומגעבראַכט געוואָרן 500 חשובע ייִדן דורך שיסן. פרויען האָט מען אַרייַנ־

געטאָן אויפּרייס־מאַטעריאַל אין די מיילער, און זייערע געהירן זענען צע־שפּריצט געוואָרן אין אַלע זייטן.

די ייִדישע פאַרמעגלעכע באַפעלקערונג, וואָס האָט נישט באַוויזן צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, קיין רומעניע, האָט זיך באַצויגן מיט אַנטיפּאַטיע צו דער רויטער אַרמיי. די דאָזיקע מענטשן האָבן פאָרויסגעזען וואָס ס׳דער־וואַרט זיי, און געזען דערפאַר אין יעדער האַנדלונג און געשעעניש בלויז נעגאַטיוועז זייטן.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז אָנגעגאַנגען מיט זיין געוויינטלעכן ריטם. ס׳זענען געעפנט געוואָרן שולן, ס׳איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן די שטאָט־פאַרוואַלטונג, ס׳זענען צוגעגרייט געוואָרן וואַלן צום שטאָטראַט און ראַיאָן־ראַט.

סוף נאָוועמבער 1939 זענען פאָרגעקומען אַלגעמיינע וואַלן, וועלכע האָבן פאַרזיכערט דער נייער אָרדענונג כמעט הונדערט פּראָצענט שטימען; די וואַלן זענען געווען געהיימע, אָבער קיינער האָט נישט דערוואַרט קיין אַנדערע רעזולטאַטן, ווייל ס׳איז פאָרגעלייגט געוואָרן בלויז איין קאַנדי־דאַטן־רשימה, און יעדער האָט געמוזט שטימען אונטערן דרוק פון דער פּראָפּאַגאַנדע און אינדיווידועלער אַגיטאַציע. כדי צו באַווייזן, אַז ס׳איז דאָ אַ „פאָלקס־הערשאַפט“, זענען אין דער קאַנדידאַטן־רשימה אַריינגעשטעלט געוואָרן הויז־באַדינערינס און ציינונגס־פאַרקויפער, וועלכע האָבן נישט גע־קאָנט לייענען און שרייבן.

דער ערשטער שריט פון שטאָטראַט איז געווען: דאָס נאַציאָנאַליזירן אַלע גרויסע אונטערנעמונגען, הייזער און גרויסע גיטער. דעם 7טן דעצעמ־בער איז דאָס דאָזיקע געזעץ אַריין אין קראַפט. דאָס נאַציאָנאַליזירן איז דורכ־געפירט געוואָרן דורך צוויי אָרטיקע אַרבעטער און זייערן אַ חבר, אַ געקו־מענעם פון ראַטנפאַרבאַנד. זיי האָבן געמאָלדן, אַז יעדער פירמע־אייגנטי־מער איז פאַרפליכטעט איבערצוגעבן אַלע ענינים און אַרויספאָרן; אויב ער וועט אַזוי נישט טאָן, וועט ער אַרעסטירט ווערן. אויב דער אייגנטימער האָט געבעטן, מ׳זאָל אים באַשעפטיקן אין זיין אונטערנעמונג, האָט ער באַקומען אַן ענטפער, ער זאָל זיך ווענדן אין אַרבעטס־אַמט. דאָס נאַציאָנאַליזירן איז חל געווען נישט נאָר אויף אונטערנעמונגען, אין וועלכע ס׳זענען געווען

באַשעפּטיקט לוין־אַרבעטער, נאָר אויך אויף אַזעלכע, אין וועלכע ס׳האָבן געאַרבעט זייערע אייגנטימער — זיי אַליין. קעגן די דאָזיקע אייגנוויליקע מעשים, וועלכע שטייען אין סתירה מיט דער באַלשעוויסטישער קאָנסטי־טוציע, האָט מען גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. יעדע אינטערווענץ האָט גע־פירט צו אַרעסט, און קיינעם האָט זיך אין יענער צייט נישט געגלוסט אַרעס־טירט צו ווערן.

ס׳איז געעפנט געוואָרן אַן אַרבעטס־אַמט. ס׳איז געווען פאַרבאָטן אויס־צופירן אַוועלכן עס איז אַמט אָדער באַקומען אַרבעט אָן אַ צעטעלע פון אַרבעטס־אַמט. קודם־כל האָט מען זיך געמוזט רעגיסטרירן אין אַרבעטס־אַמט. און כדי זיך צו דערשלאָגן צו די ביוראָען פון דעם אַמט, האָט מען געמוזט שטיין אין דער ריי טעג און נעכט. געוועזענע סוחרים און אינדוס־טריעלער, ס׳הייסט, מענטשן וואָס זייער פאַרמעגן איז נאַציאָנאַליזירט גע־וואָרן, האָבן זיך דאָרט נישט געקאָנט פאַררעגיסטרירן, און דער טייטש דער־פון איז געווען: קיין שום האָפענונג צו באַקומען אַן אַרבעטס־פּלאַץ. דער דאָזיקער מצב האָט גורם געווען, אַז די דאָזיקע „אויסגעשלאָסענע" (מען האָט זיי אויך גערופן „לישענצי", ד״ה די איבעריקע, אַ זכר פון די צייטן פון דער רוסישער איבערקערעניש) זאָלן זיך באַמיען מיט אַלע געזעצלעכע און אומגעזעצלעכע מיטלען „איינגעשלאָסן" צו ווערן און באַקומען אַרבעט; צוליב דעם וואָס די געקומענע פון ראַטנפאַרבאַנד (מיליטער־לייט און אויך ציווילע) האָבן מיט זיך געבראַכט אַ גרויסן חשק צו באַקומען קליידונג, שיך, זייגערס, מעבל און אַנדערע „לוקסוס"־זאַכן — איז נישט שווער געווען צו באַקומען באַשעפטיקונג פאַר אַזעלכע מיני זאַכן. ס׳איז געווען טשעקאַווע, וואָס גראַד אַזעלכע אַרבעט־זוכער האָבן זוכה געווען צו באַקומען הויכע און פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס. אויך פון געזעצלעכן שטאַנדפּונקט איז די זאַך נישט שווער געווען. ווי באַוווסט, איז אין לענינס קאָנסטיטוציע נישט פאַ־ראַן קיין שום דיסקרימינאַציע בנוגע בירגער צוליב זייער אָפּשטאַמונג אָדער פאַרגאַנגענהייט.

איך האָב באַקומען אַרבעט ווי אַ הויפּט־בוכהאַלטער אין אַ גרויסער נאַציאָנאַליזירטער פירמע, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „טרעסט" און אַרומגעכאַפּט ניין אונטערנעמונגען, פערציק אָפּטיילן און באַשעפטיקט 400

אַרבעטער. די אָפיציעלע שפּראַך איז געווען אוקראַיִניש. יעדן אַרבעטער איז געגעבן געוואָרן אַ טערמין פון דריי ביז זעקס חדשים אויף אויסצו־לערנען — לכל־הפחות אויבנאויפיק — די אוקראַיִנישע שפּראַך. האָט זיך וועמען נישט איינגעגעבן צו דערווערבן די שפּראַך, איז ער גלייך אָפּגע־זאָגט געוואָרן. ס׳זענען געעפנט געוואָרן אַ סך ספּעציעלע קורסן, אויף אַריינ־צופירן די נייע אָנגעשטעלטע אין די סודות פון די נייע סיסטעמען. די סיס־טעם פון בוכהאַלטעריע איז געווען קאָנטעס־איינפיר און יעדע אונטער־נעמונג אָן אויסנאַם איז געווען פאַרפּליכטעט זי צו באַנוצן.

די לייטערין פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג איז געווען פרוי אָלגע רעוואַזאָוואַ פון אָרדזשעניקיזי, אַן אַכטאונצוואַנציק־יעריקע גרוזינערין. זי איז געווען אַ פּאַרטיי־מיטגלידערין, אַ פאַנאַטיש אָרנטלעכע. איז צו אונדז געקומען אין אַן אָרעמען מאַנטל, מיט ווויליקעס, גומענע קאַלאָשן און אַ טיכל אויפן קאָפּ. אָבער ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, און זי האָט זיך גע־קליידט מאָדערן, זיך געמאַכט אַ הערלעכע פריזור און געטראָגן היפּער־מאָ־דערנע שיך. זי האָט געוווינט אין אַ דריי־צימערדיקער וווינונג, וווּ ס׳איז געשטאַנען אויך אַ פּיאַנאָ. זי האָט נישט באַנוצט די פּיאַנאָ, דעריבער פלעגט זי מיך בעטן, שיקן צו איר מיין זון אָדער טאָכטער צו שפּילן ביי איר. זי איז געווען אַ שיינע און פאַרשטאַנדיקע פרוי, האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען צו פירן אַזאַ אונטערנעמונג, און סיכסוכים צווישן איר און די אַרבעטער, ווי אויך צווישן איר און אירע נאַטשאַלניקעס זענען פאָרגעקומען אַ סך. דעריבער איז די גאַנצע לאַסט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַרויפגעלייגט גע־וואָרן אויף מיר. כ׳האָב געמוזט אַרבעטן שווער בייטאָג און ביינאַכט און קומען אין כסדרדיקע קאָנפליקטן מיט די אַרבעטער. נאָך עטלעכע חדשים בין איך קראַנק געוואָרן אויף געלזוכט און גאַלשטיינער.

ווי באַוווּסט, עקסיסטירט אין דער סאָוועטישער אָרדענונג אַ פּלאַנירטע ווירטשאַפט. יעדע נאַציאָנאַליזירטע אונטערנעמונג מוז אויסאַרבעטן אויפן קומענדיקן יאָר אַ פּלאַן, וועלכער איז צעטיילט אויף צוועלף סוב־פּלענער, חדשימדיקע, און זיי דערלאַנגען צו די העכערע אינסטאַנצן צום באַשטע־טיקן. דער פּלאַן דאַרף אַרומנעמען אַלע הכנסות און הוצאות. די אונטער־נעמונג האָט נישט דאָס רעכט אויסצוגעבן געלטער, וועלכע זענען נישט

איינגעשלאָסן אין דעם באַשטעטיקטן ווירטשאַפטלעכן פּלאַן. אַלע הכנסות ווערן יעדן טאָג אַריינגעטראָגן אין באַנק. די נויטווענדיקע הוצאות — און נאָר יענע וועלכע זענען פאַרשריבן אין פּלאַן — דאַרפן געמאַכט ווערן דורך דער פאַרמיטלונג פון דער באַנק, אונטער איר אָנפירונג און קאָנטראָל. דאָס דאָזיקע ווערט אָנגערופן פינאַנצן־דיסציפּלין. די באַנק האָט געפירט אַ חודש־לעכן קאָנטראָל אין די אונטערנעמונגען וואָס אונטערליגן איר און אויב ס'זענען געמאַכט געוואָרן אומפּינקטלעכקייטן זענען זיי געוואָרן פאַרפראָ־טאָקאָלירט און איבערגעגעבן צום מלוכהשן פּראָקוראָר, און ער האָט פאַר־פירט אַ פּראָצעס קעגן דעם הויפּט־בוכהאַלטער. דער דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג האָט נישט געהאַט קיינע רעכט אין פינאַנץ־ענינים. די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר די פינאַנצן ליגט אויפן הויפּט־בוכהאַלטער, און ער שרייבט אויך אונטער אַלע וועקסלען, איבערווייזונגען, געשעפטלעכע דאָקו־מענטן, אויסער דער אונטערשריפט פונעם דירעקטאָר. אויב דער דירעק־טאָר פאַראָרדנט אַן אויסצאָלונג אָדער הוצאה, און דער הויפּט־בוכהאַלטער האַלט, אַז ער קאָן דערפאַר נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך, איז ער מחויב אָפּצוזאָגן זיין אונטערשריפט. ווען אָבער דער דירעקטאָר בלייבט ביי זיין פאַר־אָרדענונג דאַרף דער הויפּט־בוכהאַלטער אַרויספאָדערן דעם דירעקטאָר פאַר דעם מלוכה־פּראָקוראָר.

אין יעדער אונטערנעמונג האָט עקסיסטירט אַ פּלאַנירונג־ביוראָ אויף אָפּצושאַצן, רעגיסטרירן און קאָנטראָלירן די אויספירונג פון דעם ווירט־שאַפטלעכן פּלאַן. דער עלטסטער באַאַמטער אין דעם דאָזיקן ביוראָ איז געשטאַנען אויף דער זעלבער מדרגה וואָס דער הויפּט־בוכהאַלטער און הויפּט־אינזשיניער.

ווייל איך בין אָנגעקומען אויף מיין אַמט דעם 11טן דעצעמבער 1939, און דער פּלאַן פאַרן קומענדיקן יאָר האָט געדאַרפט צוגעגרייט ווערן נאָך אין יאַנואַר, האָב איך געפּרוווט — רעכענענדיק זיך מיטן פאַקט, אַז קיין פּלאַן־באַאַמטער איז נאָך נישט באַשטימט געוואָרן — צוצוגרייטן אַזאַ ווירט־שאַפטלעכן פּלאַן. די דאָזיקע אויפגאַבע איז געווען גענוג שווער, ווייל עס זענען נישט געווען קיין שטיצפּונקטן, קיין סטאַטיסטישע רשימות און וועל־כער עס איז אָנהאַלט־פּונקטן בנוגע דער טעטיקייט פון דער אונטערנעמונג

און איר פּריַערדיקער פּראָדוקציע. ווייל מיין פּלאַן האָט נושא־חן געווען, נישט געקוקט אויף די אויבנגעבראַכטע שוועריקייטן, ביי די אינסטאַנצן וואָס זע־נען געשטאַנען איבער אונדז, האָט רעוואַזאָוואַ נישט געוואָלט באַשעפטיקן קיין ספּעציעלן פּלאַן־באַאַמטן און האָט מיר איבערגעגעבן אויך די דאָזיקע אַרבעט, אַ זאַך, וואָס איז געווען אין קעגנזאַץ צום געזעץ. מיין געהאַלט האָט מיר געקלעקט אויף אַ ברייט לעבן, און עס איז געווען אַכט מאָל גרעסער ווי דער לוין פון אַ פּשוטן אַרבעטער. דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטישע דער־שיינונג אין קאָמוניסטישן לאַנד, אַז די געבילדעטע ווערן דורך דער מאַכט בעסער באַהאַנדלט אין פּרט פון געהאַלט און אַלערליי הנחות, ווי שפּייז־נאָרמעס, רייזעס, אורלויבן און דאָס גלייכן. מיינע קינדער האָבן געלערנט אין שול און אויף פאַרשיידענע ספּעציעלע קורסן און באַקומען (ווי אַלע אַנדערע שילער פון די העכערע שולן) סטיפּענדיעס פון דער מלוכה.

נאָכן נאַציאָנאַליזירן די הייזער האָט מען אויסגעמאָסטן דעם שטח פון די וווינהייזער אין שטאָט און אים צעטיילט לויט דער צאָל איינוווינער. פאַר יעדן לעמבערגער איינוווינער איז באַשטימט געוואָרן אַ וווינונג־פּלאַץ פון 14 קוואַדראַט־מעטער. דאָס דירה־געלט איז געווען אַ נידעריקס. אַלע רע־מאָנטן אין הויז און אין די צימערן זענען געמאַכט געוואָרן — אויף וויפל עס זענען געווען מאַטעריאַלן און אַרבעט־כוחות — דורך דעם וווינונגס־אַמט, און דער אַמט האָט אויך אויפגעמאָנט דאָס דירה־געלט.

מיט דער צייט האָבן אַלע איינוווינער באַקומען באַשעפטיקונג, ווער דירעקט דורכן אַרבעטס־אַמט און ווער אומדירעקט. דאָס באַקומען אַרבעט איז שווער געווען בלויז פאַר די גרויסע קאַפּיטאַליסטן, פאַר געוועזענע אייגנטימער פון פירמעס און פאַבריקן, וועלכע האָבן פריַער באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער. אָבער אויב זיי האָבן געוואָלט גרינדן אַ קאָאָפּע־ראַטיוו, האָבן זיי געקענט עקסיסטירן בכבוד און אַפילו פּראָפּיטירן. קאָאָ־פּעראַציע איז אַ ווירטשאַפטלעכער סיסטעם, וואָס ווערט אָנערקענט דורך דער סאָוועטישער אָרדענונג. די קאָאָפּעראַטיוון האָבן זיך געפונען אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָל פון דער מלוכה און זענען געווען אָפּהענגיק ביים באַקומען רוי־שטאָפן און באַשטימען דעם געהאַלט פון דער מאַכט. כמעט אַ העלפט פונעם ריינעם ריווח האָט מען געמוזט אָוועקגעבן דער מלוכה. די

פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטן, וועלכע זענען גוט באַקאַנט געווען אין זייערע שטעט, זענען אַריבערגעפאָרן אין אַנדערע ערטער, ווו מען קען זיי נישט, אָדער האָבן זיך געפּרוּווט אַדורכשמוגלען אין אַן אַנדער אַרבעטס־בראַנזשע. זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט פינאַנציעלע מעגלעכקייטן און געקענט זיך אויסהאַלטן און ווי־עס־איז איינאָרדענען. שלעכט איז געווען די לאַגע פון יענע, וועלכע האָבן זיך נישט באַצויגן מיט צוטרוי צו דער עקסיסטירנדיקער לאַגע און אויסגעקוקט, די אָרדענונג זאָל זיך ענדערן.

אין אַפּריל 1940 איז דורכגעפירט געוואָרן דאָס אָננעמען די סאָוועטישע בירגערשאַפט. דאָס איז צושטאַנדגעקומען דורך געבן אַ פּאַספּאָרט אָדער אַן אידענטיפיציר־קאַרטע יעדן אַכצן־יעריקן איינוווינער. ווער ס'האָט נישט געאַרבעט ביזן דאָזיקן דאַטום, האָבן די מאַכט־אינסטאַנצן צוגעגעבן אַ פּאַראַגראַף אין זיין פּאַספּאָרט, לויט וועלכן ס'איז אים נישט דערלויבט צו ווינען אין געוויסע שטעט. זיי זענען פאַררעכנט געווען צו די געפערלעכע פאַר דער נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג. אַזעלכע מענטשן פלעגט מען כאַפּן און אַוועקשיקן קיין סיביר, אוראַל, אָדער דרום־רוסלאַנד. רעוויזיעס און דער גירוש פלעגן געמאַכט ווערן נאָך האַלבער נאַכט, ווייל די געהיים־פּאָליציי האָט גוט געוווּסט, אַז נאָר אין די דאָזיקע שעהן וועט זי קענען געפינען די געזוכטע מענטשן. די רעוויזיעס פלעגן דערפירן צו גרויל־סצענעס. מ'האָט זיך נישט גערעכנט מיט קיין זקנים אָדער קינדער. צוליב פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבות פלעגן זיך אין די רשימות געפינען אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף אַ לעגאַלן אופן, האָבן פאַרמאָגט אָנערקענטע און אָפּיציעלע דאָקומענטן. דערפאַר האָט קיינער נישט געקענט זיין זיכער, צי ער וועט נישט ביינאַכט גענומען ווערן.

בלויז פּערזענלעכע זאַכן איז דערלויבט געווען מיטצונעמען צום טראַנספּאָרט. דאָס איבערגעבליבענע גאַנצע פאַרמעגן איז איבערגעגאַנגען צו די פינאַנץ־אינסטאַנצן וועלכע פלעגן מאַכן אַן אַלגעמיינעם אויספאַרקויף פון די זאַכן. פון דאָזיקן אויספאַרקויף פלעגן געניסן די יעניקע וואָס זענען געקומען פון רוסלאַנד, דער גרעסטער טייל אָן הלבשה און שיכוואַרג, און אַלע אָן מעבל. זיי פלעגן קויפן די זאַכן פאַר סימבאָלישע סכומים, וואָס מ'האָט אַוועקגעשיקט די פאַרשיקטע אויף זייערע פאַרשיקונגס־פלעצער. יע־

נע האָבן געקענט פאַר אָט־דעם געלט קויפן אַביסל זאַלץ, שוועבעלעך אָדער אַ זשמענקע מאַכאָרקע, געמאַכט פון די וואָרצלען און אָדערן פון טיטון־בלעטער.

דאָס פאַרשיקן מענטשן האָט שווער געטראָפן די דייטשע, עסטרייכישע און מערב־פוילישע ייִדן, וועלכע ס׳האָט זיך איינגעגעבן צו ראַטעווען זייער הויט פון די נאַציס. צוליב דעם וואָס דער נ.ק.וו.ד. איז נישט לייכט געווען צו דערוויזן די קאַפּיטאַליסטישע אָדער בורזשואַזע אָפּשטאַמונג פון די פּליטים, האָט מען זיי פאַרגעשטעלט אַלס געפערלעכע פאַר דער מלוכה אין די גרענעץ־ראַיאָנען, ווייל זיי זענען דייטש־רעדנדיקע און קומען אין קאָנטאַקט מיט די דייטשן. מען קען קיינמאָל נישט וויסן, אַזוי האָט די גע־היים־פּאָליציי מאָטיווירט איר שטעלונג — צי האָבן זיך נישט אַריינבאַקו־מען אין די רייען פון די פּליטים קיין שפּיאָנען.

ווי ס׳איז שפּעטער קלאָר געוואָרן, איז די מערהייט שפּיאָנען, קאָלאַ־באָראַנטן מיט די דייטשן געווען אוקראַיִנער, פּאָליאַקן און „אמתע״ אוקראַיִ־נער (ס׳הייסט, פון ראַטנפאַרבאַנד).

נאָך דעם ווי לעמבערג איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פאַר דער הויפּט־שטאָט פון „מערב־אוקראַיִנע״ און אוקראַיִניש איז באַשטימט געוואָרן פאַר דער אָפיציעלער שפּראַך, האָבן די אוקראַיִנער געהאַט פאַרהאַנט אין די רע־גירונגס־אַמטן. אין די מערהייט אַמט־אָפּטיילונגען איז אין דער שפּיץ גע־שטאַנען אַן אוקראַיִנער, דער עיקר פון מזרח־אוקראַיִנע. די אוקראַיִנער האָבן פאַרשטאַנען אויסצונוצן דעם יתרון, און אויך וויפל זיי האָבן פאַרמאָגט איב־טעליגענטע כוחות — האָבן זיי פאַרכאַפּט די פאַרוואַלטונג און די שליסל־פּאָזיציעס.

דער פאַקט, אַז די מערהייט מערב־אוקראַיִנער זענען נאַציאָנאַליסטן און שונאים פון די סאָוועטן, איז אויך באַקאַנט געווען די סאָוועטישע פאַר־שטייער, אָבער זיי האָבן עס פאַרשוויגן, ביז זיי האָבן זיך איבערצייגט, ביים אויסברוך פון דער מלחמה דעם 22סטן יוני 1941, אין דער פאַררעטערישקייט פון די דאָזיקע עלעמענטן. אויך אין דער אונטערנעמונג, ווו איך האָב געאַרבעט, זענען די אוקראַיִנער געווען די מערהייט אונטערנעמונגס־פירער און לייטער פון די פיליעס. נאָר אַזוי ווי ביי די אוקראַיִנער איז געווען אַ

קליינע אינטעליגענץ, זענען יעדן געשטעלט געוואָרן אויף די נישט־באַזעצ־טע פּלעצער. אויך פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן מיט־צואַרבעטן, זענען געווען צוגענומען געוואָרן.

די קאָנטראָל און השגחה מצד דער נ.ק.וו.ד. האָבן זיך באַגרענעצט צו אַנקעטעס, וועלכע מ'האָט געדאַרפט אויספילן יעדן חודש. די געפרעג־טע זענען זיכער געווען, אַז די ריכטיקייט פון זייערע ענטפערס, וועלכע זע־נען אַריינגעשריבן געוואָרן אין די אַנקעטעס, איז גענוי אויסגעפּאָרשט גע־וואָרן, אָבער ס'איז נישט אַזוי געווען. די ניע ענטפערס זענען פּשוט פאַר־גליכט געוואָרן מיט די ענטפערס, געגעבענע אויף פריערדיקע אַנקעטעס, און אויב זיי האָבן זיך געגליכט, האָט מען זיי געהאַלטן פאַר ריכטיקע. די זאַך איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ סך פון די געפרעגטע פלעגן זיך צו־גרייטן פּינקטלעכע אָפּשריפטן, און ווייל זייערע ענטפערס האָבן זיך תמיד געגליכט, האָבן זיי די מאַכט־אינסטאַנצן צורו געלאָזן. די פראַגעס זענען געווען בנוגע דעם אָפּשטאַם, דעם פאַך און די באַשעפטיקונג, בנוגע די משפחה־מיטגלידער, נאָענטע און גאָר ווייטע, בנוגע דער בילדונג און דעם אופן ווי מען האָט זי זיך איינגעשאַפן, בנוגע דעם פאַרמעגן, וועגן קרובים אין אויסלאַנד, אויף וויפל מען באַהערשט פרעמדע שפּראַכן, און צי איז דער געפרעגטער געווען אַמאָל אין אויסלאַנד, אָדער געשטאַנען אין אַ בריוו־אויסטויש מיט באַוווסטע מענטשן, און דאָס גלייכן. איך האָב אָנגעגעבן, אַז מיין טאַטע איז געווען אַ קליינער לאַנדווירט און אַז איך האָב קיינמאָל נישט באַזוכט קיין שול, און מיין גאַנצע בילדונג האָב איך זיך איינגעשאַפן בלויז אויף אַן אויטאָדידאַקטישן אופן. אַזוי האָב איך אויך מיטגעטיילט, אַז מיין שוועסטער איז אַ שניידערקע, דער ברודער אַ שוסטער און מיין שוואָ־גער אַ בלעכער. האָט דער פאָרשטייער פון אַמט אַ זאָג געטאָן צום דירעק־טאָר: „אָט דאָס איז אַ שיינע סאָציאַליסטישע פאַמיליע". פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב איבערגעלאָזט ביי זיך אַן אָפּשריפט פון די דאָזיקע ענטפערס, און זיי האָבן זיך תמיד איבערגעחזרט אין מיינע קומענדיקע אַנקעטעס.

אַ סך מיינען, אַז דאָס פאַמיליע־לעבן אין סאָוועטישן רוסלאַנד איז נישט קאָרעקט און שיידט זיך שטאַרק אונטער פון דעם בורזשואַזן פאַמי־ליע־לעבן. לויט באַקאַנטשאַפטן און פריינדלעכע באַציונגען מיט אַ סך סאָ־

וועטישע פאַמיליעס מעג איך זאָגן, אַז זיי האָבן אַ טעות. מיין דירעקטאָרין איז געווען אַ צוריקגעהאַלטענע און פיינע פרוי אויך לויט בורזשואַזע באַ־גריפן. איר פאַמיליע־לעבן איז געווען אַן אָרנטלעכס. איר קינד איז געווען איר אוצר. און אין אַ צווייטער פאַמיליע, אַ געקומענער פון רוסלאַנד, איז חוץ אַ קינד געווען אויך די מאַמע פון דער משפחה. איך בין געווען אַנט־ציקט פון זייער פאַמיליע־לעבן. די באָבע איז געווען אַ ייִדישקע, פלעגט יעדן שבת גיין אין שול און האָט נישט אָנגעטראָפן אויף קיין שום שטערונג מצד די קינדער אָדער מצד דעם איידעם (וועלכער איז געווען אַ נישט־ייִד און אַ חשובער פּאַרטיי־חבר). אין אַן אַנדער פאַמיליע זענען געווען צוויי קינדער אין שול־עלטער, און די פאַמיליע־באַציִונגען זענען געווען אידעאַ־לע. כ׳האָב געקענט אַ סך אַזעלכע פאַמיליעס, ייִדישע און נישט־ייִדישע, און אויך פון געמישטע חתונות, און קען זאָגן ערלעך, אַז זיי האָבן זיך מיט גאָרנישט אונטערגעשיידט פון אייראָפּעיִשע פאַמיליעס. קלאָר, אַז די חתו־נות און גטן זענען נישט איינגעשטעלט געוואָרן דורך רעליגיעזע און געֹ־זעצלעכע פאָרמאַליטעטן, ווי עס פירט זיך אין די בורזשואַזע קרייזן — און באַזונדערס ביי די קאַטאָליקן און ייִדן — אָבער די באַגריפן „פאַמיליע און חתונה" זענען פאַרהייליקט.

נאָך דעם ווי מיין דירעקטאָרינס מאַן — וועלכער האָט געדינט ווי אַ קאָמאַנדיר אין דער רויטער אַרמיי — איז אַריבערגעפירט געוואָרן פון לעמבערג אויף אַ צווייט אָרט, האָט רעוואַזאָוואַ באַשלאָסן מיטפאָרן מיט אים. נאָך איר פאַרלאָזן אונדזער אונטערנעמונג איז אָנגעקומען אַ נייער דירעקטאָר, אַ דניעפּראָווסקער, ער האָט געהייסן פּאָליאַקאָוו, אַ געוועזענער פּאַרטיזאַן פון דער רעוואָלוציע־צייט, אַ קלוגער מאַן, אַ 45־יעריקער, אַן אָפּשטאַמיקער פון אוקראַיִנע. פאַרשטענדלעך, אַז אויך ער איז געווען אַ פּאַרטייער. ווען רעוואַזאָוואַ האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט דער נייער דירעק־ציע, האָט זי נישט פאַרפעלט מיך צו רעקאָמענדירן אויף אַ האַרציקן אופן. אַזוי אַרום האָט מיר אָפּגעגליקט צו דערווערבן צוטרוי אויך ביים דאָזיקן שטאַרקן און דערפאַרענעם מענטשן. לויט זיין דערפאַרונג און פעיִקייט איז ער געשטאַנען העכער פון רעוואַזאָוואַן. נאָר ס׳האָט אים געפעלט יענע באַ־שיידנקייט און יענע פאַנאַטישע אָרנטלעכקייט, מיט וועלכער ס׳האָט זיך

אויסגעצייכנט די פרוי. זיין פאַמיליע־לעבן איז געווען אַ לייטישס. זיין פרוי אַ דאָקטאָרין, זיין בת־יחידה, אַ 15־יעריקע, האָט באַקומען אַ גוטע דער־ציִונג.

אונטער דער אָנפירונג פון אָט־דעם פּאָליאַקאָוו האָט זיך אונדזער אונטערנעמונג רעאָרגאַניזירט און אויסגעברייטערט. ס׳זענען געעפנט גע־וואָרן נייע פיליעס. מיין פרוי איז נאָמינירט געוואָרן פאַר אַ לייטערין פון אַ פיליע.

קעגן דעם זענען אַרויסגעטרעטן די אָרטיקע אַרבעטער, זייער אָנ־קלאַגע איז דערגאַנגען צום מלוכהשן פּראָקוראָר און צו די וויכטיקסטע מיניסטעריומס אין קיִעוו. פּאָליאַקאָוו האָט געטענהט, אַז ער טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער דאָזיקער נאָמינאַציע. ער אַליין ווילט אויס די, וואָס באַשעפטיקן זיך ביי אים, און האָט צוטרוי צו דער דאָזיקער ליי־טערין, הגם זי געפעלט נישט דעם אָדער יענעם אַרבעטער. ער האָט אַליין געפירט זיין פּאַרטיידיקונג־קאַמפּאַניע, איינגעאָרדנט אַ באַזוך פון די פּאַר־טיי־שפּיצן און דער דירעקציע אין קיִעוו און פאַרלאַנגט פון די באַזוכער אָפּצוגעבן אַ באַריכט. אַזוי האָט זיך איינגעשטילט די באַשמוצונג־קאַמ־פּאַניע, וואָס איז געווען געריכטעט קעגן מיר און מיין פרוי.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען, אַז די טעטיקייט פון די עלעמענטן פון די אַגרעסיווע נאַציאָנאַליסטן צווישן דער פּוילישער און אוקראַיִנישער באַ־פעלקערונג האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער צייט פון דער סאָוועטישער הערשאַפט אין גאַליציע. דאָס איז געשען טיילווייז מחמת פּחד, אָבער די עיקר־סיבה שטעקט אין דעם פאַקט, וואָס די דאָזיקע כוחות זענען נישט אינספּירירט געוואָרן צו אַן אַנטיסעמיטישער טעטיקייט מצד אָפיציעלע אינסטאַנצן פון דרויסן. אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, אַלע נאַציאָ־נאַליטעטן, האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער סאָוועטישער מאַכט.

איך האָב געשילדערט מיינע איבערלעבענישן און מיינע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע איינדרוקן, כדי דער לייענער זאָל קאָנען, נאָכן איבערלייע־נען מיין בוך, אונטערפירן אַ סך־הכל און אַליין פעסטשטעלן דעם אונטער־שייד צווישן די „נידעריקע אַזיאַטן” און דעם „איראָפּעיִשן אויבערמענטשן”, וועלכער האָט זיך געגרייסט צו זיין דער באַשיצער פון דער „מערב־קולטור”.

ב.

## פאָגראָמען אין לעמבערג

### (דעם 30סטן יוני 1941)

כי סבבוני כלבים, עדת מרעים הקיפוני.

וואָרום אַרומגערינגלט האָבן מיך הינט, אַ באַנדע
שלעכטסטוער האָבן מיך אַרומגענומען.

(תהלים, כ״ב, י״ז).

אין חודש יוני, יאָר 1941, האָט זיך, וואָס אַן אמת, אַרויסגעוויזן אַ דע־נערווירטקייט און אַ געוויסע פּאָליטישע געשפּאַנטקייט ביי די סאָוועטישע רעגירונגס־אינסטאַנצן, אָבער די מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן ראַטנפאַרבאַנד און דייטשלאַנד איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער באַפעלקערונג ווי אַ דונער אין אַ העלן טאָג.

אין משך פון 24 שעה איז די רוסישע באַפעלקערונג אין לעמבערג — 100.000 נפשות — אַריבערגעפירט געוואָרן קיין טיף רוסלאַנד. וויכטיקע פּערזאָנען, וועלכע זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון די סאָוועטישע רעגירונגס־אינסטאַנצן, האָבן אונדז געעצהט איבערצולאָזן אַלץ און אַנטלויפן מיט זיי. אָבער די צוגעבונדנקייט צו דער פאַמיליע און דעם פאַרמעגן איז געווען אין אונדז אַזוי פאַרוואָרצלט, אַז מיר האָבן נישט געקאָנט באַשליסן צו פאַר־לאָזן די היים און דאָס האָב־און־גוטס, די פּרוכט פון אַ סך יאָרן האָרעוואַ־ניע, און זיך לאָזן מיט ליידיקע הענט קעגן דעם נייעם און אומבאַקאַנטן. אַזוי זענען מיר געבליבן ביז דער לעצטער רגע אין אונדזער וווינונג, ביז אונדזער לאַגע איז געוואָרן שרעקלעך און אָן אַן אויסוועג. די דערוואַכונג איז געווען אכזריותדיק. די דייטשן האָבן דורכגעבראָכן די ליניעס ביים סאַן, און אין עטלעכע טעג אַרום זענען זיי שוין געשטאַנען ביי די טויערן

פון לעמבערג. די אַרישע באַפעלקערונג — און באַזונדערס די אוקראַיִנישע — האָט זיך גערן געשטעלט אין רשות פון די דייטשן. אויך די פּאָליאַקן האָבן נוטה געווען צו די דייטשן. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז אַפילו די אוקראַיִנער פון מזרח־אוקראַיִנע, וואָס זענען פריִער געווען רוסישע בירגער, צווישן זיי מיטגלידער פון דער קאָמוניטישער פּאַרטיי, וועלכע האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָסטנס פאַר דער צייט פון דער סאָוועטישער הערשאַפט, אוני־ווערסיטעט־פּראָפעסאָרן און הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, זענען געווען און האָבן זיך אַרויסגעוויזן ווי דייטשישע אַגענטן. ס'האָט זיך, פאַרשטענדלעך, אָנגעהויבן מיט העצן קעגן די ייִדן.

און כאָטש די אוקראַיִנער האָבן מיטגעאַרבעט מיט די סאָוועטן און פאַרנומען די מערהייט הויכע פּאָסטנס, זענען בלויז די ייִדן אַרויסגעשטעלט געוואָרן ווי די, וואָס האָבן באַרויבט די אוקראַיִנישע און פּוילישע באַפעל־קערונג.

און אויפן דריטן טאָג נאָכן אַריינקום פון די דייטשן זענען געמאַכט געוואָרן שוידערלעכע פּאָגראָמען. אַ דירעקטער גורם דערצו זענען געווען די תפיסות, וועלכע זענען פול געווען מיט אַרעסטאַנטן און אויפגעבראָכן געוואָרן מיט דער הילף פון באַוואָפנטע אוקראַיִנער. אין צוזאַמענשטויסן מיטן רוסישן אַריערגאַרד און מיט אָפּטיילונגען פון נקוו״ד זענען דערשאָסן געוואָרן אַ סך אַרעסטירטע אין די הויפן פון די תפיסות. זייערע קערפּערס זענען צוויי טעג נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן געוואָרן צעשטאָכן דורך דייטשישע און אוקראַיִנישע ספּעציאַליסטן און צוגעגרייט פאַר פּאָליטישע צוועקן. אַ געוויסן קשאָנדז האָט מען אויפגעטרענט דעם בויך, אַרויסגע־נומען די געדערים, און אין דעם חלל פון זיין בויך אַריינגעלייגט דאָס אי־נעווייניקסטע פון דעם בויך פון אַ טראָגעדיקער פרוי. ביי אַ סך פרויען זע־נען אָפּגעשניטן געוואָרן די בריסטן. ביי אַנדערע מתים האָט מען אויסגע־שטאָכן די אויגן, אַרויסגעשניטן די געשלעכט־גלידער און נאָך. די דאָזיקע ווילדע חיות האָבן נישט באַוויזן אין זייער איילעניש אויסצופּאָרשן די נאַ־ציאָנאַלע אָנגעהעריקייט פון די קרבנות און האָבן זיך אַזוי נוהג געווען אויך מיט אַ סך ייִדישע קערפּערס.

די דייטשן האָבן אויך דערמיט באַוויזן זייער צו שאַנד באַרימטע „אַר־

גאַניזיר־פעיִקייט", און אַן „אָפיציעלע" קאָמיסיע האָט פאַרשריבן די „אכ־זריותדיקע מעשים אויסגעפירטע דורך די ייִדן". די אַרישע באַפעלקערונג איז געצוווּנגען געוואָרן צו קומען און באַטראַכטן די קרבנות. ס'איז גע־בראַכט געוואָרן אַן „אינטערנאַציאָנאַלע" דעלעגאַציע פון זשורנאַליסטן, וואָס זייער אינטערנאַציאָנאַליסטישקייט איז געקומען צום אויסדרוק דערין, וואָס זיי זענען געווען זין פון פעלקער, וועלכע האָבן געקעמפט אויף דער זייט פון די דייטשן — און זיי האָבן באַדאַרפט פאָטאָגראַפירן די גרויל־סצענע און אויסנוצן פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן. די אויפרודערונג צווישן דער באַפעלקערונג איז געווען אַ גרויסע. ס'זענען פאַרשפּרייט געוואָרן לאָ־זונגען און אויפרופן פון די אַריער: „די ייִדן האָבן אָפּגעטאָן די דאָזיקע סאַ־דיסטישע אומוועדדיקייטן", „נעמט נקמה פון די ייִדן!". אַלט און יונג האָבן זיך איילִיק אַ לאָז־געטאָן אין גאַס אַרויס. די אָנפירער זענען געווען סטו־דענטן, וועלכע האָבן געמאָרדעט זייערע ייִדישע קאָלעגן אין די מיטל־און הויכשולן; הייזער־סטרוזשעס, וועלכע האָבן פריִער געדינט אין דער סאָ־וועטישער געהיים־פּאָליציי, זענען איצט געלאָפן זיך אונטערחנפענען דער געסטאַפּאָ און יעדן אויסוואורף פון דעם מענטשלעכן מין. דער פּעבל האָט אַרויסגעטריבן די ייִדן האַלב־נאַקעטע פון זייערע וווינונגען, געשלעפּט אי־בער די גאַסן און געשלאָגן ביז צום טויט מיט אייזערנע שטאַנגען, מיט גראָבאייזנס און אַנדערע מכשירים. פרויען זענען געוואָרן אויסגעטאָן נאַקעט און געפּייניקט. אויף אַזאַ אופן זענען מער פון 2.000 פאַרשלעפּט געוואָרן אין די תפיסות, ווו מ'האָט זיי — נאָך ווייטערדיקע אכזריותדיקע מעשים — געצוווּנגען אויסצוגראָבן פאַר זיך קברים. מ'האָט זיי געצוווּנגען צו וואַשן די מתים און רייניקן מיט די הענט דעם הויף, וואָס איז געווען באַ־שמוציקט מיט בלוט. דערנאָך זענען זיי געשאָסן און געהרגעט געוואָרן דורך קלעפּ, און די אוקראַיִנער האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אין די גריבער. צווישן די דאָזיקע פּאָגראָם־קרבנות איז אויך געווען דער לעמבערגער הויפּט־רב, ד"ר יחזקאל לעווין, וועלכער האָט זיך געאײַלט מיט אַ דעלעגאַציע פון השובע ייִדן (וואָס אויך די אוקראַיִנער האָבן זיי געשעצט) צום מעטראָפּאָ־ליט שעפּטיצקי, אין דעם יוראַ־שלאָס, צו בעטן זיין אינטערווענץ און הילף. דער מעטראָפּאָליט האָט גאָרנישט אונטערגענומען, אָבער געעצהט דעם רב

לעווין איבערצוואַרטן ביי אים אין שטוב, ביז דער גרויל וועט אַריבער. פול מיט אַנטוישונג האָט ד״ר לעווין פאַרלאָזט דעם שלאָס און איז אַ שטיקל צייט שפּעטער געשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן. איניקע פון דער דעלעגאַציע, געראַטעוועטע בדרך נס, האָבן דערציילט, אַז דער רב האָט געבעטן צוואַרטן עטלעכע מינוט כדי אָפּצוזאָגן זיין לעצטע תפילה.

ווייזט אויס, אַז דער מעטראָפּאָליט האָט געהאַט געוויסנפּיין און אַרייגגענומען צו זיך דעם רבס 14־יעריקן זון און אים אויסבאַהאַלטן, ביז ער האָט געקאָנט עולה זיין קיין ארץ־ישראל (ער איז היינט אַ מאַן פון אַ הויכן ראַנג אין צה״ל).

ווען איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם מצב, וואָס האָט זיך געשאַפן פאַר די פּאָגראָמען, האָב איך זיך שטילערהייט אַרויסבאַקומען פון מיין וווינונג און אַוועקגעלאָזן מיט הינטערוועגן צו דער פאָרשטאָט וואָס הייסט באָגדאַנאָווקע. דאָרט האָט געוווינט מיין ווייבס אַ פעטער, אַן אַנטלאָפענער פון האַמבורג. איך האָב געהאָפט איבערצוואַרטן דאָרט די־אָ אימהדיקע שעהן אָדער טעג. ס׳זענען אָבער נישט אַריבער קיין עטלעכע שעה אין מיין דאָזיקן באַהעלטעניש, ווי ס׳איז אַריין מיין 70־יעריקער פעטער, איינגאַנצן אַ פאַרגאָסענער מיט בלוט. ער איז געווען צווישן די קרבנות און ניצול געוואָרן בלויז צוליב זיין דייטשישער אידענטיטעט־קאַרטע (אַרויסגעגעבן אין האַמבורג).

די באַלעבאַטים פון דעם הויז זענען געווען פּאָליאַקן, און זייער זון אַ סטודענט. ווען ער האָט מיך באַמערקט, האָט ער געפאָדערט פון מיין פעטער, ער זאָל מיר הייסן גיין. ביזן היינטיקן טאָג שטייט מיר פאַרן גייסטיקן בליק דאָס אַלטע פּאָרל, דער גוטער פעטער און די געליבטע מומע, מיט טרערן אין זייערע אויגן, בעת איך האָב געמוזט זיך אָפּטראָגן, און זיי האָבן מיר נישט געקאָנט העלפן. זיי זענען ביידע אומגעבראַכט געוואָרן שפּעטער, בעת די גרויסע אַקציעס. כ׳בין געגאַנגען דורך די פעלדער אויסער דער שטאָט, כדי זיך נישט אָנצוטרעפן מיטן אויפגעברויזטן פעבל. אין שטאָטגאָרטן „קילינסקי״ האָב איך אָנגעטראָפן אַ סך גרופּעס אוקראַינישע רויבער און לאָבוזעס, וועלכע זענען פאַרבעטן געוואָרן פון די דערפער אין דער סביבה אויפן דאָזיקן אין בלוט איינגעשמירטן „יום־טוב־טאָג״. זיי

האָבן זיך אומגעקערט מיט די אוצרות וואָס זיי האָבן אַוועקגערויבט. אין פאַרצווייפלונג און ציטערניש האָב איך געבלאָנדזשעט איבער אַ סך שטעגן ביז דער אָוונט איז צוגעפאַלן. איך האָב זיך געפרעגט, וואָס איז אינצווישנ־צייט געשען מיט מיין פאַמיליע.

ווען כ׳האָב ענדלעך געעפנט די טיר פון מיין שטוב, האָט מיך באַגריסט די הויזדינערין, וועלכע האָט מיך געקענט נאָך פון פאַר דער מלחמה און איז געווען אַן אָפיציעלע אַגענטין פון דער נקוו״ד, מיטן אויסרוף: „אָט איז געקומען איינער פון די קאָמוניסטישע מערדער, וועלכע האָבן געמאָרדעט אונדזערע ברידער אין די תפיסות״. די דאָזיקע פרוי האָט נישט דערלאָזט קיין שום פויער צו פאַרקויפן אַ ייִדן — אַפילו נישט פאַר אַ סך געלט צי צירונג — קיין עסנוואַרג אָדער מילך פאַר די קינדער. זי פלעגט שרייען אויף אַזעלכע פויערים: „שעמט איך אָנצוהאָדעווען די מערדער פון אייערע ברידער!״.

אין דער היים האָב איך געטראָפן מיין פרוי און מיין טאָכטער גאַנצע און געזונטע, אָבער איבערגעשראָקענע ביז צום טויט. פון מיין זון, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן ביי אַ שול־קאָלעגע, האָבן מיר נישט באַקומען קיין שום ידיעה.

די נאַכט איז אַריבער פאַמעלעך, פול מיט פחדים און שרעק.

מ׳האָט דערציילט, אַז די דייטשן און אוקראַינער זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז און האָבן אַרויסגעפירט אַלע יונגעלייט צו שיסן. מיר זענען געווען זיכער, אַז אונדזער זון איז געכאַפּט און דערמאָרדעט געוואָרן, אָבער דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט, און ער איז נישט אַנטדעקט געוואָרן.

ג.

# יידישע „אויטאָנאָמיע״

## (דעם 1טן יולי ביזן 8טן אויגוסט 1942)

כי שמעתי דבת רבים מגור מסביב, בהוסדם יחד עלי,
לקחת נפשי זממו. יחלקו בגדי להם,
ועל לבושי יפילו גורל.

וואָרום איך האָב געהערט דאָס גערייד פון פיל —
אַ שרעק רונד אַרום; אַז זיי עצהן זיך מיט אַנאַנדער אויף מיר,
טראַכטן זיי מיין לעבן צו נעמען. זיי צעטיילן מיינע בגדים
צווישן זיך, און אויף מיין מלבוש וואַרפן זיי גורל.

(תהלים, ל״א, י״ד; כ״ב, י״ט).

די טעג נאָך די פּאָגראָמען זענען פול געווען מיט פּחד און גרויל. קיי־נער האָט זיך נישט דערוועגט צו ווייזן אין גאַס. יענע אוקראַינער וועלכע האָבן געדינט אין דער פּאָליציי אין דער צייט פון דער סאָוועטישער הערשאַפט, זענען צוגעשטאַנען צו דער פּאָליציי־הילפדינסט, וואָס איז ווער־בירט געוואָרן דורך די דייטשן. זייער אויפגאַבע איז געווען אַרויסצושלעפּן די ייִדן פון זייערע וווינונגען אויף אַרבעט כלומרשט, אָבער פּאַקטיש זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון זייערע פּייניקער און מערדער. ייִדן האָבן נישט געקאָנט באַקומען קיין לעבנסמיטל. די פּויערים, וועלכע האָבן פאַר־קויפט שפּייז פאַר הויכע פּרייזן, אָדער מעבל און טייערע זאַכן — פלעגן צעשלאָגן ווערן דורך דעם פּעבל און דער פּאָליציי. די דאָזיקע פּויערים זע־נען געוואָרן אָנגעשראָקן און אַרויסגעטריבן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַריין דאָס דייטשישע מיליטער און מיט אים די ציווילע פּאַרוואַלטונג. גאַליציע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַ

דיסטריקט אין דעם „גענעראַל־גוווערנעמענט". לעמבערג איז נאָמינירט געוואָרן פאַר דער הויפּטשטאָט פון דעם דיסטריקט אונטער דער אַדמיניס־טראַציע פון דעם בריגאַדע־גענעראַל פון דער ס"ס, קאַצמאַן. אַלס זיין גע־הילף האָט געדינט סייס־אינקוואַרט, אַ פלימעניק פון געוועזענעם עסטרייכישן מיניסטער. נאָך דער דאָזיקער נאָמינאַציע האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ גיהנום פאַר די ייִדן. ייִדישע דירות זענען צוגענומען געוואָרן, מעבל איז קאָנפיסקירט געוואָרן. מ'האָט נישט געטאָרט אַרויסנעמען קיין שום זאַך פון אַ צוגענומענער דירה.

דעם 15טן יולי 1941 איז איינגעפירט געוואָרן דער שאַנדצייכן. אין אָנהייב האָט מען אים געטראָגן מיט אַ פאַרשעמט פּנים, אונטער דעם אויבערשטן מאַנטל. נאָר ווען עטלעכע ייִדן זענען געכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן פאַר דעם פאַרבערעכן פון פאַרדעקן דעם צייכן, האָט שוין קיין ייִד זיך נישט איינגעשטעלט אַרויסצוגיין אין גאַס אָן אים.

די אויבנדערמאָנטע פירער פון ס"ס האָבן זיך פאַרגענומען צו ליק־ווידירן די ייִדישע באַפעלקערונג סיסטעמאַטיש און אויף אַ גרינטלעכן אופן. זיי האָבן אויסגעפירט די דאָזיקע אויפגאַבע געטריי און באַוויזן זייער באַרימטע דייטשישע אָרגאַניזיר־פעיִקייט. כדי אומצוברענגען די ייִדן, האָט מען זיי געדאַרפט פריִער כאַפּן. כדי זיי צו כאַפּן, האָט מען זיי געדאַרפט פריִער אָפּזונדערן אויף אַן ענגן שטח. צו דער דאָזיקער אַרבעט וואָלט מען געוועזן געדאַרפט איינשפּאַנען טויזנטער באַוואָפנטע דייטשן. דער גענעראַל קאַצמאַן האָט עס געמאַכט פאַר אַ סך ביליקער. ער האָט זיך אַרויסגעהאָלפן מיט אוקראַיִנער באַוואָפנטע און ייִדן — אומבאַוואָפנטע. ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ „ייִדישע אויטאָנאָמיע" אין לעמבערג. ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ יודענראַט, משטיינס־געזאָגט, און אין זיין שפּיץ דער יודען־עלטסטער ד"ר פּרנס. דער דאָזיקער ראַט האָט געדאַרפט גלייך שאַפן אַן אַרבעטס־אַמט, אַ וווינונגס־אַמט און אַ פּאָליציי וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „ייִדישע אָרדענונגס־דינסט". די אויפגאַבע פון די דאָזיקע אָרגאַנען איז געווען צו באַרויבן דאָס ייִדישע האָב־און־גוטס, אַרויסצוטרייבן די ייִדן פון זייערע וווינונגען און אַריינטרייבן אין געטאָ, פון וועלכע ס'וועט לייכט זיין זיי אַריבערצופירן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און גאַזקאַמערן. די

פאַראָרדענונגען פון די ס״ס זענען איבערגעגעבן געוואָרן דורך אַ פּאָר־בינדלער דעם יודענראַט און יענער האָט אויסגעפירט מיט דער הילף פון די אויבנדערמאָנטע אָרגאַנען יעדע פאָדערונג פון די בלוטזויגער.

די ערשטע אויפגאַבע פונעם יודענראַט איז געווען אַרויסצופּרעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג אַ קאָנטריבוציע אין סכום פון 20 מיליאָן זלאָטעס. 800 חשובע יידן זענען אַרעסטירט געוואָרן ווי ערובניקעס, ביז די קאָנטריבוציע וועט איינגעצאָלט ווערן. נישט געקוקט דערויף, וואָס די געפאָדערטע סומע איז איינגעצאָלט געוואָרן צו דער צייט דורך פאַרקויפן צירונג, פוטערס, אַנצוגן און אַנדערע ווערטפולע זאַכן, זענען די ערובניקעס נישט באַפרייט געוואָרן. אַ טייל פון זיי איז אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן אין אַ דייטשישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, אַ צווייטער טייל איז קאָנצענטרירט געוואָרן אין דאָרף סאָקאָלניקי, לעבן לעמבערג. די דאָזיקע יידן זענען געצוווּנגען געוואָרן צו קריכן אין בלאָטע ביז די לענדן און אַרויסגראָבן דעם טאָרף וואָס געפינט זיך דאָרט. נאָך דער דאָזיקער עבודת־פּרך, אָן דערנערונג אינגאַנצן, אָדער באַקומענדיק אַ קאַרג שטיקל ברויט און אַ ביסל וואַסער, אָן וועש און אָן שיך — זענען זיי געצוווּנגען געוואָרן צו מאַכן אַ לאַנגע צייט גימנאַסטישע איבונגען אונטער דער אויפזיכט פון דער אוקראַאינישער פּאָליציי. איינע פון די איבונגען איז געווען דאָס אַריינשפּרינגען אין די בלאָטע־גריבער וואָס האָבן זיך געשאַפן בעתן אויסגראָבן דעם טאָרף. און בעת־מעשה זענען זיי געשלאָגן געוואָרן דורך די אויפזעער מיט זייערע בייטשן ביז צום טויט. פון די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט בלויז איינער אָדער צוויי, און אַלע איבעריקע זענען אויסגעשטאָרבן.

אַ דריטער טייל פון די דאָזיקע ערובניקעס, וועלכער איז באַשטאַנען דורכויס פון אינטעליגענטן, איז אַריינגעפירט געוואָרן אין גימנאַסטיק־זאַל פון אַ שול, ווו מען האָט זיי איבערגעלאָזן 48 שעה אונטער אַ שטרענגער וואַך, אָן שפּייז און וואַסער, אָן אַ מעגלעכקייט זיך אָנידערצוזעצן און אָן אַן אָרט פאַר מענטשלעכע באַדערפעניש. דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַ דעלעגאַציע פון יונגע ס״ס־אָפיצערן, שטאַלטנע און אָפּגעפּרעסנע, באַוואָפנטע מיט רעוואָלווערן און שפּיצרוטן. דערזעענדיג אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן פאַרשמוציקט דעם זאַל, האָבן זיי גענומען שרייען: „איר ווילט הייסן אינ־

טעליגענטן? שמוציקער און ברודיקער ייִדישער פּעבל! אַזוי פירט זיך אויף אינטעליגענץ?!" און גלייך גענומען שלאָגן דעם צונויפגעדרענגטן עולם, וואָס איז אין דער מערהייט געהרגעט געוואָרן פון די קלעפּ, און בלויז אַ קליינער טייל, וואָס איז געבליבן לעבן, איז דערנאָך דערמאָרדעט געוואָרן מיט רעוואָלווערן. די דאָזיקע קרבנות זענען שפּעטער געוואָרן געבראַכט צום זאַמד־באַרג ביים עק ליטשאַקאָווסקאַ־גאַס און דאָרט באַגראָבן, די טויטע צוזאַמען מיט די וואָס גוססן נאָך.

דער שאַנדצייכן אויפן אַרבל האָט עדות געזאָגט וועגן דעם ייִדישן אָפּשטאַם און אויסגעשטעלט זיינע טרעגער אויף הפקר פון דעם פּעבלס מוטוויליקייט. ייִדן זענען געשטעלט געוואָרן מחוצן געזעץ, זייער בלוט איז הפקר געוואָרן, און יעדער אוקראַיִנישער אָדער פּוילישער באַנדיט האָט זיי געמעגט שלאָגן און באַרויבן, און איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַרן געריכט. די ייִדן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זייערע וווינונגען און נישט דערוועגט אַרויסצוגיין אין גאַס. געציילטע דרייסטע מענטשן, דער עיקר ווייבלעך און מיידלעך, פלעגן זיך דערוועגן אַרויסצוגיין אין גאַס אָן דעם שאַנדצייכן, כדי צו מאַכן נייטיקע איינקויפן אָדער דערליידיקן ענינים וועל־כע מ׳קאָן נישט אָפּלייגן. די מערהייט איז געוואָרן דערקענט דורך די אוקראַיִ־נער אָדער פּאָליאַקן, אַרעסטירט אָדער גלייך איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ. אָט די פלעגן געבראַכט ווערן אין דער תפיסה אויף לאָנטשקי־גאַס, ווו זיי פלעגן געפּייניקט ווערן טעג און וואָכן, ביז זיי האָבן געפונען זייער טויט אויפן זאַמד־באַרג.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך ווידער געמאַכט אַ געלעגנהייט צו כאַפּן מאַסן ייִדן און זיי פאַרפּייניקן צום טויט. דאָס איז געווען דער יאָר־צייט־טאָג פון דעם אוקראַיִנישן העטמאַן פּעטליורא, דעם צו־שאַנד באַרימטן אָרגאַניזאַטאָר פון פּאָגראָמען, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן אין פּאַריז דורך דעם ייִד שוואַרצבאַרט. דעם דאָזיקן טאָג האָבן די דייטשן אויסגענוצט אויף צו העצן די אוקראַיִנער קעגן די ייִדן און צו מאַכן מאַסן־שחיטות. אַ סך טויזנטער ייִדן זענען געוואָרן געכאַפּט אין די גאַסן אָדער אַרויסגע־נומען פון זייערע באַהעלטענישן אין די הייזער, געפּייניקט, געשלאָגן ביז

בלוט און דורך דער תפיסה אויף לאַנטשקי־גאַס אַוועקגעפירט צום זאַמד־באַרג.

דער דאָזיקער צושטאַנד פון תוהו־ובוהו האָט נישט פאַרשאַפט קיין נחת דעם אָפּיציר קאַצמאַן, דעם ליבהאָבער פון אָרדענונג. די פאַבריקן זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן. די אוקראַינער און די פּאָליאַקן האָבן זיך נישט אַריענ־טירט אין יענע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען ביז היינט געפירט געוואָרן דורך ייִדן, און האָבן נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען ווי זיך צוזאַמענרעדן מיט די דייטשן. דעריבער האָט דער דאָזיקער קאַלטבלוטיקער מערדער באַשלאָסן אויסצופירן די ייִדישע פאַרטיליקונג נישט אויף אַ כאַאָטישן אופן, נאָר אַריינצוברענגען אַ סיסטעם און „קולטור" אין דעם פּראָצעס פון דער ליק־ווידאַציע. יעדער ייִד און ייִדישקע איז פאַרפּליכטעט געוואָרן צו אַרבעטן. ווער ס'האָט נישט געקאָנט באַווייזן קיין אַרבעט־באַשטעטיקונג, איז גע־וואָרן געכאַפּט און אַוועקגעשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. די זוכונגען האָבן געמאַכט די ייִדן גופא מיט דער הילף פון דעם ייִדישן אַרבעטס־אַמט און די ייִדישע פּאָליציאַנטן. צו דעם צוועק איז אויף דער יאַנאָווסקי־גאַס אויפגעבויט געוואָרן אַ ריזיקער קאָנצענטראַציע־לאַגער. אויף דעם אַר־בעט־אַמט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע אַריינצוברענגען טאָג־טעגלעך אַ באַשטימטע צאָל קרבנות. און ווייל אין דאָזיקן לאַגער זענען הונ־דערטער מענטשן דערשאָסן, געהאָנגען, דערשטיקט און אין זודיקער וואַסער אָפּגעקאָכט געוואָרן, האָבן די לייט פון דעם אַמט געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט, צו ברענגען נייע מענטשן אָנשטאָט די פעלנדיקע. אַזוי איז אויך געווען די אויפגאַבע פון דעם אַרבעטס־אַמט השגחה צו האָבן אויף די אונ־טערנעמונגען, ווו ייִדן זענען באַשעפטיקט, און אַכטונג געבן, אַז די צאָל ייִדישע אָנגעשטעלטע זאָל פאַרקלענערט ווערן און אויף זייער אָרט זאָלן באַקומען באַשעפטיקונג אַריער. די ייִדן וועלכע זענען אָפּגעזאָגט געוואָרן האָט מען אָפּגעטראַנספּאָרטירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער.

די אונטערנעמונגען זענען געטיילט געוואָרן אויף „קריגס־וויכטיקע" און „נישט־קריגס־וויכטיקע". ווער ס'האָט נישט געאַרבעט אין אַ קריגס־וויכ־טיקער אונטערנעמונג, איז עלול געווען געכאַפּט און אַוועקגעשיקט צו ווערן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. די קריגס־וויכטיקע אונטערנעמונגען האָבן

אַרויסגעגעבן די אַרבעטער ספּעציעלע שיינען, אין וועלכע ס'איז באַצייכנט געוואָרן די קריגס־וויכטיקייט דורך אַ קיילעכיקן זיגל, מיט אַ האַקנקרייץ אינדערמיט. די דירעקטאָרן פון די אונטערנעמונגען האָבן באַקומען אַ קוואַל פון היפּשע הכנסות, ווייל זיי האָבן פאַר אַזעלכע שיינען גענומען גרויסע סכומים. איז דעריבער, נישט נאָר וואָס די יידן האָבן געאַרבעט ביי זיי אומזיסט, אָן געלט, און זיי, די דירעקטאָרן, האָבן אַראָפּגעלאָזט זייער לוין אין די אייגענע קעשענעס, נאָר ס'איז נאָך ביי זיי צוגערויבט געוואָרן יעדע ווערטפולע זאַך וואָס האָט זיך נאָך ביי זיי געפונען. מיט דער צייט פלעגן די שיינען דאַרפן אונטערגעשריבן ווערן דורך די מיליטערישע אַמטן, דעם אַרבעט־אַמט, און דערנאָך אויך דורך די פירער פון דער ס"ס.

דער איבערגאַנג פון איין שיין־פאָרעם אויף אַ צווייטער פלעגט קאָסטן טויזנטער קרבנות, ווייל אין די דאָזיקע צווישנצייטן פלעגן געכאַפּט ווערן אַ סך יידן, אויך אַזעלכע וואָס האָבן געאַרבעט אין קריגס־וויכטיקע אונטערנעמונגען, און דערמאָרדעט ווערן אויפן אָרט, אָדער אויף אַן אומוועג אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אין דער אונטערנעמונג, וווּ איך בין געווען באַשעפטיקט, איז דורך די דייטשן נאָמינירט געוואָרן פאַר דעם אַדמיניסטראַטיוון פאַרוואַלטער איינער אַן אוקראַינער מיטן נאָמען פּאָלינסקי, אַ געוועזענער אַרבעטער. דער דאָזיקער מענטש האָט דערגרייכט צום ראַנג פון אַ פאָרשטייער פון די קאָמוניסטישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין לעמבערג אין דער צייט פון די סאָוועטן, אַ דאַנק זיינע פייערדיקע קאָמוניסטישע רעדעס. פּאָלינסקי האָט אָנגעזאַמלט, אַ דאַנק זיין „פריינדלעכע" באַציִונג צו די יידן אַ גרויס פאַרמעגן. ער האָט געהאַט אַ „חברטע", אַ שיינע יידישקע, און „איז אַריבער וווינען" אין אַ רחבותדיקער יידישער וווינונג אין דער הויפּטגאַס. ער האָט געהאַט דאָס מאָדערנסטע מעבל. זיינע אַנצוגן, שיך, שטיוול, פוטערס און אַלע איבעריקע קליידער פלעגט ער טוישן יעדן טאָג. ער פלעגט תמיד קויפן אויסלענדישע וואַלוטע, ווי דאָלאַרן, פונטן, גאָלד, בריליאַנטן און אַנדערע ווערטפולע זאַכן.

דער אַרבעטס־אַמט פלעגט זיך אויך פאַרנעמען מיט „קליינער" אַרבעט, ווי כאַפּן יידן כדי זיי צו טראַנספּאָרטירן אין די גאַז־קאַמערן, אַרבעט־

לאַגערן און צו שמוציקע און געפערלעכע אַרבעטן. די אויפגאַבע פון דעם וווינונג־אַמט איז געווען צוזאַמענצוקוועטשן די אַרויסגעטריבענע ייִדן אין ענגע מקומות, פאַרביטערן זיי דאָס לעבן און צוצוגרייטן צו דער באַהאַנד־לונג פון דער געסטאַפּאָ.

אַן אַרבעט פון תלינים און טיראַנען איז איבערגעגעבן געוואָרן דער ייִדישער „אָרדענונגס־דינסט". די דאָזיקע מענטשן האָבן געטראָגן פּאָלי־צייִישע היטלען און אָרעמבענדער און זענען געווען ווי אַ געשפּענסט אין די אויגן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. די דאָזיקע ייִדישע מוסרים, צווישן וועלכע ס'זענען אויך געווען „אָפּיצירן", זענען ווערבירט געוואָרן פון דעם אָפּפאַל פון דער ייִדישער געזעלשאַפט, און האָבן עקספּלואַטירט די נויט פון דער באַפעלקערונג, געמאַכט אַ גוט לעבן און אָנגעזאַמלט פאַר־מעגנס. זיי האָבן געגלייבט, אַז אָט די אכזריות זייערע לגבי די זין פון זייער פאָלק וועט זיי תמיד ביישטיין. אָבער זיי האָבן אַ גרויסן טעות געהאַט. בלויז ווייניקע פון זיי זענען לעבן געבליבן. אייניקע פון די דאָזיקע „קאָ־מענדאַנטן" האָבן זיך אויפגעפירט ממש ווי אמתע ס"ס־אָפּיצירן. דער אינס־טינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג האָט די דאָזיקע לייט פאַרוואַנדלט אין מענטשן אָן געוויסן, און זיי האָבן איבערגעגעבן ייִדן אין די הענט פון זייערע תלינים, אָן אַ מינדעסטן חאַרצציטער, אין דער האָפענונג צו ראַ־טעווען זייער אייגן לעבן. זיי האָבן אויסגענאָגט פון זייערע קרבנות אַלץ נאָר וואָס מעגלעך און געלעבט אַ פאַרשווענדעריש לעבן. זייער אויפגאַבע איז געווען צו זוכן מענטשן אין די גאַסן, כדי זיי אַוועקצושיקן אין די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן, צו מאַכן רעוויזיעס אויך אין די הייזער, צו רעקווי־זירן האָב־און־גוטס און איבערגעבן די קרבנות צו די מערדער.

דער יודענראַט האָט געהאַט די אויפגאַבע צוצושטעלן אין די קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן קליידונג און שפּייז.

אויסער דער דאָזיקער אָרגאַניזירטער טעטיקייט אין דער ראַם פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע, האָבן נאָך פּאַסירט טאָג־טעגלעך אומצייליקע געשעענישן, בעת וועלכע ס'זענען צעבראָכן געוואָרן ייִדישע קעפּ אָדער ריפּן דורך דעם קאָפּען מיט די פיס פון סאָלדאַטן, אוקראַיִנישע פּאָליציי־לייט אָדער די פּוילישע געסטאַפּאָ־אַגענטן. די דאָזיקע עלעמענטן פלעגן

נאַכט־נעכטלעך זיך אַריינרייסן אין ייִדישע דירות, שלאָגן זייערע איינוווי־נער מכּת־רצח און צורויבן יעדע ווערטפולע זאַך. אין די מיינסטע פאַלן איז דאָס געווען די פּוילישע געהיים־פּאָליציי די אָרגאַניזאַטאָרין און אָנ־פירערין פון די דאָזיקע אינדיווידועלע אַקציעס.

מיין ברודער איז גענומען געוואָרן דורך אַ גרופּע ס״ס־לייט אויף „צייט־ווייליקער" אַרבעט אין די רייטער־קאַזאַרמעס אויף ליטשאַקאָווסקאָ־גאַס. דאָרט האָט ער געדאַרפט, צוזאַמען מיט 30 ייִדן, אָפּלאַדעווען זייער שווערע זעק צעמענט און זיי ברענגען, לויפנדיק אַ מרחק פון 200 מעטער. פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען ס״ס־לייט מיט אייזערנע שטאַנגען און שפּיצרוטן און האָבן געשלאָגן איבער די רוקנס, קעפּ און פּנימער. אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע יונגעלייט האָבן זיך שוין נישט אומגעקערט אַהיים. מיין ברודער איז צוריקגעקומען מיט אַ צעשפּאָלטענעם שאַרבן און מיט אַ צעקאַליע־טשעט פּנים, אַז ס'איז נישט מעגלעך געווען אים צו דערקענען.

איך האָב ווייטער געאַרבעט אין יענער אונטערנעמונג, וואָס איז אָנער־קענט געוואָרן פאַר אַ „וויכטיקע", אָבער נישט אַלס הויפּט־בוכהאַלטער. אַ לאַנגע צייט האָט דער דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג, פּאָלינסקי, געגעבן אָנצוהערן, אַז די אוקראַיִנישע און פּוילישע אַרבעטער פאָדערן מען זאָל מיך אָפּזאָגן. איינער אַ רוס פון כאַרקאָוו, וועלכער האָט פאַר דער צייט פון די סאָוועטן געאַרבעט ווי אַן אַקטיוויסט אויפן געביט פון קולטור אין לעמבערג (ער האָט דעמאָלט געדאַרפט לייענען פאַר די אַרבעטער בעת די פּויזעס אויף דער אַרבעט און אין די פּאַרנאַכט־שעהן קאַפּיטלען פון דער געשיכטע פונעם קאָמוניזם, פאַראָרדענונגען פון די אינסטאַנצן, די קאָנס־טיטוציע פון ראַטנפאַרבאַנד און אַזוי ווייטער און זיי דערציִען פאַר אָרנט־לעכע און געטרייע סאָוועטישע בירגער), איז באַשטימט געוואָרן אויף מיין אָרט פאַרן הויפּט־בוכהאַלטער. דער דאָזיקער מענטש האָט קיין באַגריף נישט געהאַט אין בוכפירונג און אין ביוראָ־אַרבעט בכלל, אָבער אָט דאָס וויסן איז אים נישט נייטיק געווען, ווייל אַזעלכע אַרבעטן זענען אויך ווייטער געמאַכט געוואָרן דורך עטלעכע ייִדן. ער איז געווען דער אַרישער פאָרשטייער, משטיינס־געזאָגט, פון דעם ביוראָ.

ס'איז געווען מאָדנע צוצוזען ווי פּיין די דייטשן, אוקראַיִנער און פּאָ־

ליאַקן האָבן זיך באַצויגן צו די סאָוועטישע בירגער, וועלכע זענען פאַר־בליבן אויפן אָרט — אַפילו אויב זיי זענען געווען באַוווסטע פּאַרטייער און אַקטיווע קאָמוניסטישע פירער, אַבי נאָר זיי האָבן זיי צוגעהאָלפן ביים אומ־ברענגען די ייִדן. דאַקעגן האָט מען גערופן די ייִדן — און צווישן זיי יענע וואָס זייער שטעלונג צוליב זייער קאַפּיטאַל און סאָציאַלער לאַגע איז געווען אַן אַנטי־סאָוועטישע (אייגנטימער פון פאַבריקן, גוטבאַזיצער אאַז״וו) — קאָמוניסטן.

איינער אַן אוקראַיִנישער באַלעגאָלע, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער אונטערנעמונג, מיטן נאָמען סמאהא, און אַ געוועזענער פוילישער קצב, מיטן נאָמען שטשערבאַ, וועלכער האָט אויך דאַן געאַרבעט אין דער אונ־טערנעמונג, האָבן זיך געווענדט צו מיר מיט אַ טענה, אַז איך סאַבאָטיר דערמיט וואָס איך זאָג נישט אויס זיי און זייערע חברים דעם סוד וואָס מיט זיין הילף פיר איך די בוכפירונג און אַלע חשבונות פון דער אונטער־נעמונג. „די דייטשן קוקן נישט גוט אויף די ייִדישע באַאַמטע, און אַט די גאַנצע שפּיל מיט אומפאַרבייטלעכקייט פון די ייִדן דאַרף אויפהערן", האָבן זיי דערקלערט. אויף מיין אויפקלערונג, אַז בוכפירונג איז אַ פאַך וואָס פאָ־דערט אינטעליגענץ, האָט מען מיר געענטפערט, אַז דאָס איז אַ ייִדישער אויסדריי. אָבער איך האָב ווייטער פאַרנומען מיין אַמט, ווייל ס׳איז באמת נישט מעגלעך געווען אָן מיר, און דערצו פלעג איך נאָך יעדן טאָג אונטער־קויפן דעם דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג.

די אַרבעט מיט די אַרישע באַאַמטע און אַרבעטער, די אַלטע און די נייע, וועלכע האָבן געהאַלטן אין כסדרדיקן צוקומען, איז דורכויס געווען אַן אומאָנגענעמע, און צייטנווייז אויך אַ געפערלעכע. כ׳וועל ברענגען עט־לעכע ביישפּילן: די פּאָליאַקן און אוקראַיִנער איז יעדן חודש צוגעטיילט געוואָרן פּאַפּיראָסן, די ייִדן אָבער נישט. ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין אַרישער אַרבעטער אָדער באַאַמטער (אויך נישט צווישן די אַמאָליקע גוטע פריינד, מ׳שטיינס־געזאָגט), וועלכער זאָל מכבד זיין אַ ייִדישן אַרבעטס־קאָלעגע מיט אַ פּאַפּיראָס.

אַ דירעקטאָר פון אַ צווייטער אונטערנעמונג איז געווען אַ פּאָליאַק, מיטן נאָמען קאָצולאַ. דער דאָזיקער פאַרשויך, וועלכער האָט ביזן יאָר 1939

געאַרבעט אין דער לעמבערגער עלעקטריע־אונטערנעמונג ווי אַ פּשוטער אַרבעטער און מען האָט, לויט זיין האַלטונג, געקאָנט דערקענען אין אים אַ מענטשן פון דער אונטערוועלט, האָט מצליח געווען זיך אַרויסצורוקן ביים אַריינקום פון דער רויטער אַרמיי, אַזוי ווייט, אַז בעתן נאַציאָנאַליזירן די אונטערנעמונגען איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר אין איינער פון זיי. זיין ערשטע טעטיקייט איז געווען צו פאַרקויפן דעם רעזערוו וואָס דאָס פּוילישע מיליטער האָט איבערגעלאָזט אין דער אונטערנעמונג, אָדער אים אויסטוישן אויף לעבנס־מיטל ביי די פּויערים. צוליב דער דאָזיקער מעשה איז ער אויפגעפּאָדערט געוואָרן פאַר די סאָוועטן צום געריכט, אָבער ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן אָפּצושלעפּן דעם פּראָצעס מיט קאָמוניסטישער הויכרעדעריי, מיט הויכע רייד אויף פאַרזאַמלונגען, ביז ס׳האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד, און לעמבערג איז פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן. ערשט איצט האָט קאצולא גענומען שפּילן אויף אַן אַנדער קאָרט. ווי אַ נאַציאָנאַלער און אַנטי־קאָמוניסטישער פּאָליאַק האָט ער אויסגעפונען, אַז איינער פון זיינע אָבות איז געווען אַ דייטש, און אַזוי אַרום איז ער פאַרבליבן דער דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג, וועלכע האָט געאַרבעט פאַר די דייטשן. ער און זיין ווייב — וועלכע פלעגט, לאָמיר זאָגן דרך־אגב, אויפנעמען אין איר שלאָפצימער (וואָס האָט פריער געהערט צו ייִדן) אין אָנהייב רויטאַרמייער און שפּעטער נאַציס — האָבן איבערגעליפערט 20 ייִדישע אַרבעטער צו דער געסטאַפּאָ. צווישן די דאָזיקע קרבנות איז געווען מיין פריינד, דער פריִערדיקער אייגנטימער פון דער אונטערנעמונג, פּעפּערמאַן. ער האָט אַוועקגעגעבן קאצולאן זיין גאַנץ פאַרמעגן אין ווערטפולע זאַכן, פוטערס און צירונג, און דער דאָזיקער מנוול האָט נישט געוואָלט אומקערן פּעפּערמאַנען אַ קליין רינגל, וואָס דערמיט וואָלט ער געקאָנט אונטערקויפן אַן אוקראַיִנישן פּאָליציאַנט און זיך ראַטעווען פון אים.

אויך די אַנדערע לייטערס פון דער אונטערנעמונג, למשל דער אוקראַיִנער רעגעסטא און דער פּאָליאַק טוז, האָבן „געהאַט״ זייערע ייִדן, צווישן זיי אַ פעלזנשטיין, אַ ווינער אינזשיניער שטיינער, אַ לאַנגנעטאַל און אַנ־

דערע, פון וועלכע זיי האָבן באַקומען זייער פּאַרמעגן אויף אָפּצוהיטן, און ס'האָט זיך קיינמאָל נישט אומגעקערט צום אייגנטימער.

אין די ערשטע טעג ווי די דייטשן זענען אַריין איז צו מיר געקומען אַ געוועזענע דירעקטאָרין פון אַן אונטערנעמונג, מיטן נאָמען זאַווניר, אַן אוקראַאינערין, וועלכע האָט פון די סאָוועטן באַקומען אַ פּריז פאַר איר קאָמוניסטישער טעטיקייט, נאָר איז שפּעטער אַראָפּ פון איר גדולה צוליב גניבות — און האָט פּערזענלעך געמאָנט ביי מיר אַנטשעדיקונג און געדראָט מיך צו פאַרמסרן פאַר דער געסטאַפּאָ.

די אַקציעס קעגן די ייִדן, געפירטע דורך קאַצמאַן און סייס־אינקוואַרט האָבן זיך געמערט און זענען האַרבער געוואָרן. די ייִדן איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאָרן מיטן טראַמווי, מיט דער באַן, מיט אַן אויטאָ און אַ מאָטאָציקל, און אויך אויף אַ וועליסאָפּעד. דער אַרבעטס־אַמט האָט יעדן טאָג געליפערט דעם מענטשן־קאָנטינגענט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. אין דאָזיקער לאַגער האָבן זיך געפונען 9.000 נפשות. די פירער פון דעם לאַגער, די גרופּן־פירער ווילהויזע, נויגעבויער און דעקערט מיט זייערע געהילפן האָבן געהולטייעוועט און גאַרנישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט דעם גאַנצן זילבער, גאָלד, וואַלוטע און ברילּיאַנטן וואָס זיי האָבן צוגערויבט. מ'קאָן זיך משער זיין, אַז די דאָזיקע באַנדיטן האָבן שפּעטער געטווישט זייערע פאַמיליען־נעמען און זיך באַהאַלטן אין פּוילן אָדער אויסער פּוילן.

ס'איז גאָרנישט מעגלעך צו שילדערן די סאַניטאַרע באַדינגונגען, וואָס האָבן געהערשט אין לאַגער. די אַרעסטירטע האָבן אַראָפּגענידערט צו דער מדרגה פון בהמות און געטאָן זייערע באַדערפענישן פּשוט אויף זייערע ליידן־חברים, וועלכע זענען געלעגן לעבן זיי אָדער אונטער זיי. צווישן די פיל קרובים און באַקאַנטע וואָס זענען דאָ געשטאָרבן איז געווען אויך מיין ייִנגערער ברודער, משה, מיין שוואָגער לעאָ, מיינע צוויי קוזינען און דער דערמאָנטער אינזשיניער שטיינער.

חוץ דעם דאָזיקן לאַגער זענען אויך טעטיק געווען אַנדערע אויסראָטונג־פּלעצער. דער טעמפּאָ פון די אַקציעס האָט נישט צופרידנגעשטעלט קאַצמאַנען און סייס־אינקוואַרטן, און דערפאַר האָבן די תּלינים דערפונדן דעם „טויט־בריק“.

דאָס געטאָ האָט זיך נאָך די פאַרשלאַגן און פּלענער, וועלכע זענען אָפּט געענדערט געוואָרן, איינגעשרומפּן צו אַן ענגן תחום אָן סאַניטאַרישע אינס־טיטוציעס אויף צפון־זייט פון דער שטאָט. דער וווינונגס־אַמט און די „אָר־דענונגס־דינסט" זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן אַריבערצופירן אַהין די ייִדן. יעדער איינער האָט געפּרוווט זיך איינשאַפן אַ וווינונג אויף דער דאָ־זיקער פאַרשטאָט, וועלכע איז באַשטאַנען פון קליינע און ענגע שטיבלעך, און אַריבערפירן אַהין זיינע זאַכן. די דייטשן האָבן אַוועקגעשטעלט פּאָסטנס ביי דער באַן־בריק, וועלכע האָט פונאַנדערגעטיילט די פאָרשטאָט קלעפּאַ־ראָוו פון די אַנדערע שטאָט־טיילן, כדי צו קאָנטראָלירן דאָס אַריבערפירן די זאַכן און צו רעקווירירן גאָלד, ווערטפולע זאַכן און קלייז'ער. די דאָזיקע געלעגנהייט האָבן די תלינים ווידעראַמאָל אויסגענוצט אויף צו כאַפּן מע־נער און פרויען און זיי פאַרשפּאַרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אין דער תפיסה אויף לאָנטשקי־גאַס, אָדער צו ברענגען זיי צום זאַמד־באַרג. אויפן זאַמד־באַרג זענען די מענטשן דערשאָסן געוואָרן, און פּוילישע און אוקראַינישע בירגער האָבן פון די קרבנות אַראָפּגעצויגן זיי קליידער און אַראָפּגעשלעפּט די שיך. איינער פון מיינע שוואָגערס, גלאָס, איז געווען צווישן די קרבנות פון דער דאָזיקער „טויט־בריק".

נאָך דעם ווי די ייִדן האָבן באַקומען פאַר אַ סך געלט (מ'האָט געצאָלט פינף ביז צען טויזנט זלאָטעס אַ צימער) וווינונגען און קוואַרטירן ביי די אַריער וואָס האָבן דאָרט געוווינט, איז דאָס געטאָ אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף אַ צווייטן אָרט. די אַריער זענען געבליבן ביי זייערע דירות, און דאָס באַצאָלטע געלט — פאַרפאַלן. מיינע אַ באַקאַנטע, וועלכע איז געווען אַ ליי־טערין אין איינע פון אונדזערע פיליעס, מיטן נאָמען קשיזשאַנאָווסקאַ, האָט געהאַט אין דער דאָזיקער געגנט אַ צימער אָן ליכט און אָן וואַסער. איך האָב מסכים געווען איר איבערצוגעבן פאַר דעם דאָזיקן צימער מיין אויס־געמעבלירט פינפצימערדיק הויז. זי האָט געפאָדערט נאָך צוצוצאָלן צוויי טויזנט זלאָטעס, אַ פּערסישן פוטער־מאַנטל, צוויי פּערענעס און אַ פּאָר לעדערנע שטיוול.

צוליב דעם וואָס די צאָל אַרעסטירטע אין יאַנאָווסקי־לאַגער האָט גע־האַלטן אין איין זיך פאַרגרעסערן, און ס'האָט נישט געקלעקט קיין אַרבעט

פאַר אַלע, האָט מען די ייִדן באַשעפטיקט ביי „עפּנטלעכע אַרבעטן", משטיינס־געזאָגט, ווי ביים ניוועלירן דעם ייִדישן בית־עולם, צעבראָכן די אַלטע מצבות און פאַרוואַנדלען דעם בית־עלמין אין אַ פעלד אויף צו פאַר־זייען תבואות, פאַרזעצן פּאָמידאָרן און אַנדערע גרינצייג. די פּרוכט איז געגעבן געוואָרן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דער אַרישער באַפעלקערונג. די שטיינער פון די מצבות האָבן געדינט אויף צו בויען בונקערס און פלאַס־טערן שאָסייען, און די מאַרמאָר־שטיינער אויף צו באַצירן הייזער און הויפן.

די פאַרדאָרבנקייט און ווילדקייט פון די אַריער, וועלכע האָבן זיך „פאַרנומען" מיט די ייִדן, האָט אָנגעשטעקט אויך די אַרעסטירטע ייִדן. אַן אַרעסטירטער, צוקוקנדיק ווי די געזעכטיקייט און די מאָראַל ווערן גע־טראָטן מיט די פיס, זענען אויך זיינע מידות פאַרדאָרבן געוואָרן, און ער האָט זיך אין זיינע באַציִונגען, וועלכע זענען סיי־ווי געווען באַגרענעצט צו אַ מינימום, נישט גערעכנט מיטן צווייטן. ס'איז געקומען דערצו, אַז יענע ייִדן וואָס זענען געשטעלט געוואָרן אַכטונג צו געבן אויף דער עבודת־פּרך אין לאַגער און אויף די אַרבעטס־פּלעצער, וועלכע מ'האָט גערופן קאַפּאָס, האָבן באַרויבט זייערע ברידער אויף אַלע אכזריותדיקע אופנים. די קאַפּאָס פלעגן אויפפרעסן ביי די לאַגערניקעס די לעבנס־מיטלען, וועלכע זענען אַריינגעשמוגלט געוואָרן פאַר זיי פאַר כאַבאַר דורך דער אוקראַיִנישער פּאָ־ליציי. זיי פלעגן באַקומען אַ סך געלט, זייגערס, רינגען און אַנדערע זאַכן פאַרן צוזאָגן זיך אויפצופירן מיט די אַרעסטירטע „בעסער", אָדער נישט צו מסרן דעם אַרעסטירטן אַז ער אַרבעט פויל. אויך די דאָזיקע מענטשן זענען לסוף „פאַרמסרט" און ליקווידירט געוואָרן.

דער דאָזיקער לאַגער אויף יאַנאָווסקי־גאַס איז צו קליין געווען אויף אַריינצונעמען אַלע ייִדן פון דער פּראָווינץ, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן יעדן פרימאָרגן, און דערפאַר איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייער לאַגער אויף דער צווייטער זייט שטאָט, אין וויניקי, וואָס אויך דאָרט זענען אָפּגע־טאָן געוואָרן די גרוילִיקסטע אומווערדיקע מעשים. מיין אַרבעטס־חבר, פאַס, וואָס זיין בייז מזל האָט אים באַשערט געבראַכט צו ווערן אין דאָזיקן לאַגער, איז געלונגען מיך צו באַזוכן אויף זיין וועג צו דער אַרבעט דורך געבן כאַבאַר דער אוקראַיִנישער פּאָליציי. ער האָט מיר דערציילט וועגן די

אכזריותדיקע מעשים וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן אין יענעם לאַגער. אַז אַ מענטש איז ביינאַכט אַרויסגעגאַנגען טאָן זיינע באַדערפעניש, האָט ער געמוזט זיך דורכשלאָגן אַ וועג דורך אויפגעהאָנגענע ייִדן. אָבער די טויטע האָבן אויפגעהערט צו מאַכן אַן איינדרוק אויף די וואָס לעבן נאָך.

אַפילו די בעדער, אין וועלכע די אַרעסטירטע פלעגן געבראַכט ווערן אַלע צוויי וואָכן אויף דיזענפעקציע, האָבן געדינט פאַר פּלעצער פון תליה און מאָרד. בעתן וואַשן זיך האָט מען באַדאַרפט מאַכן גימנאַסטישע געניטונגען לויט באַפעלן, וואָס נאָך זיי זענען נישט קיין סך אַרעסטירטע גאַנץ געבליבן. אויך פריִער זענען זיי געווען „לעבעדיקע פיגורות" צוליב זייער דערנערונג, וואָס איז געווען נידעריקער פון דעם מינימום. די איינוווינער אַרום די בעדער פלעגן אָפט הערן שאָסן, וואָס פלעגן פון דאָרט אַרויסהילכן.

ווען דער צו שאַנד־באַרימטן זאַמד־באַרג, ליטשאַקאָוו איז פול געוואָרן און האָט שוין נישט געקאָנט אַריינגעמען מער שיכטן פון קערפּערס, איז אין דער נאָענט פון יאַנאָווסקי־לאַגער באַשטימט געוואָרן אַ צווייט בערגל — מ'האָט עס גערופן „היטצלאַ־גוראַ" — אויף אויסצופירן דאָרט די הריגות. די עקזעקוציע פלעגט אויסגעפירט ווערן דורך שיסן אין די „לעבעדיקע פיגורן" אין מויל, אין די אויגן און אַזוי ווייטער, פאַר די אויגן פון דעם פעבל, וואָס פלעגט קומען אָנקוקן דעם ספּעקטאַקל. דער דאָזיקער פעבל פלעגט שפּעטער אַראָפּנעמען די קליידער און די שיך פון די קרבנות און דערציילן די פּרטים פון דער ליקווידאַציע אין שטאָט.

ווי נאָר די דייטשן זענען אַריין קיין לעמבערג, זענען געבראַכט געוואָרן סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע אין שטאָט אין דער פעסטונג. ס'זענען געווען צווישן זיי אַ סך ייִדן, דער עיקר פון די ראַיאָנען וואָס זענען געהאַט באַזעצט געווען דורך די סאָוועטן, לויטן אָפּמאַך מיט ריבענטראָפּן, אין יאָר 1939. צווישן זיי איז אויך געווען דער ברודער פון מיין אַרבעטס־חבר, דער דערמאָנטער פּאַס. די ייִדן וועלכע זענען גענומען געוואָרן אַלס געפאַנגענע האָט מען באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט, דערנאָך האָט מען זיי אַלע צוזאַמען געבראַכט אויף איין פּלאַץ אין דער פעסטונג און זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן מיט אַ קוילנוואַרפער.

דאָס לעבן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום. לעבנס־מיטל איז

מעגלעך געווען צו באַקומען נאָר פּאָר זייער הויכע פּרייזן, און אַ מעגלעכ־קייט האָבן געהאַט נאָר די יעניקע וואָס האָבן געאַרבעט אין די קריגס־וויכ־טיקע אונטערנעמונגען און געקענט זיך אַריינבאַקומען אין די אַרישע קוואַר־טאַלן. מייסטנס איז מעגלעך געווען זיי צו באַקומען בלויז דורך טויש פּאָר קליידער, שיך, פּוטערס, בריליאַנטן אאַז״וו. נישט זעלטן האָט מען געקענט זען אַ פויער מיט אַ פּיאַנאָ אויף זיין וואָגן, וואָס ער האָט אויסגע־טוישט פּאַר קאַרטאָפליעס, מעל אָדער אַ שטיק פּוטער. ס׳זענען געווען אַ סך אַריער, וועלכע פלעגן נעמען ביי יידן זאַכן אויס צוטרוי אַז זיי וועלן זיי אויסטוישן אויף שפּייז, — אָבער פלעגן פאַרשווינדן און זיך מער נישט ווייזן.

אַן אַריער, אַ באַקאַנטער מיינער, האָט ביי מיר גענומען אַן אנצוג צו פאַרטוישן אויף לעבנס־מיטל — און איז פאַרשוואונדן פונעם האָריזאָנט. ווען כ׳האָב זיך דערוועגט אים צו באַזוכן אין זיין וווינונג כדי צו נעמען די לעבנס־מיטל, וואָס כ׳האָב אים געבעטן, האָט ער מיך אַרויסגעטריבן, דראָענ־דיק מיך איבערצוגעבן דער געסטאַפּאָ.

מיין טאָכטער האָט געהאַט אַ באַקאַנטע, אַ טאָכטער פון אַן אוקראַי־נישן גלח פון ניזאַנקאָוויצע לעבן פּשעמישל. די יונגע פרוי האָט אויפגע־שוידערט, דערזעענדיק אונדזער נויט, און אויסגעדריקט איר ווילן אונדז צו העלפן באַקומען שפּייז. מיין טאָכטער האָט איר געגעבן איר שווייצאַרישן גאָלדענעם זייגער, אין דער האָפענונג צו באַקומען פּאַר אים מעל און פעטס. ווען דעם גלחס טאָכטער איז נישט צוריקגעקומען, איז מיין טאָכטער גע־גאַנגען, גלייבנדיק אַז ס׳איז נישט מעגלעך אַזאַ גוטע באַקאַנטע, ובפרט אַ גלחס אַ טאָכטער, זאָל איר אָפּנאַרן — אין דעם הויז אין לעמבערג, ווו דעם גלחס טאָכטער האָט זיך געזאָלט געפינען. אָבער דאָ האָט איר דעם גלחס טאָכטער דערקלערט, אַז איר שוואָגער, וועלכער האָט געדאַרפט ברענגען די לעבנס־מיטלען איז אַרעסטירט געוואָרן, און חוץ דעם „האָט מען געזאָגט — אַזוי האָט זי געמאָלדן — אַז די יידן האָבן סיי־ווי נישט קיין רעכט צו האָבן ביי זיך זייגערס און בריליאַנטן״. מיין טאָכטער איז צוריקגעקומען אַהיים מיט טרערן אין די אויגן, און מיר האָבן זי געמוזט טרייסטן מיטן „גם זו לטובה״, צופרידענע דערמיט וואָס מיר זענען נישט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

לויט אַ ספּעציעלער פאַראָרדענונג, געגעבן דורכן יודענראַט, זענען די ייִדן אויפגעפאָדערט געוואָרן „צו שפּענדן" זייערע פוטערס פאַר דער „ווינ־טער־הילף". פאַקטיש איז די דאָזיקע פאַראָרדענונג געווען אַ פאַרבאָט פאַר די ייִדן צו באַזיצן פוטערס. די דאָזיקע פאַראָרדענונג האָט דער אוקראַיִני־שער און פוילישער פּאָליציי און דער ייִדישער „אָרדנונגס־דינסט" געגעבן אַ מעגלעכקייט פאַר נייע גוואַלד־אַקטן, פאַר רויבערייען, פאַר נעמען כאַ־באַר, פאַר אַרעסטן און מערדערייען. פרויען פלעגן אָפּגעשטעלט ווערן אין מיטן גאַס, און מען האָט פון זיי אַראָפּגעצויגן זייערע פוטערס, און טיילמאָל פלעגט מען עפּנטלעך אָפּשניידן פון זייערע קליידער די קעלנער און אַרבל. מיינסטנטייל פלעגן די דאָזיקע פוטערס פאַרקויפט ווערן פאַר אַ טייערן פּרייז דער פאַרמעגלעכער פוילישער און אוקראַיִנישער באַפעלקערונג. גאַנ־צע טראַנספּאָרטן פוטערס, פערסישע און אַנדערע, פלעגן אַוועקגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד, צו באַזאָרגן מיט זיי די „ווערמאַכט" אויפן ווינטער.

דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט, און מיט אים צוזאַמען די בהלה און די שרעק. די ייִדן האָבן נישט געקענט באַקומען קיין קוילן אָדער אַנ־דערע ברען־ און הייץ־מאַטעריאַלן. ווער עס האָט פאַרמאָגט ווערטפולע זאַכן, האָט געקענט זיך איינשאַפן אַ זאַק קוילן אָדער האָלץ. אָבער מען האָט די ייִדן קיין רו נישט געגעבן, זיי זאָלן טראַכטן וועגן דער קעלט.

אַמעריקעס אַריינטרעטן אין קריג קעגן דייטשלאַנד האָט מיט זיך גע־בראַכט אַ נייע שטאַרקע כוואַליע פון ליקווידאַציע־אַקציעס. דעמאָלט זענען אין בעלזשעץ לעבן לובלין אויפגעשטעלט געוואָרן גאַזאָ־ווונס. מען האָט געשיקט אַהין ייִדן מאַסנווייז. די קרבנות פלעגן אַריינגעטריבן ווערן אין פּי־וואַגאָנען, טאָפּלט וויפל זיי קענען אַריינעמען. די וואַגאָנען זענען פּלאָמ־בירט און פאַרקלאַפּט געוואָרן. עסן און טרינקען פאַר די פאַרשפּאַרטע — קיין זכר. אין בעלזשעץ, ווהין די מענטשן פלעגן געבראַכט ווערן פון אַלע ריכטונגען, האָבן די וואַגאָנען געדאַרפט שטיין עטלעכע טעג, ביז ס'איז געקומען די צייט זיי אויסצולייזיקן. אַ טייל פון די קרבנות פלעגן שטאַרבן פון הונגער און דערשטיקונג. יענע, וועלכע זענען לעבן געבליבן, האָבן זיך געדאַרפט אויסטאָן און גיין אויף „דעזינפעקציע", פון וועלכער זיי פלעגן זיך שוין נישט אומקערן. די באַן־אַרבעטער פלעגן דערציילן, אַז לענגאויס

קילאָמעטערס זענען אָנגעוואָרפן געוואָרן ביז 5 מעטער הויכע הויפנס קליי־דער און שיך, וועלכע זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד ווי אַלטוואַרג. ווי באַוווּסט, איז אין דייטשלאַנד בעת דער מלחמה פּראָקלאַמירט געוואָרן די לאָזונג: „אַלטשטאָף איז רוישטאָף". פון אַנדערע באַגלייבטע קוועלן (די ווערמאַכט און די ס.ס.) האָט מען איבערגעגעבן, אַז אין בעלזשעץ עקסיסטירט אַ ספּעציעלע אַפּאַראַטור, מיט וועלכער מען פּראָדוצירט זייף פון מענטשלעכן פעטס.

אין לאַגער פון די ס.ס. אין באַברויסק וואָס לעבן סמאָלענסק — וועגן וועלכן ס'וועט נאָך ווייטער דערציילט ווערן — האָב איך באַקענט אַן ס.ס.־מאַן. זיין נאָמען איז געווען וועבער, וועלכער האָט דאָרט געאַרבעט אין אַ שטראָף־קאָמפּאַניע. דער דאָזיקער וועבער האָט מיר דערציילט, ווי אַן ענטפער אויף מיין פראַגע, ווי אַזוי ער איז געקומען אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג, אַז ער האָט געאַרבעט אין בעלזשעץ אין די גאַזקאַמערן. זיין אויפגאַבע איז געווען אַריינצופירן אין זיי דעם גאַז. איינמאָל, ווען די קאַמערן זענען פול געווען מיט יידישע קינדער, האָט ער צוליב שיכרות פאַרגעסן צו עפענען די גאַזקראַנען. ווען מען האָט שפּעטער נאָך דער באַשטימטער צייט די קאַמערן געעפנט, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די קינדער זענען דערשטיקט, אָבער נישט פאַרגאַזט געוואָרן. די קינדער האָבן זיך צונויפגעקאָרטשעט ווי פון קאָנוווּלסיעס און נאָך אַרויסגעוויזן לעבנסשפּורן. דאָס דאָזיקע בילד האָט אויפגעוועקט דאָס געוויסן פון מיין מיטשמועסער, און ער האָט זיך געשטעלט אויף די קני, געקושט די שיך פון די ס.ס.־אָפיצירן און זיי געבעטן אים צו דערשיסן, ווייל ער קען ווייטער נישט ממשיך זיין דעם דאָזיקן מאָרד. אַזוי אַרום איז ער אַריין אין דער דאָזיקער שטראָף־קאָמפּאַניע.

דער יעניקער „הומאַניזם", וועלכער האָט באַוויגן די „קולטור"־טרעגער צו פאַרבאָטן די יידישע שחיטה, וועלכע איז, כלומרשט, גורם ליידן די בהמות, האָט, ווי עס זעט אויס, גורם געווען אַז די ס.ס.־תלינים זאָלן מקפּיד זיין אַז די טעטיקייט אין די גאַזקאַמערן זאָל זיין אַ פּינקטלעכע.

בעלזשעץ איז געווען אַ סינאָנים פון גיהנום. זי איז געוואָרן אַ שם־דבר סיי ביי די יידן, סיי ביי די אַריער. אין דאָזיקן שחיטה־טאָל, אין וועלכן

ס'איז פאַרשניטן געוואָרן דאָס לעבן פון כמעט אַ מיליאָן ייִדן אין די גרוי־ליקסטע פייניקונגען, איז אויך דערמאָרדעט געוואָרן מיין פרוי.

„ריזיקע אונטערנעמונגען" ווי אין בעלזשעץ זענען געווען אויך אין אַשוויענטשים, מיידאַנעק, טרעבלינקע און אַנדערע מקומות. יעדעס קינד אין פוילן האָט געוווּסט, וואָס דאָרט ווערט אָפּגעטאָן. מען האָט געשמועסט וועגן גאַזקאַמערן, פייניקונגס־קאַמערן, קרעמאַטאָריעס א.אַז״וו. ווי וועגן אַן עקסיסטירנדיקן און זעלבסטפאַרשטענדלעכן פאַקט. אָבער גודריאַן, וועל־כער איז נאָמינירט געוואָרן פאַר דעם הויפּט פון דעם אַלגעמיינעם שטאַב פון דער ווערמאַכט נאָכן אַטענטאַט אויף היטלערן דעם 20סטן אַפּריל 1944, האָט געהאַט די חוצפּה און מיטגעטיילט אָן בושה אויף אַ באַגעגעניש מיט זשורנאַליסטן, אַז ער איז געווען אויפן מזרח און האָט זיך נישט אָנגעשטויסן אויף קיין גאַזקאַמערן.

צוצושטעלן פאַר די גאַזקאַמערן וואָס מער קרבנות — דאָס איז געווען די אויפגאַבע פון די ייִדישע אַרבעטס־אַמטן און פון דעם יודענראַט. אויב די דאָזיקע „ליפערונג" איז נישט געמאַכט געוואָרן מיט דער געוווּנטשענער שנעלקייט, האָט זיך אַ ס.ס.ישע אָפּטיילונג דערין אַריינגעלייגט און אָפּגע־טאָן אַ גאַנץ שטיקל אַרבעט. אין פאַרלויף פונעם ווינטער זענען אַזעלכע אַקציעס פון ס.ס. צושטאַנדגעקומען כמעט יעדן חודש.

אין שפּיץ פון דעם לעמבערגער אַרבעטס־אַמט איז געשטאַנען דער הויפּטמאַן וועבער, וועלכן מ'האָט געהאַלטן פאַר אַ „גוטן" מענטש. ווייל ער האָט ליב געהאַט צו פאַרשווענכן די ערע פון שיינע ייִדישע מיידלעך, קעגן דעם ראַסן־געזעץ. צוליב דער דאָזיקער סיבה און אויך צוליב זיין אַריינ־כאַפּן קורחס אוצרות — האָט ער געאַרבעט פאַר פאַרפּאַמעלעכערן די ליק־ווידאַציע און איר פּלאַנירונג, הגם ער האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז די ייִדישע צוקונפט — איז זייער אומקום.

ווי אויבן געזאָגט, פלעגן פון מאָל צו מאָל געמאַכט ווערן בייע שיי־נען פאַר די אַרבעטנדיקע ייִדן. די אַרבעטס־שיינען האָבן פריִער געדאַרפט ווערן אונטערגעשריבן דורך וועבערן, דערנאָך האָבן די ייִדן באַקומען ספּע־ציעלע מעלדונגס־ביכער. חוץ דעם זענען געמאַכט געוואָרן באַזונדערע בי־כער פאַר פרויען, וואָס האָבן געפירט די ווירטשאַפט פון די אַרבעטנדיקע

מענער. שפּעטער האָבן די ביכער געדאַרפט אונטערגעשריבן ווערן דורך די פירער פון ס.ס. און דער פּאָליציי. צום סוף האָבן „זוכה״ געווען די ייִדן, וואָס אַרבעטן אין די קריגס־וויכטיקע אונטערנעמונגען, צו באַקומען, אויסער די מעלדונגס־ביכער און די אָרעמבענדער, אויך אָפּצייכענונגען, אויף וועלכע ס׳געפינען זיך די בוכשטאַבן „וו״ „ר״ (ווערמאַכט, ריסטונג, וואָס די טייטש דערפון איז וואפן). די דאָזיקע אָפּצייכענונגען האָבן די ייִדן געמוזט טראָגן אויף דער ברוסט, לעבן האַרצן, ביז אויך זיי זענען דערמאָרדעט געוואָרן — נישט געקוקט אויף די שיינען און די אָפּצייכענונגען — נאָכדעם ווי ס׳איז פון זיי אויסגענאָגט געוואָרן דער לעצטער טראָפּן בלוט און שווייס.

אויסער די אויבנדערמאָנטע אַקציעס, פלעגן אָפט געמאַכט ווערן „רע־וויזיעס״. איך האָב צוגעזען אַזאַ רעוויזיע אויף דער שפּיטאָל־גאַס נומער 26. זעקס אַזייגער זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַלע גאַסן, וועלכע האָבן גע־פירט צו יענער גאַס, וועלכע איז באַוווינט געווען פון ייִדן, דורך אַ קייט מיליטערלייט. קיין שום לעבעדיקן נפש איז נישט דערלויבט געוואָרן אַראָפּ־צוגיין אין גאַס. אַלע אַריינגענג אין די הייזער זענען באַוואַכט געוואָרן דורכן מיליטער. אָבער דאָס מיליטער האָט בלויז געהאַט די אויפגאַבע צו באַ־וואַכן, און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס אייגנטלעך וועט געשען אין דער נאָענטסטער שעה. ס׳האָט זיך געשטעלט אַ שרעקלעכע געשפּאַנטקייט, און ס׳איז נישט מעגלעך צו שילדערן די בהלה וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די ייִדישע באַפעלקערונג. ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט גרויליקע ידיעות. קיין קלאָרע ידיעה וועגן דעם וואָס קומט פאַר איז נישט מעגלעך געווען צו באַ־קומען. 8 אַזייגער איז געקומען די ס.ס. אין דער זעלבער צייט האָט מען געבראַכט דעם פרישטיק פאַר די ווערמאַכט־לייט אויף די פּאָסטנס. ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע.

אין אַלע וווינונגען פון דאָזיקן הויז, באַוווינטע פון די אָרעמסטע פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, זענען געמאַכט געוואָרן רעוויזיעס. די דאָזי־קע רעוויזיע פלעגט געווייטלעך אויסזען אַזוי, אַז אַלע שפּיגלען, די שויבן און דאָס געפּעס פלעגט ווערן צעבראָכן, דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט און די קישנס צעריסן, דאָס ביסל זאַכן אין די שאַפעס אַרויסגענומען און אַרויס־געוואָרפן, און די מענטשן אין די בעטן — דערונטער קראַנקע פרויען,

זקנות און קינדער געשלאָגן מיט שפּיצרוטן איבער די קעפּ און פּנימער. דאָס ביסל לעבנס־מיטל וואָס איז געווען — פאַרדאָרבן.

איך האָב מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען, ווי מען האָט אויפגעוויקלט אַ ספר־תורה, וואָס מען האָט געפונען אין אַ צימער וואָס האָט געדינט פאַר אַ קלויז, זי אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן הויף ביז צו דער גאַס, און זי באַנוצט ווי אַ טעפּיך אויף צו גיין אויף איר. איבער איר זענען אַרומגעלאָפן די „קעמפער קעגן די אומגלויביקע קאָמוניסטן" מיט זייערע שמוציקע שטיוול (ס'איז געווען אַ רעגנדיק וועטער).

ס'איז כדאי צו דערמאָנען נאָך איין כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונג. נאָך דער דורכפירונג פון דער רעוויזיע האָבן אַ סך לייט פון דער ווערמאַכט און אויך ס.ס.־לייט אָפּגעשניטן מיט מעסערס קליינע שטיקלעך פון דער ספר־תורה און זיי אַרײַנגעלייגט אין די בײַטעלעך, כדי זיי, משמעות, צו שיקן צו זייערע ווײַבער אָדער כלות פאַר אַן אָנדענק.

אַלע מענער און פרויען, וועלכע האָבן נישט געהאַט בײַ זיך אַלע געפאָדערטע אונטערשריפטן אין זייערע ביכלעך, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אויף אַ גרויסן פּלאַץ, וועלכן מ'האָט גערופן „תבואה־פּלאַץ", און טייל זענען געוואָרן געכאַפּט און אַוועקגעפירט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די שוואַכסטע, אינוואַלידן, קראַנקע און מענטשן וואָס זייער פּנים האָט עדות געזאָגט וועגן זייער זקנה, זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צום זאַמד־באַרג.

דעם 22סטן אויגוסט 1941, אין מיטן דער נאַכט, איז איינס פון די שיינע און נײַע הײַזער אין גאַס, וווּ איך האָב געוווינט, פאַרנומען געוואָרן דורך דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי. מײַן וווינונג איז רעקווירירט געוואָרן, און מיר האָבן עס געמוזט פאַרלאָזן, נישט נעמענדיק מיט זיך גאָרנישט. מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין דער וווינונג פון מײַן שוואָגער, וואָס איז געווען אויף דער זעלבער גאַס, נאָר זײַן מזל האָט אים צוגעשפּילט און זײַן וווינונג איז נישט געווען אַזוי „באַקוועם". ס'איז נישט אַריבער קיין לאַנגע צײַט, און אויך די דאָזיקע נישט־באַקוועמע וווינונג איז אַוועקגעגעבן געוואָרן דער פאַמיליע פון אַן אוקראַיִנישן טעסליער, קאַנאַפּקאָ. די דאָזיקע אוקראַיִנישע פאַמיליע האָט אַרויסגעוויזן באַרעמהאַרציקייט און ווויltועודיקייט, איבערלאָזנדיק פאַר אונדז — צוויי פאַמיליעס צו זיבן

נפשות — איינס פון די דריי צימערן. די איבעריקע צוויי צימערן, מיט אַ קיך, וואַנע־צימער אאַז״וו, ווי אויך דאָס מעבל האָבן די אוקראַינער פאַר־נומען. די מידה פון רחמנות האָט געדויערט כל־זמן מיר זענען זיי געווען נייטיק, כדי צוצוגנבענען און באַרויבן די ווייניקע זאַכן וואָס אונדז האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצושמוגלען פון אונדזערע וווינונגען.

ווען מיין שוועגערין האָט געמאַכט אויפמערקזאַם, אַז אונדזערע קינ־דערס שיך־און־זעקלעך זענען אויף די פיס פון דער באַלעבאָסטעס קינדער, האָט זי אַ זאָג געטאָן, אַז איצט האָט זי עס שוין גענוג און איז נישט אימ־שטאַנד אונדז ווייטער צו פאַרטראָגן און אַז מיר דאַרפן שנעל פאַרלאָזן אויך די דאָזיקע דירה.

פאַר אַ סך שליסל־געלט און אַ צוזאָג צו זאָרגן פאַר באַהייצונג און דערנערונג האָבן מיר באַקומען אַ קליין דורכגאַנג־צימערל אויף אַ פערטן שטאָק אויף ראַפּאַפּאָרט־גאַס נומ׳ 1. ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די פּיין, וואָס ביז היינט האָבן מיר זי נישט אָפּגעפּילט אין איר גאַנצער האַרב־קייט. קיין מעגלעכקייט זיך אַרומצוּוואַשן איז דאָ נישט געווען. אין צימער איז געווען אָרט פאַר צוויי בעטן, און בלויז איין טישל איז דערין געשטאַ־נען. מיר זענען געווען געצוווּנגען צו שלאָפן זאַלבעצווייט אין אַ בעט, איך מיט מיין זון, און מיין פרוי מיט דער טאָכטער. אין דער דאָזיקער קליינער וווינונג, פון צוויי צימערן מיט אַ קיך, האָבן געווױנט נאָך צוויי פאַמיליעס. דער שמוץ, דאָס פעלן פון וואַסער און קאַנאַליזאַציע האָבן גורם געווען, מיין זון זאָל קראַנק ווערן אויף קרעץ. מיר זענען געצוווּנגען געווען אין דעם ענגן צימער אויסצופירן סיי דאָס פאָרען זיך אַרום מיין זון (איינזאַלבן און נאָך), סיי דאָס האַלטן אים איזאָלירט און אויסמיידן, אַז אַנדערע זאָלן זיך פון אים נישט אָנשטעקן. דאָס ערגסטע איז געווען וואָס ס׳האָט געפעלט די מעגלעכקייט זיך אַרומצוּוואַשן, ווייל די שטאָטישע באָד אין דער געגנט האָט זיך נישט געקענט עפענען צוליבן פעלן פון קוילן. דאָס פעלן פון קוילן איז געווען בלויז אַן אויסרייד, ווייל די כוונה פון די דייטשן איז גע־ווען אויסצוראָטן די יִדישע באַפעלקערונג אויך מיט דער הילף פון מגפות און קראַנקהייטן.

אויך די וואַסער־לייטונג און די עלעקטריע זענען קאַליע געוואָרן אין

ייִדישן קוואַרטאַל, און בלויז זעלטן פלעגן זיי פאַרריכט ווערן. דאָס פעלן פון דירות אין ייִדישן קוואַרטאַל איז געווען זייער גרויס. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אוקראַיִנער, פּאָליאַקן און דייטשן אַריינגעצויגן, אָדער גע־גרייט אַריינצוציִען אין ייִדישע רחבותדיקע און פיין־מעבלירטע דירות. אַפי־לו סאָוועטישע בירגער, געקומענע פון דניעפּראָווסק, זשיטאָמיר און כאַר־קאָוו, האָבן זיך גערעכנט פאַר כשרע אוקראַיִנער און געקענט פאָדערן ייִדי־שע הייזער און זיי באַקומען. די יעניקע סאָוועטישע אוקראַיִנער וואָס האָבן זיך אין אָנהייב געהאַלטן שרעקעוודיק און אומזיכער און אַפילו אויסגע־דריקט זייער מיטגעפיל צו די ייִדישע ליידן, האָבן זיך מיט דער צייט גע־ענדערט. ס'האָט זיך ביי זיי פאַרפעסטיקט דער געדאַנק, אַז דאָס צוריקקו־מען פון די סאָוועטן איז אַן אויסגעשלאָסענע זאַך צוליב די מיליטערישע נצחונות פון די דייטשן. זיי האָבן געוואָלט זיך אונטערחנפענען די דייטשן און דערציילט פאַלשע געשיכטעס וועגן די ייִדישע קאָמיסאַרן און דירעק־טאָרן, וועלכע האָבן געשמידט די הענט פון דער אַרישער באַפעלקערונג. דאָס רוסישע פאָלק האָט געוואָלט איינהאַלטן — לויט דער מיינונג פון די נעכטיקע קאָמוניסטן — אַ פעסטן בונד מיט די דייטשן, נאָר די ייִדן, וועל־כע האָבן געבילדעט די מאַכט־אָרגאַנען, האָבן נישט דערלאָזט.

ווי דערמאָנט, האָבן די אוקראַיִנישע „פריינד" און אויך די פּאָליאַקן צו־געזאָגט צו העלפן די ייִדן, אָפּצוהיטן זייערע ווערטפולע זאַכן, קליידונג אאַז"וו. נאָך אַ קאָלעגע איינער וואָס איך האָב זוכה געווען זיין פריינדשאַפט, מיטן נאָמען יאַן קאַמינסקי, וועלכן כ'האָב אַ סך געהאָלפן בעת דער הערשאַפט פון די סאָוועטן און וואָס איז נאָר אַ דאַנק מיר פאַרבליבן אויף זיין גוטן פּאָסטן, איז איצט אַריבער אין דייטשישער דינסט (נאָך דעם ווי ער איז געווען אַ קולטור־אַרבעטער ביי די סאָוועטן). קאַמינסקי האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט מיר צושטעלן לעבנס־מיטלען פאַר קליידונג און וועש. כ'האָב אים געגעבן אַביסל וועש, אַ דאַמענמאַנטל און אַן אנצוג אויף אויסצוטוישן, — און אים שוין מער נישט אָנגעקוקט. נאָך דעם ווי כ'האָב אים געשיקט עטלעכע בריוו און געהאַט עטלעכע טעלעפאָנישע שמועסן מיט אים און זיין פרוי, האָט עס אים אָנגענומען פאַרן האַרצן, און האָט מיר געבראַכט אַ האַלבן קילאָ ברויט, געזאָגט: אַ האַלבן קילאָ!

די צוזאַמענאַרבעט פון די ייִדישע איבערגעבליבענע קריגס־וויכטיקע אָנגעשטעלטע מיט זייערע פּוילישע און אוקראַיִנישע קאָלעגן האָט זיך פאַר־ערגערט פון טאָג צו טאָג. די פּאָליאַקן זענען בייז געווען דערפאַר וואָס זיי קענען נישט אויספירן די ייִדישע פונקציעס און זענען געבליבן הינטער־שטעליק אַפילו נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך פאַרפולקאָמט אין זייער פאַך אין משך פון חדשים. זיי האָבן צוגעשריבן זייער דאָזיקע אומפעיִקייט אויפן חשבון פון די ייִדן מיט די בייזע כוונות, וועלכע ווילן נישט, לויט זייער מיינונג, איבערגעבן זייערע ידיעות די אַריער און האָבן איינגעהאַלטן זייע־רע פּאָסטנס. די אַריער האָבן נישט געקענט מוחל זיין די ייִדן, פאַרוואָס זיי זענען נישט געגאַנגען פרייוויליק אין די גאַזקאַמערן און האָבן נישט אי־בערגעגעבן די פּאָסטנס אין אַרישע הענט. לויט מיין מיינונג האָט די איינ־ציקע סיבה געשטעקט אין דעם פאַקט וואָס די אַריער זענען נישט מסוגל געווען צו דערפילן די ייִדישע פונקציעס אין דער אונטערנעמונג. די אינ־טעליגענטישע כוחות ביי די פּאָליאַקן און אוקראַיִנער זענען געווען שטאַרק באַגרענעצט, און פאַר די ווינציקע פעיִקערע האָבן זיך געעפנט אַ סך מער אויסזיכטן אין זייער מיטאַרבעט מיט די דייטשן דירעקט, אָדער אין זעלב־שטענדיקן מסחר.

דער דייטשישער פאַרטרויאונגסמאַן אין אונדזער אונטערנעמונג, שניי־דער, האָט פון מיר געהאַלטן מער און האָט אויך פאַרשטאַנען אַז אויף זיי־נע אַרישע באַאַמטע קען ער זיך נישט פאַרלאָזן. צוליב וואָס ער איז געווען אַ פאַרפאַלענער און העסלעכער שיכור, פלעגן אים זיינע אַרישע מיטאַר־בעטער אונטערהאַלטן אין זיין דאָזיקער „ליבהאָבעריי”. אין אַ שיכורן צו־שטאַנד פלעגן די פּאָליאַקן שרייען אויף קולי־קולות, אַז דער דאָזיקער מאַן מיטן האַקנקרייץ, שניידער, איז אַ פּוילישער פּאַטריאָט פון ערשטער מדרגה. פאַרשטענדלעך, אַז אָן באַמערקונגען קעגן די ייִדן איז עס נישט דורכגע־גאַנגען.

דער פּוילישער געסטאַפּאָניק, וועלכער האָט רעקווויזירט מיין וווינונג, האָט אָנגעווענדט די זעלבע טאַקטיק, וואָס די אַנדערע פּאָליאַקן האָבן אָנ־געווענדט קעגן די ייִדן. אין אָנהייב האָבן זיי געפּרוווט זיך באַציִען פאַר־טרוילעך און מיט פריינדשאַפט און אוסדריקן מיטגעפיל, כדי אויף אַזאַ

אופן צו געווינען אויך אונדזער צוטרוי און אַרויסבאַקומען פון אונדז ווערטפולע זאַכן. זיי האָבן זיך דערקלערט פאַר פוילישע פּאַטריאָטן און ווי „אנוּסים אין דינסט ביי דער געסטאַפּאָ", און געזאָגט אַז זייער עיקרדיקע טעטיקייט איז געווענדט קעגן די אוקראַינער. פון מאָל צו מאָל האָבן זיי אונדז געגעבן אַ לעבל ברויט און געפאָדערט דערפאַר אַ פּערסישן טעפּיך, זיידענע גאַרדינען און אַנדערע ווערטפולע זאַכן, וואָס זיי האָבן געטראַכט אַז מיר האָבן זיי באַהאַלטן. זיי האָבן אַקצענטירט און נאָכאַמאָל אַקצענטירט, אַז מיר קענען אַלץ איבערגעבן אין זייערע כשרע הענט. האָבן אונדז צוגע־זאָגט אַמבעסטן אָפּצוהיטן אונדזערע דאָזיקע זאַכן, אונדזערע הייזער און מעבל, ביז זיי וועלן קענען זיי אונדז צוריק אומקערן. די דאָזיקע „אַדללייט" — באַפּיאַס פאַמיליע — האָבן צוגערעדט מיין טאָכטער זי זאָל זיך איינ־שאַפן אַן אַרישן פּאַס און אַוועקפאָרן. באַפּיאַ האָט איר פאָרגעלייגט זי אַרי־בערצובערענגען צו זיינע קרובים, וואָס האָבן געוווינט אין קראָקעווער געגנט. נאָר איך האָב זיי נישט געגלייבט און חושד געווען, אַז דאָס מוז זיין אַ פאַנג־נעץ פאַר מיין טאָכטער זי אומצוברענגען. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז באַפּיאַס פאַמיליע „איז אַריבערגעפירט געוואָרן" און האָט מיט זיך מיטגענומען אַלץ וואָס איז געווען אין זייער וווינונג. די וואָס זענען נאָך זיי געקומען אין זייער וווינונג האָט דער יודענראַט באַזאָרגט מיט מעבל פון אַנדערע ייִדן.

דאָס געטאָ איז פון מאָל צו מאָל איבערגערוקט געוואָרן אויף אַן אַנ־דער אָרט, מיט אַן אָפיציעלן אויסרייד, אַז מ׳דאַרף אויסאַרבעטן אַ נייעם פּלאַן, רעכענענדיק זיך מיט דער צאָל פון דער באַפעלקערונג, וואָס ווערט אַלץ קלענער.

אַזוי איז אַריבער דער ווינטער פון יאָר 1941־42 אין יסורים און דער־נידעריקונגען פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג. מ׳האָט אויסגערעכנט, אַז די צאָל ייִדן האָט זיך פאַרקלענערט יעדן חודש אויף 5.000־6.000 נפשות. די ידיעות וואָס מיר האָבן דורך אומוועגן באַקומען פון אַנדערע שטעט, ווי קראָקע, טאַרנע און פּשעמישל, זענען געווען יאושדיקע. דאָרט זענען צו־שטאַנדגעקומען „גרויסאַקציעס" דורך דער געסטאַפּאָ, און נאָך די דאָזיקע אַקציעס זענען געוואָרן באַשטימט די פאַרשיידענע געטאָ־גרענעצן אויף אַן

ענגערן שטח און אָפּגעשלאָסן. יעדער איינער האָט דערוואַרט אַזאַ אַקציע, און די סכנה וואָס האָט אויף אונדז געלאָקערט האָט געשוועבט איבער אונדז ווי אַ שרעק־געשפּענסט און איז געווען די טעמע פון אַלע שמועסן. ס׳איז געווען אויסטערליש צו הערן ווי אינדוסטריעלער און מענטשן פון מסחר, דאָקטוירים און געלערנטע, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען מיט קיין פּוסטע שמועסן און זיך געווידמעט זייערע פּראָפעסיעס און וויסנ־שאַפטן, פלעגן זיצן און דיסקוטירן וועגן אָט־דער אַקציע וואָס דאַרף פאַר־קומען. ווען וועט זי זיך אָנהייבן? ווען וועט זי טרעפן? וועמען וועט זי אויסמיידן? וועלכע שיינען און זיגלען זענען זיכער? אַלע ידיעות און קלאַנ־גען האָבן זיך באַזירט אויף טרעפענישן און פאַנטאַזיע־געשפּענסטער, און זיי האָבן פאַרשטאַרקט דעם דרוק אויף דער נשמה און די נערוון־צערודע־רונג פון דער באַפעלקערונג.

ד.

# די „אַקציעס" אין לעמבערג

## (22/8/42־10; 17/11/42)

כי עלה מות בחלוננו, בא בארמנותינו,
להכרית עולל מחוץ, בחורים מרחובות,
ונפלה נבלת האדם כדומן על פני השדה
וכעמיר מאחרי הקוצר ואין מאסף.

וואָרום דער טויט איז אַרויפגעגאַנגען אין אונדזער פענצטער,
געקומען אין אונדזערע פּאַלאַצן,
צו פאַרשניידן אַ קינד פון דער גאַס,
בחורים פון די מערק — — —
און די טויטע לייבער פון מענטשן וועלן פאַלן
ווי מיסט אויפן פרייען פעלד,
און ווי אַ הייפל הינטערן שניטער,
וואָס קיינער קלייבט נישט אויף.

(ירמיה, ט׳, כ״ב״א).

דעם 8טן אויגוסט, 1942, האָבן מיר זיך צופעליק דערוווּסט, אַז אין אַ צווייטער קריגס־וויכטיקער אונטערנעמונג איז שוין איינגעפירט געוואָרן אַ נייער שטעמפּל פון דער ס״ס און פּאָליציי־פירער אויף די ייִדישע מעל־דונגס־קאַרטעס און אַז ס׳איז צו דערוואַרטן אַ גרויסע אַקציע דעם 10טן היינטיקן חודש. די אַרבעטנדיקע ייִדן, וואָס אין זייערע קאַרטעס וועט זיך נישט געפינען דער דאָזיקער שטעמפּל, וועלן פאַרהאַלטן ווערן. מיר האָבן נישט געקענט פאַרשטיין און גלייבן, אַז בלויז אין איין אונטערנעמונג זאָל באַוווּסט ווערן וועגן אַ קומענדיקער ענדערונג און אַ נייעם שטעמפּל.

דעם זעלבן טאָג אין אָוונט, אין דער צייט ווען ייִדן טאָרן שוין נישט

גיין אין גאַס, בין איך גערופן געוואָרן פון דעם אוקראַיִנישן דירעקטאָר פון דער אונטערנעמונג פון מיין וווינונג אין יידישן קוואַרטאַל. איך האָב גע־מוזט אַרבעטן די גאַנצע נאַכט אין ביוראָ, כדי צוצוגרייטן די נייטיקע ליס־טעס און פאָרמולאַרן. אַ טאָג שפעטער, אום זונטיק, האָבן די יידישע מעל־דונגס־קאַרטן שוין באַדאַרפט איבערגעגעבן ווערן די פירער פון ס.ס. און דער פאָליציי. פון אַ זיכערער קוועלע האָט מען איבערגעגעבן, אַז ס׳איז שוין אָנגעקומען אַ באַוועגלעכע אויסראָטונג־בריגאַדע און וועט אָנהייבן איר אַקציע מאָנטיק אינדערפרי. דער באַפולמעכטיקטער פאָרשטייער פון גענע־ראַל קאַצמאַן אין די ענינים איז געווען דער אויבנדערמאָנטער הויפט־שטורמפירער סייס אינקוואַרט, וועלכער האָט אַמטירט אין דער אָרטיקער געוועזענער פוילישער וואָיעוואָדשאַפט. צו אונדזער אומגליק האָט דער מענטש וואָס האָט זיך דערמיט פאַרנומען אין אונדזער אונטערנעמונג, דער יידישער אינזשינער ריכאַרד שטיינער, אַ ווינער, איבערגעגעבן די ליס־טעס און די מעלדונגס־קאַרטן נישט דורך דער אָרטיקער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, נאָר אַ פוילישן פאַרטרויונגסמאַן, און יענער האָט זיי, דורך אַ טעות אָדער מיט אַ פאַרויסיקער כוונה איבערגעגעבן דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג. סייס־איקוואַרט האָט אין אָנהייב נישט געוואָלט צונעמען די מעל־דונגס־קאַרטן און דערקלערט, אַז די דאָזיקע יידן, וועגן וועלכע ס׳האַנדלט זיך, קענען אויך ווייטער אַרבעטן ווי פאַכמענער אין דער אונטערנעמונג, אָבער ווי אַרעסטירטע פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער האָט פאַרהאַלטן ביי זיך אַלע מעלדונגס־קאַרטן, און אַזוי־אַרום זענען די הונדערט יידן אין אונ־דזער אונטערנעמונג געבליבן בכלל אָן שיינען.

אויפן צווייטן טאָג, דעם 10טן אויגוסט, 1942, האָבן מיר זיך דער־וווּסט פיר אַזייגער באַגינען, אַז אַלע גאַסן זענען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און דער פאָליציי (וועלכע איז אין איר מערהייט באַ־שטאַנען פון דייטשן). מיין פרוי, מיינע צוויי קינדער און איך האָבן זיך שנעל אָנגעטאָן און זענען אַוועק אין דער אונטערנעמונג. דאָס איז געווען אַ גרוי־סע ריזיקע, אָבער מיר האָבן קיין ברירה נישט געהאַט. ס׳האָט זיך אונדז איינגעגעבן אַרומצוגיין די פאָליציי־וואַכן, וואָס זענען געשטאַנען אומעטום, און אַזוי זענען מיר געקומען (אָן אָפּצייכענונגען) פאַר זעקס אַזייגער אין

ביורא פון דער אונטערנעמונג. דא האבן מיר געבעטן — אויף יעדן פאל — מען זאל אונדז געבן באשטעטיקונגען, אז אונדזערע קארטן געפינען זיך ביי סייס איקוואַרטן אויף אונטערצושרייבן. מיין טאַכטער און זון האבן גע־אַרבעט אין דער אונטערנעמונג, און אויך זיי האבן געהאט מעלדונגס־קארטן. מיין פרוי האט געהאט אַ קארטע מיט אַ באמערקונג, אַז זי פירט די ווירט־שאַפט פון דריי ייִדישע אַרבעטער, און אַזאַ קארטע האט בדרך־כלל גע־גאָלטן אַז זי פאַרזיכערט.

ניין אַזייגער האבן מיר זיך דערוווּסט פון מענטשן, וועלכע ס'האט זיך אויך איינגעגעבן, ווי אונדז, אויסצומיידן בשלום די פאָליציי־פּאָסטנס, אַז נאָך אין די פריִע פרימאָרגן־שעהן זענען געכאַפּט געוואָרן טויזנטער ייִדן, וועלכע האבן נישט געקענט באַווייזן דעם שטעמפּל פון ס.ס., און אַוועקגע־פירט געוואָרן צו דער וואָקזאַל־סטאַציע. פון די מענטשן פון אונדזער אונ־טערנעמונג זענען גענומען געוואָרן אַ דרייסיק מענטשן, צווישן זיי דער אינזשינער שטיינער. אַזוי ווי מיר האבן זיך נישט דערוועגט אַרויסצוגיין אין גאַס (דער דייטשישער לייטער איז געווען אַוועקגעפאָרן, ער זאָל האבן באַקומען אַ באַפעל דערויף, און דער אוקראַיִנישער אַרבעטס־פירער האט נישט באַזיצן די דייטשישע שפּראַך און אויך דערקלערט, אַז ער וויל נישט אינטערווענירן פאַר די ייִדן ביי די גערמאַנישע מאַכט־אינסטאַנצן), האבן מיר געפּרוּווט זיך פאַרבינדן טעלעפאָניש מיט דער אָרטיקער מיליטערי־שער פאַרוואַלטונג און ווירקן אויפן דעזשורירנדיקן אָפיציר ער זאָל אָפּ־שטעמפּלען אונדזערע מעלדונגס־קאַרטן ביי די פּאָליציי־פירער און די ס.ס.

יענעם טאָג האָב איך געפירט העכער הונדערט טעלעפאָנישע גע־שפּרעכן וועגן דעם ענין, וועלכע האבן אין אָנהייב קיין שום רעזולטאַט נישט געגעבן, ווייל די מיליטערישע פאַרוואַלטונג האט געטענהט — און מיט רעכט — אַז מיר האבן באַדאַרפט צושטעלן די מעלדונגס־קאַרטן שוין פון לאַנג, און איצט האבן מיר פאַרשפּעטיקט דעם טערמין. אין צווישנצייט זע־נען צוגעקומען נאָך טויזנטער ייִדישע קרבנות, און צווישן זיי נאָך מענטשן וואָס האבן געאַרבעט אין אונדזער אונטערנעמונג און נישט באַוויזן זיך אַריינצובאַקומען אין אונדזער ביורא.

מיטוואָך האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו באַוועגן דעם שעף פון דער

מיליטערישער פאַרוואַלטונג, דראָענדיק אים אָפּצושטעלן די אונטערנעמונג, וועלכע אַרבעט פאַר דער ווערמאַכט, צו שיקן אַן אונטעראָפיציר צום ס.ס.־ און פאָליציי־פירער.

ס׳איז נישט צו באַשרייבן אונדזער פרייד, ווען אום מיטוואָך נאָכמי־טאָג (דער דריטער טאָג פון דער אַקציע) זענען אָריינגעקומען צוויי אָפי־צירן פון דער ווערמאַכט און אַנידערגעוואָרפן אויפן טיש אַלע מעלדונגס־קאַרטן — אויך פון יענע וועלכע זענען שוין געווען פאַרהאַלטן — ווי גע־עריק אָפּגעשטעמפּלטע. מיט טרערן אין די אויגן האָבן מיר אַרומגע־האַלדזט איינער דעם אַנדערן. מיר האָבן געפּרוווט זיך משתדל זיין ביי דער ס.ס. זיי זאָלן באַפרייען די פאַרהאַלטענע ייִדן, וועלכע אַרבעטן אין דער אונטערנעמונג און וואָס זייערע געשטעמפּלטע קאַרטן זענען ערשט געווען ביי אונדז, אָבער דער פּרווו איז געווען אַן אומזיסטער.

טאָג־טעגלעך זענען געוואָרן געכאַפּט פון אַ זעקס ביז אַכט טויזנט מענטשן און געטריבן אויף אַ פּלאַץ לעבן דער יאַנאָווסקאַ. אַרויפקומענדיק אויף דעם שטח, האָבן זיי געמוזט אָפּגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך. זיי זענען געבליבן אָן עסן און טרינקען און געוואָרן אַריינגעפירט ווי פּי אין שרעקלעכער געפּרעסטקייט און שטיקנדיקער היץ אין אָפענע אָדער פאַרמאַכטע וואַגאָנעס און אַוועקגעפירט קיין בעלזשעץ.

אונדזערע מענטשן זענען נישט באַפרייט געוואָרן. ס׳איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרשטעלנדיקן מיט עמעצן פון זיי. ס׳איז נישט געווען קיין ספּעציעלער אָמט, וועלכער זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע ענינים. די פאַראַנטוואָרטלעכע האָט מען נישט געקאָנט אויפזוכן. די פאַר־האַלטענע האָבן זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון ס״ס, דער אוקראַי־נישער און לעטישער מיליץ און פוילישע שפּיצלען. ווי ייִדן האָבן מיר נישט געקאָנט זיך דערוועגן צו גיין אַהין, און אונדזער אוקראַיִנישער אונטערנע־מונגס־פירער, וועלכער פלעגט פאַר יעדן וואָרט נעמען טייערע „מתנות״, האָט גאָרנישט נישט געוואָלט טאָן, טענהנדיק, אַז די דייטשישע אינסטאַנצן מאַכן אים פאַרוואָרפן אַז ער אינטערוועני רט לטובת די ייִדן און האָבן אים געדראָט מיט שטראָפן. דער דייטשישער לייטער, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן „דינסטלעך״ אויף צוויי טעג פאַר דער אַקציע — בדרך־כּלל האָט ער זיך

נישט נוהג געווען צו פאָרן — האָט זיך נישט אומגעקערט ביזן סוף פון דער אַקציע. אויף אַזאַ אופן זענען מיר געבליבן אין משך פון די אַלע טעג — נישט געקוקט וואָס מיר אַרבעטן אין אַ קריגס־וויכטיקער אונטערנעמונג, וואָס דאַרף אונדז שיצן — פאַרלאָזן אויפן אייגענעם באַראַט און אויסגעלי־פערט דעם ווילקיר פון דער ס״ס און באַזונדערס דער אוקראַאינישער מי־ליץ, דער לעטישער מיליץ און די פוילישע געהיים־פּאָליציי. דאָס זעלבע וואָס אין אונדזער אונטערנעמונג האָט פּאַסירט אויך אין אַנדערע, ווו יידן זענען געווען באַשעפטיקט. אומעטום האָט מען געקעמפט אין משך פון דער אַקציע פאַר באַקומען די שטעמפּלען. בעצם האָבן די דאָזיקע שטמפּלען קיין גרויסן ווערט נישט געהאַט, ווייל דאָס איזדיעקעווען זיך פון די אוקראַאינישע און לעטישע מיליציאָנערן איז געווען ווי פריִער, נישט געקוקט אויף די געשטעמפּלטע קאַרטן. זיי פלעגן פשוט קאָנפיסקירן אָדער צערייסן די קאַרטן און מעלדן אַז זייערע קרבנות האָבן נישט די געהעריקע שטעמפּלען.

די יעניקע יידן, וועלכע האָבן זיך געקלאָגט אויף דעם דאָזיקן איז־דיעקעווען זיך, פלעגן געשלאָגן ווערן ביז בלוט און זענען געווען געצוואונגען צו שווייגן.

ווען די דאָזיקע אַקציע אין די יידישע קוואַרטאַלן האָט אָנגעהויבן שוואַכער ווערן, ס׳הייסט, ס׳זענען געכאַפּט געוואָרן צום ווייניקסטן 40.000 יידן אין דער־אָ סביבה — זענען די מערדער איבערגעגאַנגען צו אַ צוויי־טער אַקציע אין די אַזוי־גערופענע שטאָט־טיילן, ווו ס׳האָבן זיך דאָ־און־דאָרט געפונען יידן, אָדער אונטערנעמונגען מיט יידישע אַרבעטער. כדי נישט אויפצורייצן די אַרישע באַפעלקערונג און נישט זיין צו לעסטיק, זע־נען זיי נישט געגאַנגען פון הויז צו הויז (ווי זיי האָבן עס געטאָן אין יידישן קוואַרטאַל), נאָר אַריינגעגאַנגען אין יענע הייזער, וועגן וועלכע זיי האָבן געוווסט דורך די אַריער, אַז דאָרט געפינען זיך יידן. און זיי האָבן געהאַט אויף ווערן זיך צו פאַרלאָזן. מיט דער הילף פון די אַריער האָבן זיי גע־זוכט אין אַלע הייזער און באַהעלטענישן, ווו ס׳האָבן געוווינט אָדער געאַר־בעט יידן, און זיי פון דאָרט אַרויסגעפירט.

איינער אַ ייד וואָס איז געווען באַשעפטיקט אין אונדזער אונטערנע־מונג און האָט גוט געקענט דעם בנין פון אונדזער פאַבריק, האָט זיך צו

מיר געוואָנדן מיט אַ געהיימען פּלאַן. אין דעם בנין געפינט זיך אַ פאַרמאַכ־טער באַלקאָן, וואָס זיין פראָנט גייט אַרויס אויף די פעלדער און קאָן נישט אויפגעדעקט ווערן פון דרויסן; אונדזערע ביידנס ווייבער און אויך אונדזער שכנס טאָכטער — זיי האָבן געאַרבעט אין אַ שטוב־ווירטשאַפט און זיך גע־שראָקן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג — דאַרפן אַריבערגיין אויף דעם דאָזיקן באַלקאָן, און מיר זאָלן אים פון אינעווייניק פאַרמויערן, ביז דער שטורעם וועט אַריבער.

אין יענער צייט האָבן די מעלדונג־קאַרטן פון שטוב־ווירטשאַפט נישט געגאָלטן ווי כשרע שיינען. דעריבער האָט מען זיך געדאַרפט ראַטעווען אויף וואָסער אופן ס׳זאָל נישט זיין. מיר האָבן פאַרמויערט די דריי פרויען אין דעם באַלקאָן. ווער ס׳זאָל נישט אַריינקומען אין דעם בנין און אַפילו זוכן — וועט אים נישט איינפאַלן, אַז אויפן דריטן שטאָק קאָן זיך געפינען אַ באַלקאָן וואָס קוקט אַרויס צו די פעלדער.

אַנדערע צען מענטשן האָט מען פאַרמויערט אין אַ וואַנע־צימער, אין דעם בנין און דעם פרישן טינק פאַרשטעלט מיט שאַפעס. אַזעלכע באַהעל־טענישן זענען פאַקטיש געמאַכט געוואָרן אין אַלע יידישע וווינונגען, און טייל פון זיי האָבן אויך דערפילט זייער אויפגאַבע. מיינע עלטערן, פון צוויי און זיבעציק יאָר, וועלכע האָבן געוווינט אין יידישן קוואַרטאַל, זענען אַריינ־געגאַנגען אין אַ ספּעציעל־געמאַכטער באַהעלטעניש פון ברעטער צווישן אַ בעט און אַ וואַנט, וואָס האָט געהאַט אין דער ברייט 35 סענטימעטער, און די מאַמע האָט געמוזט מאַכן געניטונגען און אַקראָבאַטישע באַוועגונגען כדי אַריינצוגיין אין דער דאָזיקער שמאָלער לאָך און פון איר אַרויסגיין.

אויפן פערטן טאָג פון דער „אַקציע”, דעם דרייצנטן אויגוסט 1942, דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג, האָט מען צו אונדז טעלעפאָנירט פון איינעם פון אונדזערע פּיליעס און מיטגעטיילט, אַז דאָרט זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אוקראַינער און דייטשישער פּאָליציי מענטשן מיט מעלדונגס־קאַרטן. אַ פרישע שרעק האָט אונדז אַרומגעכאַפּט. דעמאָלט האָבן מיר אַלע גענומען גלייבן, אַז די זיכערסטע מיט זייער לעבן זענען יענע וואָס זענען פאַרמוי־ערט. איך בין אַנטלאָפן מיט מיין טאָכטער פונעם בנין. עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו ברענגען מיין טאָכטער דורך הינטערוועגן צו אונדזער פריער־

דיקער וווינונג, אַרויסגייענדיק פון דער גערעכטער הנחה, אַז אין דעם הויז ווו די געסטאַפּאָ וווינט וועט נישט געמאַכט ווערן קיין רעוויזיע. מיין טאָכ־טער האָט זיך נישט דערוועגט אַריינצוגיין אין דער וווינונג און זיך באַ־האַלטן אונטער די שטיגן. איך בין געלאָפן צו מיין זון, וועלכער האָט גע־אַרבעט אין אַ צווייטער אונטערנעמונג, אים מודיע צו זיין אַז ס׳זענען פאַר־האַלטן געוואָרן ייִדן — כשרע קאַרטן־באַזיצער. מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו דערקריגן צו אונדזער וווינונג אויף ראַפּאָפּאָרט־גאַס נומ׳ 1, ווו ס׳איז שוין, לויט מ׳האָט אונדז איבערגעגעבן, דורכגעפירט געוואָרן די „אַקציע״. אין יענע טעג זענען געמאַכט געוואָרן רעוויזיעס אין די אַרישע קוואַרטאַלן און אין די פאַבריקן, אַ ייִד איז זיכערער געווען אין גאַס און אַפילו אין ייִדישן קוואַרטאַל, איידער אין אַ פאַבריק. מיר האָבן אויסגענוצט אַלע אונ־דזערע ידיעות און פעיִקייטן אין געאָגראַפיע און סטראַטעגיע, כדי זיך צו דערלאַנגען מיט די פאַרשיידנסטע און משונהדיקע וועגן צו אונדזער ווויּ־נונג. ס׳איז געגאַנגען אַ שלאַקס־רעגן, און מיר האָבן רחמנות באַקומען אויף אונדזערע ווייבער וועלכע זענען פאַרמויערט געוואָרן אויפן באַלקאָן און ווערן דורכגעווייקט.

אין גאַנג האָבן מיר געזען ווי אַלע געוועלבער אין די הויפּט־גאַסן זע־נען אויפגעבראָכן געוואָרן, און מ׳האָט פון זיי אַרויסגעפירט די ייִדן, וואָס האָבן זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. פאָדלאָגעס זענען אויפגעריסן געוואָרן מיט האַמערס, העק און לאָמען. ווענט זענען דעמאָלירט געוואָרן. יעדער אָרט, ווו אַ מענטש האָט געקאָנט דאָרט זיך באַהאַלטן, איז אויפגעבראָכן און צעהאַקט געוואָרן. מיינער אַ קוזין האָט זיך באַהאַלטן אין אַ פאַס און געבעטן מען זאָל אים פאַרדעקן מיט מיסט. בשעת דער רעוויזיע האָט מען אים דורכגעשטאָכן אַ פוס מיט אַ באַגנעט.

די שטאָט האָט זיך אויסגעליידיקט פון איר באַפעלקערונג. קיין ייִדן איז נישט געווען צו באַגעגענען. די אַרישע היִענעס פלעגן קומען אויף יעדן אָרט, ווו די געסטאַפּאָ האָט דורכגעפירט אַ רעוויזיע, כדי צו גענייסן פון רויב. מ׳האָט געקאָנט זען ווי געפערלעך קראַנקע, געליימטע און אַנדערע אינוואַלידן ווערן אויפגעלאָדעוועט אויף וועגענער, אָדער געפירט פון פיר אַנדערע נויט־חברים, ווי מ׳וואָלט זיי אָפּגעטראַנספּאָרטירט אין אַן אָפּרו־

הויז. אין דעם הויז אויף ראַפּאָפּאָרט־גאַס נומ׳ 1, ווו מיר האָבן געוווינט, האָבן זיך 17 מענטשן פאַרמויערט אין אַ טיפן קעלער. ווען מיר זענען אַהין געקומען, זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז איינער פון די מענטשן איז שוין געשטאָרבן, און מ׳האָט אים נישט געקאָנט אַוועקנעמען פון דאָרט, ווייל דער הויז־וועכטער האָט גוט געהיט און טאָג־טעגלעך צוגעגעבן חשק די געסטאַפּאָ און אוקראַינישער מיליץ צו רעווידירן דעם קעלער. ער האָט פון דעם באַהעלטעניש נישט געוווסט, נאָר זיך משער געווען, אַז די יעניקע מענטשן װלכע זענען פאַרשוווּנדן פון הויז האָבן זיך זיכער דאָ ערגעץ פאַרשטעקט. מ׳האָט עטלעכע מאָל געמאַכט רעוויזיעס אין דעם קעלער, אָבער דער קאַמוּפליאַזש איז געווען אַזאַ גוטער, אַז מען האָט גאָרנישט אַנטדעקט.

ס׳איז נישט צו שילדערן אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען ס׳האָבן געלעבט די דאָזיקע 16 מענטשן, וועלכע האָבן מיט זיך נישט געהאַט קיין שפּייז און זענען געצווּונגען געווען זיך צו באַנוּגענען מיט דעם סאַמע מינדעסטן, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען. זייערע באַדערפענישן האָבן זיי געטאָן אין דעם דאָזיקן שמאָלן קעלער. די מענטשן האָט מען שפּעטער נישט געקאָנט דערקענען. אַלע האָבן זיי אויסגעזען געבויגענע, דערשלאָגענע, פאַרשמוּציקטע. זייער הויט איז געל געוואָרן, און די אויגן האָבן אויסגעדריקט שרעק פאַרן טויט. דאָס זענען געווען די גליקלעכע, וואָס זענען לעבן־געבליבן נאָך דער „אַקציע".

ווען מיר זענען געקומען אין דער וווינונג, איז די „אַקציע" באַנייט געוואָרן אין דער דאָזיקער געגנט, און דווקא אין אונדזער גאַס צום שטאַרקסטן. יעדעס הויז איז דורכגעניִשטערט געוואָרן פון פונדאַמענט ביזן שפּיץ דאַך. ס׳זענען אויפגעריסן געוואָרן שאַפעס, קאָמאָדעס און קאַסטנס, ווו נאָר ייִדן האָבן — לויט דער מיינונג פון דער געסטאַפּאָ — געקאָנט זיך באַהאַלטן. אויף די דעכער האָבן געלאָקערט לייט פון געסטאַפּאָ און ס"ס, פאַרשטעלטע פאַר קוימענקערער, צו זען צי האָט זיך נישט אַוועלכן ייִדן איינגעגעבן צו אַנטרינען.

פון אַ פענצטער, פון מיין וווינונג אויפן 4טן שטאָק, בין איך געווען אַן עדות פון אַזאַ סצענע: אין דעם שכנס 5־שטאָקיקן הויז האָט געוווינט אַ יונגע, זייער שיינע ייִדישע פרוי, אַ מאַמע פון אַ 2־יאָריק מיידעלע, אויך אַ וווּנ־

דערלעך־שיינס. דאָס מיידעלע איז געווען זייער אַ געשייטס און האָט, נישט געקוקט אויף איר יונגער עלטער, פאַרשטאַנען די גאַנצע טראַגיק פון דער לאַגע. די פרוי האָט זיך באַהאַלטן אין קוימען מיטן קינד אויף די הענט. אַפּנים, אַז דער הויזוועכטער האָט עס באַמערקט און געבראַכט די געסטאַפּאָ. ווען די תלינים האָבן אַרויפגעקוקט אין קוימען, איז די פרוי אַרויסגע־קראָכן מיטן קינד פון קוימען אויפן דאַך. דאָ האָבן זיי דערזען יענע „קוי־מענקערער", וואָס האָבן געלאָקערט אויף די דעכער. ווען די פרוי האָט געזען, אַז אין קוימען איז שטיל און אויפן דאַך לאָקערט אויף איר די געפאַר, איז זי צוריק אַריינגעקראָכן אין קוימען. פינף מאָל האָב איך זי געזען אַריינ־קריכן און אַרויסקריכן, ביז זי האָט זיך איבערצייגט אַז אַלע אירע אָנשטרענ־גונגען זענען אומזיסט — און זיך אונטערגעגעבן.

זעקס אין אָוונט האָב איך זיך אַריינגעשלייכט אין אַ נאָענטער אַפּטייק, אָנגעקלונגען אין פאַבריק און געפרעגט וועגן דער לאַגע און צי די וואָס האָבן זיך פאַרמויערט זענען נישט אַנטדעקט געוואָרן. כ'האָב נישט באַקומען דעם געוווּנטשענעם ענטפער. קיינער פון די ייִדן, וואָס זענען געווען אין קאַנצעלאַריע האָט נישט געוווּסט מיר צו ענטפערן. כ'האָב געקלונגען פיר מאָל, ביז ס'איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן דאָס ווייב פונעם פירער פון דער אונטערנעמונג, קאָצולאַ, און מיר געזאָגט, אָן שום שהיות, אַז מיין ווייב מיט די צוויי ווייבער וואָס זענען געווען אויפן באַלקאָן זענען געוואָרן אויפ־געדעקט און אַרעסטירט.

מ'האָט זיי אַראָפּגעלאָזט מיט שטריק, כדי צו וועקן נייגעריקייט ביי דעם צוקוקנדיקן עולם. מיין פרוי האָט באַוויזן צו בעטן דעם אוקראַיִנישן פירער פון דער אונטערנעמונג, פּאָלינסקי, ער זאָל אינטערווענירן לטובת איר, אָבער ער האָט געשוויגן און אַפילו קיין פינגער נישט צוגעלייגט. דאָס אַלץ האָב איך זיך דערוווּסט פון די ייִדישע אַרבעטער אין דער אונ־טערנעמונג, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט. זיי האָבן מיר אויך דערציילט, אַז דאָס האָט עס די פרוי קאָצולאַ פאַרמסרט די פרויען אויפן באַלקאָן פאַר דער געסטאַפּאָ.

כ'האָב נישט געוווּסט, ווי אַזוי כ'האָב פאַרלאָזט די טעלעפאָן־צעלע און אין וועלכער ריכטונג געלאָזט זיך גיין. כ'האָב, אַ פּנים, געוויינט אויף אַ

קול, אַזוי אַז מענטשן אין גאַס האָבן זיך אָפּגעשטעלט און מיך אָנגעקוקט. מיר איז נישט קלאָר ביז היינט מיט וועלכע גאַסן כ׳בין געגאַנגען און פאַר־וואָס כ׳בין נישט פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. כ׳בין דורכגע־גאַנגען דעם צענטער שטאָט און געזוכט מיין טאָכטער אין אַלע פּיליעס פון דער אונטערנעמונג, ביז כ׳האָב זי אין איינעם פון זיי געפונען. זי האָט שוין געוווסט וועגן אונדזער בראָך. זי איז אויפגעטרייסלט געוואָרן, אָבער דעם מוט האָט זי נישט פאַרלוירן.

דאָ האָב איך זיך דערוווסט, אַז אויך מיין שוועגערן מאַריאַנע איז גע־וואָרן געכאַפּט דורך דער זעלבער גרופּע געסטאַפּאָווצעס און אַוועקגעפירט צוזאַמען מיט מיין ווייב. מיין ברודער, איר מאַן, וועלכער האָט געאַרבעט אין אַן אוקראַינישער אונטערנעמונג און דאָרט געגאַסן פון גרויסן צוטרוי, האָט זיך געיאָגט נאָך איר און געפּרווט זי ראַטעווען, נאָר אויך ער איז פאַר־נומען געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. אין אוקראַינישן מיליץ־קאָמיסאַריאַט אויף קורקאָווע־גאַס האָט מען צעריסן זיין מעלדונגס־קאַרט׳ע מיטן שטעמפּל פון דער ס״ס. ער איז געוואָרן געשלאָגן און אַוועקגעפירט אין קאָנצענטראַ־ציע־לאַגער אויף יאַנאָווסקי־גאַס. זייער פיר־יעריק מיידעלע, לידיען, האָבן מיין ברודער און זיין ווייב אַוועקגעגעבן נאָך אין אָנהייב פון דער „אַקציע״ צו אַן אַרישער שכנה, מיט וועלכער זיי האָבן זיך באַפריינדעט, און איר געגעבן פאַרן אויסהאַלטן זי פאַרשיידנערליי ווערטזאַכן, געלט און אַזוי ווײ־טער. דער דאָזיקער שכנה האָט מען געגעבן אָנצוהערן, אַז אין קראַגעלע פון קינדס מאַנטעלע זענען פאַרשטעקט געוואָרן צוויי הונדערט דאָלאַר, און אויב דעם מיידעלעס עלטערן וועלן נעלם ווערן, און זי וועט דאַרפן זי האַלטן אַ לאַנגע צייט, זאָל זי זיי פאַרנוצן. אויפן צווייטן טאָג, נאָך דעם ווי מיין ברודער מיט זיין ווייב זענען פאַרהאַלטן געוואָרן, האָט די דאָזיקע פרוי צו וויסן געטאָן דער פאַטרולירנדיקער געסטאַפּאָ, אַז ביי איר געפינט זיך אַ יידיש מיידעלע. באַלד איז צוגעפאָרן אַ לאַסטאויטאָ און אַלע יידישע קינ־דער פון דער דאָזיקער גאַס און די נאָענטע גאַסן זענען געוואָרן אַרויסגע־וואָרפן דורך די פענצטער אָדער אַראָפּגעשליידערט פון די שטיגן, און דאָס בלוט איז געראונען פון די פּיצלעך. און אויב אַ קינד איז געשליידערט גע־וואָרן אויף דער וואַנט פון דעם הויז, איז דעם דער שאַרבן צעבראָכן גע־וואָרן, און דאָס יונגע מוחל האָט פאַרשפּריצט די ציגל.

דאָס אויבנדערמאָנטע מיידעלע איז געווען אַ קלוגס און האָט גוט פאַר־שטאַנען די טראַגישע לאַגע. שוין אין דער צייט פון דער „אַקציע" פלעגט זי מורמלען „דעם טאַטן וועט גאָרנישט נישט געשען, ווייל ער האָט דעם שטעמפּל פון דער ס. ס.". און ערשט האָט זיך אויך לידיע געפעלט. דאָס מאַנטעלע מיט די איינגענייטע דאָלאַרן און אויך אַלע פאַרשיידענע חפצים וואָס זענען פאַרבליבן אין דער פאַרלאָזענער וווינונג האָבן צוגענומען די שכנה און אַנדערע ענלעכע צו איר „פריינדינס".

מ'האָט באַדאַרפט זיין אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן ווילן און מעכטיקן לעבנס־אינסטינקט, צו קאָנען זיך באַהערשן אין אַזאַ צייט. איז דעריבער נישט קיין וונדער, וואָס ביי אַ סך יידן — באַזונדערס ביי די פון ווין און דייטשלאַנד — האָט זיך איינגעבראָכן דער לעבנס־ווילן, און זיי זענען אַנט־לאָפן פון די פּייניקונגען און דערנידערונגען דורך אַנטלויפן פונעם לעבן בכלל. ביי מיין פרוי איז צוגענומען געוואָרן דער ווילן צום לעבן נאָך דעם ווי איר ברודער איז דערשאָסן געוואָרן און זי האָט זיך דערוווסט אַז אויך אירע עלטערן זענען געשטאָרבן. זי איז געוואָרן פאַרצווייפלט, האָט זיך איינגעבראָכן פיזיש און גייסטיק און מער נישט געוואָלט טאָן גאָרנישט זיך צו ראַטעווען. מיר האָבן זי איינגערעדט זי זאָל קריגן פאַר זיך און אונדזער טאָכטער „אַרישע פאַפּירן", כדי זיי זאָלן קאָנען אַריבער אויף דער אַרישער זייט און געראַטעוועט ווערן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט און מיר געזאָגט איך זאָל טאָן אַלץ צו ראַטעווען די קינדער. זי האָט נישט מער קיין אינטערעס אין לעבן.

די דערשיטערנדיקע „אַקציע" האָט געדויערט אַ צוועלף טעג. אַ זעקס טויזנט יידן זענען טאָג־טעגלעך אַרעסטירט געוואָרן. די טראַנספּאָרטן אין פאַרמאַכטע פי־וואַגאָנען זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער באַן־סטאַציע קלע־פּאַרוו, וואָס האָט געהאַט אַ ליניע צום לאַגער אויף יאַנאָווסקי־גאַס, קיין בעלזשעץ, און דאָרט זענען די יידן פאַרגאַזט געוואָרן. זייער שוכוואַרג און קליידונג איז סאָרטירט געוואָרן. די בעסערע זענען אָוועקגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, די ערגערע האָבן געדינט צו באַקליידן און באַשוכן די אַרבעטער־שקלאַפן, פּוילישע, אוקראַינישע און פון אַנדערע פעלקער, וועלכע זענען געוואָרן געכאַפּט און געבראַכט קיין דייטשלאַנד און אין די אַנדערע דורך איר אָקופּירטע לענדער.

מיין טאָכטער האָט אין איר גרויסער נאַיִווקייט געגלייבט, אַז דער פּוי־
לישער געסטאַפּאָ־אַגענט, באַפּיא, וועלכער האָט זיך אַריינגעצויגן אין אונ־
דזער וווינונג, וואָס פון זיינע ליפּן האָט געטריפט „מיטגעפיל און גרייטקייט
צו העלפן", וועט אונדז באַהילפיק זיין, אָבער ער האָט איר געענטפערט, אַז
יעדער אַריער וועלכער וועט זיך דערוועגן אינטערווענירן לטובת אַ ייִדן,
וועט גלייך גענומען ווערן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אַזוי זענען מיר געגאַנגען פאַרצווייפלטע און העשענדיקע צו אונדזער
וווינונג אויף ראַפּאָפּאָרט־גאַס, ווו ס'האָט געוואַרט אונדזער זון. מיר האָבן
אים געטראָפן מיט אַן אָנגעשוואָלן פּנים און פאַרוווּנדעטן קאָפּ. ווען צוויי
ס"ס־אָפיצירן זענען געקומען אין דער וווינונג און אים געטראָפן, און ער
האָט זיי געוויזן די כשרע שיין, וועלכע באַשטעטיקט אַז ע'ר האָט געאַרבעט
די גאַנצע נאַכט און האָט רעכט צו רוען בייטאָג, האָט אים איינער פון די
אָפיצירן געשלאָגן מיט זיין שפּיצרוט איבערן קאָפּ און פּנים. די וווינונג
איז געווען ליידיק. די אַנדערע צוויי משפּחות וואָס האָבן געוווינט מיט אונדז
זענען געכאַפּט און אַוועקגעפירט געוואָרן. די בעטן און שאַפעס האָבן עדות
געזאָגט וועגן דער רעוויזיע וואָס איז דאָ געמאַכט געוואָרן.

אויך דער מאָרגנדיקער טאָג האָט געפאָדערט זיינע קרבנות פון צווישן
מיינע קרובים און באַקאַנטע. מיין פרויס שוועסטער, וועלכע האָט זיך פאַר־
שטעקט הינטער די שטיגן אין דער וווינונג פון אירע אַרישע באַקאַנטע, איז
אויפגעדעקט און אַוועקגעפירט געוואָרן. איר פערצן־יעריק ייִנגל האָט זיך
געמאַכט אַ באַהעלטעניש אויף דער דרויסנדיקער זייט פון דעם פענצטער
אין דעם וואַנע־צימער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ פינצטערן הויף, און
איז דאָרט געהאָנגען צוויי טעג אויפן פענצטער־געזימס. אַזוי איז ער גע־
ראַטעוועט געוואָרן.

ווי אויבן געזאָגט, האָבן זיך צען ייִדן פאַרמויערט אין אַ וואַנע־צימער.
אונדזערע אַרבעטס־קאָלעגן, די אַריער, האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן אַז
די דאָזיקע ייִדן זאָלן געראַטעוועט ווערן און מיטגעטיילט וועגן דעם דער
געסטאַפּאָ. ס"ס־באַנדעס און געסטאַפּאָ האָבן געזוכט מיט דער הילף פון
שפּיר־הינט אין אַלע ווינקעלעך פון דער אונטערנעמונג, און ווידער איז די
פרוי קאָצולא געווען די וועלכע האָט אויפגעדעקט דאָס באַהעלטעניש. די־

צען מענטשן זענען אויפגעדעקט געוואָרן און ווי אַ שטראָף דערפאַר זענען צוגענומען געוואָרן אַלע ייִדן וואָס האָבן זיך געפונען אין דער אונטערנע־מונג. אויך יענע, וואָס האָבן געהאַט די געהעריקע שטעמפּלען.

אויך מיינע צוויי קינדער זענען געבראַכט געוואָרן אין יאַנאָווסקי־לאַ־גער. איך האָב זיך געפונען אין ביוראָ. די געסטאַפּאָ־לייט זענען אַרומגע־לאָפן אַהין און צוריק, נאָר בדרך־נס האָבן זיי מיך נישט באַמערקט. ווען כ׳האָב בגנבה אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען ווי צווישן די אַנ־דערע ייִדן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אויך מיינע קינדער, בין איך גע־פאַלן אין חלשות. וואָס מיט מיר איז געשען דערנאָך, ווייס איך נישט. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט אויף דער קאָשעטע אין דער וווינונג פון דעם אונטערנע־מונגס־פירער, קאָצולאַ. זיין ווייב, וועלכע האָט גורם געווען אונדזער גאַנצן אומגליק, האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער מיר. די דאָזיקע פאַרשאָלטענע שלאַנג האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן דערמיט וואָס איך בין לעבן געבליבן. זי האָט געוווסט, אָדער זיך משער געווען, אַז איך האָב ווערטפולע זאַכן. כ׳האָב געפילט, אַז אירע כוונות זענען בייזע, אָבער אַהיימגיין האָב איך נאָך נישט געקאָנט און בין געווען געצווונגען צו שלאָפן אין דער אונטערנעמונג. כ׳האָב זיך אויסגעפּאַרטיקט אַ באַשטעטיקונג אויף דייטש און אוקראַיִניש, אַז איך דאַרף אַרבעטן אין ביוראָ ביינאַכט.

אין דעם אָרט ווו ס׳זענען אויפגעדעקט געוואָרן די צען ייִדן, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטער אַ בעט דעם אויבנדערמאָנטן פּעפּערמאַנס ווייב, און די תּליינים האָבן זי צופעליק נישט דערזען. דאָס דאָזיקע צימער האָט די געסטאַפּאָ אָפּגעשלאָסן און פאַרזיגלט, ווייל אַלע ייִדישע צימערן מיט אַלץ וואָס אין זיי פלעגן קאָנפיסקירט ווערן. אַרום האַלבער נאַכט האָב איך פון יענעם אָרט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט די ביוראָען און וואָס כ׳האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָרט איז פאַראַן אַ לעבעדיק באַשעפעניש, דער־הערט אַ קלאַפּן. אין אַ שטיקל צייט אַרום איז געקומען די קאָצולאַ. זי האָט געגנוי אויסגערעכנט ווער ס׳איז פאַרנומען געוואָרן און ווער ס׳האָט זיך נאָך אויסבאַהאַלטן ערגעץ־ווו. זי האָט אָנגעשטעלט אַ תמימותדיק פּנים און מיך אַריינגעפירט אין איר וווינונג. דערנאָך האָט זי מיך געלאָזן ביי איר מאַן און איז אַרויס אין דרויסן. ס׳איז געווען צוויי אַזייגער באַגינען, און כ׳האָב

קיין גוטס נישט דערוואַרט. אין אַ האַלבע שעה אַרום האָב איך געהערט ווי אַן אוקראַאינישער מיליציאַנט האָט אויפגעעפנט דעם שלאָס פון דעם צימער און מיט זיך פאַרנומען די פרוי פעפערמאַן. די קאָצולא האָט זיך אומגעקערט אין איר וווינונג, וועלכע איז פריער געווען די פעפערמאַנס, גלייך ווי גאָרנישט איז נישט געשען. ס׳זענען אַריבער בלויז עטלעכע מינוט, און מיר האָבן געהערט שרייען דער פרוי פעפערמאַן. זי האָט געיאָמערט און געבעטן, אַז קאָצולא זאָל איר געבן אַ זייגער, אַ רינגל אָדער אַן אַנדער ווערטפולע זאַך אויף אָפּצוחורשן דעם אוקראַאינער. אָבער די קאָצולא האָט געזאָגט, אַז זי באַדויערט זייער, נאָר זי קאָן איר גאָרנישט נישט געבן, און אַז זי דאַרף גיין מיטן אוקראַאינער. זי האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די פרוי פעפערמאַן איז סיי־ווי אַ פאַרלוירענע, איז אויב אַזוי צו וואָס זאָל זי געבן אַ רינגל אָדער אַ זייגער אירע שונאים די אוקראַאינער. ס׳איז איבעריק צו שילדערן, וואָס פאַר אַ געפילן איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט.

אַזוי בין איך געזעסן אַ פאַרלוירענער ביז פיר אַזייגער פאַרטאָג און האָב כמעט פאַרגעסן מיינע אייגענע צרות. דערווייל איז אַריינגעקומען די קאָצולאַ און האָט מיך געעצהט זיך צו באַהאַלטן. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסער ווערענדע, געהייסן זיך אַראָפּזעצן אויף די קני און צוגעדעקט מיט אַ גרויסער קאָלדרע. זי אַליין איז צוריק אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. ס׳האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ יאוש, און כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. איך האָב גאָט געבעטן. ס׳איז מיר שווער זיך פאָרצושטעלן אַ בעל־תפילה, וועלכער זאָל דאַווענען מיט אַ צעבראָכענערן האַרץ און פון די טיפענישן פון דער נשמה איידער איך. איך האָב געטראַכט, אַז איצט איז געקומען שוין מיין צייט. כ׳האָב געהערט, אַז דריי דייטשן און צוויי אוקראַאינער זענען אַריינגעקומען אין שטוב און האָבן אַראָפּגעקוקט פונעם דאַך און דעם באַלקאָן, ווו מיין ווייב איז אויפגעדעקט געוואָרן, אין דער ריכטונג פון מיין באַהעלטעניש, ווי זיי וואָלטן וויסן ווו איך האָב זיך באַהאַלטן. זיי זענען אַראָפּגעקומען צו מיר בחיפזון, האָבן אַראָפּגענומען פון מיר די קאָלדרע, און אָט בין איך פאַר זיי. כ׳האָב זיי באַוויזן מיינע פאַפּירן און דאָקומענטן. אויף זייער פראַגע פאַרוואָס כ׳האָב זיך באַהאַלטן, ווען מיינע דאָקומענטן זענען אין אָרדענונג, האָב איך געענטפערט, אַז כ׳האָב פאַרענדיקט די אַרבעט פיר

אַזייגער אין דער פרי און זיך נישט דערוועגט צו גיין צו דער וווינונג פון דעם אונטערנעמונגס־פירער, אָדער אַרויסגיין אין גאַס. כ׳בין פשוט געזעסן און אַנטדרימלט געוואָרן. נאָך אַ סך ווייטערע פראַגעס האָב איך „זוכה״ געווען אַ בריקע און אַ זעץ מיט אַ גומענעם שטעקן, און מ׳האָט מיך צורו געלאָזן.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דעמאָלט איז שוין געווען אַרויס־געגעבן דער באַפעל אַז די אַקציע איז פאַרענדיקט. כ׳האָב געוואַרט ביז זעקס אַזייגער און זיך געלאָזן אַהיים.

כ׳בין געזעסן אין מיין חרוב־געוואָרענער וווינונג פול יאוש. האָב גע־טראַכט וועגן מיין ווייב, מיינע צוויי קינדער, מיינע עלטערן און ברודער, ווייל וועגן זייער גורל האָב איך גאָרנישט נישט געוווּסט, צוליב דעם וואָס זיי האָבן געוווינט ווייט, אויף יענער זייט פון דעם צו שאַנד־באַרימטן „טויטן־בריק״. און ווי גרויס איז געווען מיין איבערראַשונג און פרייד ווען גאָר אומדערוואַרט האָט זיך געעפנט די טיר, און מיינע צוויי קינדער זענען אַריינ־געקומען. זיי זענען דעם גאַנצן שבת נאָכמיטאָג און די גאַנצע נאַכט געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און געווען עדות פון שוידערלעכע סצענעס.

דער לייטער פון דער אַרבעטס־ביוראָ, וועבער, וועלכער האָט זיך באַ־מיט ביי דעם שעף פון דער ס״ס און פּאָליציי ער זאָל באַפרייען די יונגע כוחות, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די קריגס־וויכטיקע אונטערנעמונגען און זענען באַזאָרגט געווען מיט די שטעמפּלען פון ס״ס, — ער האָט זיי געראַטעוועט, און מיינע קינדער זענען מיר אומגעקערט געוואָרן. דעם זונ־טיק זענען מיר נישט געשלאָפן און האָבן נישט געגעסן, נאָר געהאַלטן אין איין וויינען און קלאָגן. מיר האָבן געוויינט אויף אונדזער גרויסן אומגליק, אויף מיין אומגעקומען ווייב, אויף דער מאַמען און די קרובים — און אויך געוויינט פון פרייד וואָס אונדזערע קינדער זענען געראַטעוועט געוואָרן.

די לעצטע טעג פון דער „אַקציע״ זענען געווען געווידמעט די קינ־דער. טויזנטער קינדער זענען דערמאָרדעט געוואָרן אויפן אָרט ווו זיי זע־נען געכאַפּט געוואָרן מיט אַ האַמער, מיט אַ לאַנגן שטילעט, מיט איין אָדער צוויי קלעפּ אויפן ווייכן שאַרבן, כדי זיי זאָלן נישט וויינען אויף הויכע קו־לות, אָדער זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן ווי ספּאָרט־באַלעמס אין לאַסט־

אויטאָס. די ווערמאַכט־לייט, וועלכע זענען פריִער געקומען אין אונדזער אונטערנעמונג, זענען געווען ציניקער אָדער טיפּשים, ווייל זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז די דאָזיקע קינדער זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין ספּע־ציעלע „קינדער־הייזער", וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין דער גע־גנט פון לובלין. ווי די דאָזיקע „קינדער־הייזער" האָבן אויסגעזען, איז שוין אויבן דערציילט געוואָרן.

דעם 22סטן אויגוסט 1942 איז באַוווסט געוואָרן וועגן פאַראָרדענונ־גען פון גענעראַל קאַצמאַן, אַז די ייִדן וואָס זענען איבערגעבליבן דאַרפן זיך געפינען אונטער דער שוץ פון דער ס"ס און דער פּאָליציי. זיי דאַרפן וווינען אויפן ענגן און באַגרענעצטן שטח אויף צפון־זייט פון דעם „טויטן־בריק" און קאַשאַרירט ווערן אין די אונטערנעמונגען, וווּ זיי אַרבעטן. ס'איז פאַרבאָטן צו עפענען אַ קיך. יעדע אונטערנעמונג דאַרף באַשפּייזן אירע ייִדן אין אירע קיכן, וועלכע זאָלן אויסגעהאַלטן ווערן פון זייערע לוינען, משטיינס־געזאָגט. די אַרבעטנדיקע ייִדן האָבן געדאַרפט, גייענדיק פון די קאַשאַרן, שפּאַנען אין גרופּעס, איינגעטיילט לויט די אונטערנעמונגען, און אין מיטן דער גאַס. זיי האָבן געקאָנט זעען די גאַס נאָר בעתן דורכמאַר־שירן זי. ס'איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אַריינצוגיין אין געוועלבער, שע־רערייען, צייטונגס־קיאָסקן און אַזוי ווייטער.

דאָס דאָזיקע בייע געטאָ האָט געדאַרפט ווערן געשלאָסן ענדגילטיק דעם זיבעטן סעפּטעמבער 1942. ס'איז איילֹיק אויפגעשטעלט געוואָרן אַ צוים פון ברעטער, דריי מעטער די הייך. אַלע ברוקן אין געטאָ זענען אויפ־געריסן געוואָרן. די וואַסער־לייטונג, דער גאַז און די עלעקטריע זענען אָפּ־געשלאָסן געוואָרן. אין דאָזיקן געטאָ זענען געבליבן אַן אַכצן טויזנט ייִדן. יעדער איינער האָט זיך געזוכט אַ מעגלעכקייט ווי זיך איינצואָרדענען דאָ, און אויך מיר אַזוי. ווען די „אַקציע" איז געווען פאַרענדיקט, איז די שטאָט געווען חרוב ונחרב. די ייִדישע וווינונגען זענען געוואָרן וויסט און אויס־געראַבעט. די אַריער האָבן בודק געווען אַלע הייזער, כדי צוצוראַבן אַלץ וואָס איז נאָך איבערגעבליבן. פון דער דאָזיקער „אַקציע" האָבן געליטן אויך די ייִדישע אינסטיטוציעס, ווי דער יודענראַט, דער וווינונגס־אַמט, דער אַר־בעטס־אַמט און די אָרדענונגס־דינסט. אַלע זענען ליקווידירט געוואָרן און

די וואָס האָבן אין זיי געאַרבעט — אַוועקגעפירט. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ נייער אָרדענונגס־דינסט, אויך געעפנט אַ נייער וווינונגס־אַמט.

מיין טאָכטער האָט באַשלאָסן נישט אומצוקערן זיך מער אין געטאָ. זי האָט געקויפט ביי אַן אַרבעטס־קאָלעגין אַן אמתע מעטריקע פון יענערס אַ געשטאָרבענער שוועסטער. איך האָב איר געשאַפן אַן אַרבעטס־שיין פון אונדזער אונטערנעמונג — אויפן דאָזיקן נאָמען און מיט איר פאָטאָגראַפיע. זי האָט איינגעפּאַקט צוויי וואַליזעס מיט די נייטיקסטע זאַכן, וועלכע זי האָט באַהאַלטן אין דער אונטערנעמונג. אַ באַקאַנטע פּאָלקע, מיטן נאָמען סטאסיאַק, וועלכער איך האָב געהאָלפן אין איר נויט, אין דער צייט פון די באָלשעוויקעס, איז מיר געווען שטאַרק דאַנקבאַר און האָט אָפּגעדינט מיין טאָכטער אויף אַן אויסערגעוויינטלעכן אופן. האָט איר געקויפט אַ באַן־בילעט קיין קראָקע, געבראַכט אירע זאַכן צו דער באַן, איינגעשאַפן פאַר איר אַ קאַ־טויליש געבעט־בוך, געשאָנקען איר אַ צלם און אויסגעלערנט די תפילות, וואָס אַ קריסט זאָגט, ווען ער איז אין נויט. האָט איר אויך געגעבן אַ רע־קאָמענדאַציע־בריוו צו אירע קרובים אין קראָקע — נישט דערמאָנענדיק, אַז זי איז אַ ייִדישקע.

די דאָזיקע פרוי, וועלכע האָט ביז היינט געוווינט אין אַ בוידעם־שטיבל מיט אירע צוויי קינדער, האָט נאָך דער „אַקציע" באַקומען אַ הער־לעכע דריי־צימערדיקע וווינונג, וואָס האָט געהערט צו ייִדן. איך האָב איר אַ סך צוגעהאָלפן ביים אויסמעבלירן די נייע וווינונג.

אין איינער אַ סעפּטעמבער־נאַכט, 1942, האָט מיין טאָכטער פאַרלאָזט אונדזער וווינונג, פאַרקליידט פאַר אַן אַרישע פּויערטע. איר פריזור און קליידונג האָבן דערמאָנט אין אַ קאַטוילישער לערערין פון דער פּראָווינץ. זי האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם אָרעמבאַנד, וועלכער האָט פאַרשאַפט די ייִדן אַזויפיל אומגליקן, האָט אַריינגעלייגט אין האַנטבייטל פאָטאָגראַפיעס פון פּאָליאַקן — קשאָנדזן און אָפיצירן — אירע קרובים זאָל עס הייסן.

מיין טאָכטער האָט דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן פאַרלאָזט דאָס הויז פון אירע עלטערן, זיך לאָזנדיק קעגן דעם אומבאַוווּסטן.

מיין זון און איך האָבן איינגעפּאַקט איין וואַליזע, מיטגענומען אַ סאַפּע און זיך אַריבערגעצויגן וווינען אין אַ פּייכטער און פינצטערער לאָך אין

געטאָ, ביי מיין שוואָגערס שוועסטער, וועלכע האָט דאָס דאָזיקע „צימער״ געדונגען. די דאָזיקע פרוי איז געווען אַן עלנטע. איר מאַן און זון זענען געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. פאַר דעם אָרט צו שטעלן דאָ דאָס בעט, האָב איך באַצאָלט — מיט אַ הנחה — דעם הויזווירט בלויז טויזנט זלאָ־טעס. ס׳איז געווען מערקווירדיק, אַז מיטן פאַרמינערן זיך פון דער צאָל יידן איז געשטיגן דער פּרייז פון דירות און אכסניות. דאָס דערקלערט זיך דער־מיט, וואָס דאָס געטאָ איז געוואָרן אַלץ אײַנגעשרומפּענער און אַריבערגע־פירט אין אַ געגנט, וואָס איז כמעט נישט געווען פאַרבויט.

דאָס דאָזיקע געטאָ וואָס איז אפשר ענלעך געווען צו אַ דאָרף אָן פּויע־רים — האָט געקאָנט אַריינעמען אַ טויזנט נפשות, און איז הייַנט געצוווּנ־גען געווען אויפצונעמען צוואַנציק מאָל אַזויפיל. אויפן דריטן טאָג פון אונ־דזער אָנקומען אַהער האָבן מיר איבערגעלעבט אַן איבערפאַל פון באַנדיטן, באַגלייט מיט טומל, מהומה און יללות. די פּאָליציי און די אָרדענונגס־דינסט האָבן זיך נישט באַוויזן. די פּוילישע און אוקראַיִנישע מיליץ און אויך געהיים־אַגענטן פלעגן אָרגאַניזירן און אָפט אויך אויספירן אַזעלכע איבערפאַלן.

דאָס געטאָ איז געווען אָפּגעשלאָסן נישט אַרויסצוגיין און נישט אַריינ־צוקומען. מ׳האָט געקאָנט גיין אין שטאָט אַריין, נאָר ווען מ׳איז געווען באַ־זאָרגט מיט אַ מעלדונגס־קאַרטע, געשטעמפּלט פון ס״ס. די דאָזיקע מענטשן פלעגן זיך זאַמלען יעדן אינדערפרי ביים געטאָ־טויער און דורכמאַרשירן די אַרישע שטאָט אין געשלאָסענע רייען. אין גאַנצע קוואַרטאַלן, ווו פריִער האָבן געוווינט יידן, איז נישט געווען צו זען קיין לעבעדיק נפש. די פענצ־טער זענען געווען אויפגעפראַלט. אין אַ סך פּראָנט־הייזער, האָט מען נאָך געזען בלומען און אומבאַרירטע פאָרהאַנגען, אין אייניקע חדרים האָט גע־ברענט ליכט; אָבער קיין מענטשן זענען דאָרט נישט געווען. אַ יידן איז פאַרבאָטן געווען צו גיין אין שטאָט אַליין, אָן אַ גרופּע. די וואָס האָבן עובר געווען אויף דעם פאַרבאָט, זענען פאַרנומען געוואָרן אין תפיסה, פון וואַנען זיי זענען שוין נישט צוריקגעקומען.

ווען מיר האָבן זיך איין מאָל אומגעקערט פון דער אַרבעט, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַ פּוילישער געסטאַפּאָ־אַגענט איז געווען אין אונדזער

צימער, האָט געעפנט מיין וואַליזע און אַרויסגענומען אַלע ווערטפולע זאַכן. אַזעלכע „רעוויזיעס" פלעגן אין געטאָ געמאַכט ווערן אָפט. ס'זענען אויך געווען פאַלן, ווען יידישע אַרבעטער פלעגן דורך געסטאַפּאָ־לייט און ס"ס גענומען ווערן פון זייער אַרבעטס־פּלאַץ און אַוועקגעפירט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אָן קיין שום סיבה. מיין שוואָגער עקשטיין, וואָס ביי זיין שוועסטער האָבן מיר געוווינט, איז צוגענומען געוואָרן פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ. אינגיכן איז באַוווסט געוואָרן, אַז ער איז געשטאָרבן פון טיפוס אין דעם יאַנאָווסקי־לאַגער.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן זיך פאַרשפּרייט נייע קלאַנגען, אַז עס דערנענטערט זיך אַ פרישע „אַקציע". דאָס געטאָ דאַרף נאָך קלענער ווערן, און נאָר יענע יידן וואָס אַרבעטן אין קריגס־וויכטיקע אונטערנעמונגען האָבן אַ האָפענונג אין זיי צו פאַרבלייבן. די דאָזיקע יידן האָבן געמוזט ממש אַריינגייען אין קאָשאַרן. וויבער, קינדער, זקנים און קראַנקע, וואָס ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן אַריינצוגנבענען אין געטאָ און האָבן נישט געאַרבעט, זענען געווען אויסגעשטעלט אויף אומקום. מיינע עלטערן, וועלכע האָבן געוווינט צוזאַמען מיט מיין יינגערן ברודער און מיין שוועסטער און זענען ביז היינט געראַטעוועט געוואָרן בדרך־מזל, זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייער וווינונג און אַריינציִען זיך אין אַ נייער „וווינונג", וואָס זיי האָבן געדונגען פאַר אַ סך געלט. מיין צוויי־און־זיבעציק־יעריקער פרומער טאַטע איז געצוווּנגען געווען זיך אָפּצוראַזירן זיין לאַנגע ווייסע באָרד, וואָס קיין ראַזיר־מעסער האָט זי זינט ער לעבט נישט באַרירט, כדי נישט צו ציִען אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט און אויסצוזען יינגער און מסוגל צו אַרבעט.

אין איינעם אַ טאָג איז אָן אויטאָ פון ס"ס צוגעפאָרן צום הויז פון יודענראַט אין געטאָ, און מ'האָט צונויפגערופן די פּופּצן נייע מיטגלידער, דעם לייטער פון וווינונגס־אַמט און דעם לייטער פון אָרדענונגס־דינסט. ווען די דאָזיקע יידן זענען זיך צונויפגעקומען, האָט מען זיי אַרויסגעפירט אויף דעם באַלקאָן פון דאָזיקן צענטראַלן הויז און איינעם נאָכן אַנדערן עפנטלעך אויפגעהאָנגען אויף ספּעציעל דערצו געבראַכטע שטריק. די דאָזיקע קרבנות, צווישן זיי דער יודענעלטסטער, ד"ר לאַנדסבערג, האָבן געדאַרפט בלייבן הענגען זיבן טעג. אָבער מ'האָט זיי אַוועקגענומען אין צוויי טעג אַרום.

די אַרישע באַפעלקערונג פון שטאָט איז איצט דערמונטערט און פאַר־בעטן געוואָרן צו באַזוכן דאָס געטאָ, ווו ביז היינט איז זיי נישט דערלויבט געווען אַריינצוקומען. זיי האָבן זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און אַרומגעשפּאַצירט ווי אין אַ צירק, כדי צו קוקן אויף די אויפגעהאָנגענע חשובע יידן און שעפּן נחת פון דער סצענע. אַ סך זענען געקומען מיט זייערע קינדער. דער פּאָליאַק יאַן קאַמינסקי, וועלכער איז שוין אין בוך דערמאָנט געוואָרן, איז געקומען מיט זיין ווייב און זייער צוויי־יעריק קינד און האָט דערקלערט, אַז ער האָט געבראַכט מיט זיך דאָס קינד, כדי עס זאָל זיך ווען עס וועט אויפוואַקסן קאָנען באַרימען, אַז ער האָט געזען הענגען די לעצטע יידן.

די אַריער וועלכע האָבן זיך באַמיט צו פאַרענטפערן אַלץ וואָס די נאַ־ציס האָבן געטאָן צו די יידן, האָבן דערציילט אַז די יידישע חשובים זענען געהאָנגען געוואָרן דערפאַר וואָס איינער אַ ייד האָט געשאָסן אויף אַן אַריער אויסער די געטאָ־מויערן. די „דערקלערונג״ איז געווען דורכויס שקר.

די דאָזיקע תליות האָבן פאָרויסגעזאָגט אַ נייע ווענדונג. אין עטלעכע טעג אַרום איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ נייע פאַראָרדענונג פון גענעראַל קאַצמאַן, אַז די יידן וואָס אַרבעטן אין די קריגס־וויכטיקע אונטערנעמונגען דאַרפן אויסער די אָרעמבענדער און מעלדונגס־קאַרטן טראָגן אויך גרויסע אָפּצייכענונגען אויף די ברוסטן מיט די צייכנס „וו״ (ווערמאַכט) „ר״ (ריס־טונג). לויט דער דערפאַרונג ביז היינט האָט מען געדאַרפט מאַכן דעם אויס־פיר, אַז ס׳גרייט זיך אַ נייע אַקציע.

היינטיקס מאָל האָט זיך אונדזער אונטערנעמונג צוגעאיילט, און מיר זענען געווען פון די ערשטע וועלכע האָבן זיך באַזאָרגט מיט די דאָזיקע אָפּצייכענונגען.

אין צוויי טעג אַרום איז אין אונדזער נייער וווינונג געקומען אַ באַ־קאַנטער און דערציילט, אַז ער האָט באַקומען אַ זיכערע ידי׳עה פון איינעם וואָס אַרבעט אין אָרדענונגס־דינסט, אַז די נייע „אַקציע״ וועט זיך אָנהייבן ביינאַכט, דאָס הייסט, אין צוויי, דריי שעה אַרום. איך און מיין זון — מיר זענען געשלאָפן אויף דער סאָפע — האָבן זיך שנעל אָנגעטאָן און געפּרוווט זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ. מיר האָבן שוין מער נישט געהאַט קיין צוטרוי

צו דעם אויספירן די פאַראָרדענונגען. מיין זון, וועלכער האָט אויך ביז היינט אַרויסגעוויזן די פעיקייט אָנצונעמען אַ שנעלן באַשלוס, דרייסטקייט און אומשרעקעוודיקייט אין צייט פון געפאַר, האָט מיך געפירט דורך אומוועגן און אין דער פינצטער, האַלטנדיק זיך ביי די ווענט פון די הייזער. מיר האָבן אַרויפגעקלעטערט און זענען אַריבערגעקראָכן דעם מויער און געקומען, נישט ווערנדיק באַמערקט, צו דער אונטערנעמונג, וואָס איז געווען אויסער דער געטאָ.

ווען די נאַכט איז אַריבער אָן אַן „אַקציע״, זענען די הערצער פון די מענטשן ווידער פול געוואָרן מיט דער האָפענונג, אַז זיי וועלן איבערהאַלטן. די ידיעה וואָס מיר האָבן באַקומען איז געווען אַ פּריציייטיקע, ווייל די „אַקציע״ איז דורכגעפירט געוואָרן אין עטלעכע טעג שפּעטער, דעם 17טן נאָוועמבער 1942. זי האָט זיך אָנגעהויבן פיר אַזייגער אינדערפרי, ווי דער שטייגער איז געווען. אוקראַינישע מיליץ און לעטישע הילפס־פּאָליציי האָבן אָפּגעשלאָסן אַלע גאַסן און איינגעגנג אין די הייזער. די אַלע וועלכע האָבן געטראָגן די אָפּצייכענונגען „וו״ און „ר״ האָט מען דערלויבט פאַרבייגיין, נאָר זענען באַפוילן געוואָרן זיך צונויפצוזאַמלען אויפן גרויסן פּלאַץ ביים געטאָ־מויער. די אַלע וועלכע האָבן די אָפּצייכענונגען נישט געהאַט, האָט מען אַרויפגעטריבן אויף לאַסטוועגענער און אַוועקגעפירט צו דער באַן וואָס גייט אין דער ריכטונג פון בעלזשעץ.

פאַר די וועלכע האָבן געהאַט די אויבנדערמאָנטע אָפּצייכענונגען, איז געמאַכט געוואָרן אַ דורכגאַנג, און זיי האָבן געדאַרפט פאַרביילויפן די תּליִים, וואָס זענען געווען פאַרזאַמלט ביים טויער. ווער ס׳איז געגאַנגען פּאַמעלעכער, האָט באַקומען געשלאָגן מיט אַ שפּיצרוט איבערן קאָפּ. ווי גליקלעך זענען מיר געווען, ווען מיר זענען אַריבער דעם טויער. דאָס אַריבערגיין דעם טויער איז תּמיד געווען געפערלעך. אָפט פלעגן געסטאַפּאָ־לייט שטיין ביים טויער און זוכן געשמוגלטע שפּייז, און ווייז איז געווען צו דעם ביי וועלכן מ׳האָט עפּעס געפונען. פון צייט צו צייט פלעגט צום טויער קומען דער לייטער פון קאָנצענטראַציע־לאַגער, ווילהאַוזען, און זוכן קרבנות צווישן די אַרבעטנדיקע ייִדן. ווער ס׳האָט באַקומען אַ קלאַפּ פון זיין שטעקן — איז געוואָרן פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אין לאַגער.

יענע טעג זענען מיר געבליבן אין דער אונטערנעמונג און דאָרט אויך געגעכטיקט, ווייל די לאַגע אין געטאָ איז געווען אַ ביטערע. אין דער נייער קורצער „אַקציע" זענען ליקווידירט געוואָרן בערך אַ העלפט פון די איבערגעבליבענע יידן. אַ פוילישע באַאַמטין, סאָכנאצקאַ, וועלכע האָט געאַרבעט אין אונדזער אונטערנעמונג, האָט מיך געפרעגט נאָך דער אַקציע וויפל יידן ס'זענען איבערגעבליבן אין לעמבערג. ווען כ'האָב איר געענטפערט, אַז בערך אַכט טויזנט, האָט זי אַ געשריי געטאָן: „יעזוס, אַזוי פיל זענען זיי נאָך דאָ!". לויט איר מיינונג און דער מיינונג פון אַ סך אַנדערע זענען אַכט טויזנט פון די 140 טויזנט, וואָס האָבן פריער געלעבט, געווען אַ צו־גרויסע צאָל.

מ'האָט אונדז אַריינגעפירט אין קאַשאַרן. ס'זענען אויפגעבויט געוואָרן קיכן ביי די אונטערנעמונגען. אינדערפרי און אין אָוונט האָט מען אונדז געגעבן שוואַרצע קאַווע, בייטאָג זופ און 200 גראַם ברויט אויף אַ פּערזאָן. כל־זמן מיין זון און איך האָבן געאַרבעט אין דער אונטערנעמונג, האָבן מיר זיך ווי ס'איז געקאָנט אָן עצה געגעבן און קויפן פאַר אַ סך געלט (אָדער אין אויסטויש) אַן איי, אַ שטיקל פוטער, ברויט אָדער קאַרטאָפל. אַ שווער פּראָבלעם זענען געווען די עלטערן און די קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און געדאַרפט האָבן שפּייז.

נאָך דעם ווי די יידן זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין די קאַשאַרן, זענען די ס"ס און די פּאָליציי צוגעטראָטן צו דער ענדגילטיקער אויסראָטונג פון די יידן, מענער, ווייבער און קינדער.

דעם 5טן יאַנואַר 1943 האָט זיך פּלוצים באַוויזן אין געטאָ אַ ס"ס־אָפּטיילונג, באַוואָפנטע מיט קוילנוואַרפער און האַנט־גראַנאַטן. זי האָט אָפּגעשלאָסן אַלע הייזער און הייזלעך, וווּ ס'האָבן זיך געקאָנט באַהאַלטן יידן, און זיי אונטערגעצונדן. אויף די ווייבער, זקנים און קינדער, וואָס האָבן געפּרוווט אַרויסשפּרינגען פון די ברענענדיקע הייזער, האָט מען געוואָרפן האַנטגראַנאַטן און געשפּנט אַ פייער פון די קוילנוואַרפער. די אומגליקלעכע קרבנות האָבן באַשלאָסן זיך צו באַנוצן מיט ברעכאייזנס, העק, גראָבאייזנס און אַנדערע אינסטרומענטן, כדי זיך צו ראַטעווען פון דער שרפה. אָבער

הגם אייניקע פון די אַטאַקירער זענען פאַרוואונדעט געוואָרן, האָבן אָבער דער כוח פונעם שונא און זיינע קאַמפּס־מיטלען, ווי אויך די הילף וואָס ער האָט באַקומען פון דער אַרישער באַפעלקערונג, שוין פון פאָרויס צוגענומען יעדע האָפענונג אַז אַ וועלכער־ס׳איז ווידערשטאַנד זאָל קאָנען האָבן דערפאָלג.

אַזוי איז דורכגעפירט געוואָרן די טאָטאַלע אויסראָטונג פון דער ייִדי־שער באַפעלקערונג אין אונדזער שטאָט און אין אַנדערע קהילות.

ה.

# מיר ווערן אַריער!

עזבתי את ביתי, נתשתי את נחלתי;
נתתי את ידידות נפשי בכף אויביה.

איך האָב פאַרלאָזן מיין הויז,
איך האָב אַוועקגעוואָרפן מיין אַרב;
איך האָב איבערגעגעבן די געליבטע פון מיין זעל
אין דער האַנט פון אירע פיינד.

(ירמיהו, י״ב, ז׳)

איך האָב באַקומען דעם ערשטן בריוו פון מיין טאָכטער אין קראָקע. איר נסיעה איז אַריבער בשלום. זי האָט געקריגן אַ צייטווייליקע וווינונג און אויך געהאָפט צו באַקומען אַרבעט. איר בריוו איז געשיקט געוואָרן אויפן אַדרעס פון דער פוילישער פריינדין, סטאַסיאַק. זי האָט געאַרבעט אין דער אונטערנעמונג, און דער בריוו איז געשיקט געוואָרן דירעקט אין דער ביוראָ, און אַזוי אַרום האָב איך אים אָן קיינע שטערונגען דערהאַלטן.

נאָך איידער מיין טאָכטער איז אַוועקגעפאָרן, האָבן מיר באַשטימט געוויסע נעמען, מיט וועלכע מיר האָבן גערופן זיך אַליין, און אונדזערע קרובים און באַקאַנטע, כדי אויסצומיידן צו דערמאָנען יידישע נעמען אין די בריוו. אויך אַנדערע שליסל־ווערטער זענען פון פאָרויס אָפּגערעדט געוואָרן, כדי מען זאָל קענען שרייבן וועגן פאַרשיידענע זאַכן, נישט וועקנדיק קיין חשד. מיין טאָכטער האָט דערציילט אין איר בריוו, אַז זי האָט געאַרבעט צוויי טעג ווי אַ קעלנערין אין אַ מלוכהשן קאַסינאָ. אָבער די אַרבעט איז איר נישט געפעלן געוואָרן, און זי האָט זיך באַמיט צו באַקומען אַ פּאָסטן אין אַ האָלץ־פירמע אין טאַרנאָוו, דורך אַן אַנאָנס אין אַ צייטונג. זי איז געפאָרן מיט אַ מיליטערישן אויטאָ, וואָס איז אַהין געגאַנגען צופעליק.

זייער שפּעט ביינאַכט איז זי אָנגעקומען אויפֿן אָרט און האָט געמוזט לאַנג אַרומזוכן די פירמע אין דער פרעמדער שטאָט.

דער פירמע־אייגנטימער (דער פאַרטרויונגסמאַן) פֿון די ייִדישע טאַר־טאַקן אין גאַנצן ראַיאָן איז געווען אַ פּוילישער אינזשיניער פון קאַטאָוויץ, וועלכער איז געוואָרן אַ „פאָלקסדייטש”. מ'האָט מיין טאָכטער אויפגענומען פריינדלעך. ווען זי האָט זיך אינדערפרי געזעצט צום פרישטיק, איז אַריינ־געקומען אַ באַדינערין מיט אַ טאַץ, און מיין טאָכטער האָט אין איר דער־קענט אירע אַ חברטע פון דער שול אין לעמבערג, אויך אַזאַ „אַריערין” ווי זי.ביידע האָבן זיך אין בייזיין פונעם „הער” געמאַכט נישט דערקענע־דיק, נאָר שפּעטער געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך צוזאַמענצורעדן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיין טאָכטער פאַרלאָזט טאַרנאָוו, נישט געקוקט דערויף וואָס דער אייגנטימער פון טאַרטאַק האָט זיך באַמיט זי צו פאַרהאַלטן און איר אין אַלץ באַהילפיק זיין. זי האָט זיך אומגעקערט קיין קראָקע מיט אַ פור, וואָס האָט זיך איר געטראָפן אין וועג, און ווידער גע־זוכט אַ פּאָסטן.

אירע קומענדיקע בריוו האָבן מיר געבראַכט דערפרייענדיקע ידיעות. זי האָט געקריגן אַ גוטע שטעלע ווי אַ געהילפין ביי אַ טשעכישער משפחה, וועלכע האָט זיך אַסימילירט צווישן די פּאָליאַקן און איז היינט געוואָרן אַ „פאָלקסדייטשע” און רייך צוליבן איבערנעמען אַ ייִדישע פּאָרצעליי־פאַ־בריק און אַ פּרעכטיק ייִדיש הויז.

מיין זון, וואָס איז קינדווייז געווען אַ קרענקלעכער און זייער פאַר־צערטלטער, האָט זיך היינט אין דער צייט פון אונדזער נויט אַרויסגעוויזן ווי אַ דערוואַקסענער מענטש, אַן ערנסטער און פאַרשטאַנדיקער. אין יע־דער לאַגע האָט ער אַרויסגעוויזן דרייסטקייט און קאַלטבלוטיקייט. דאַנק זייענ־דיק אַ זייער געזעלשאַפטלעכער, האָט ער אויך אין די דאָזיקע פינצטערע טעג נישט איבערגעריסן זיינע פריינדשאַפטלעכע באַציִונגען און זיי נאָך פאַרשטאַרקט. ער האָט צו דער רעכטער צייט באַשלאָסן, אַז די רעטונג קען קומען נאָר מיט דער הילף פון „אַרישע פּאַפּירן”. אַ סך מענטשן האָבן זיך איינגעשאַפן אַזעלכע דאָקומענטן און פאַרלאָזט דאָס געטאָ דורך פאַנטאַס־טישע מיטלען, ווי מאַכן אָפּעראַציעס צו ענדערן דאָס פּנים און נאָך אַנ־

דערע. די דאָזיקע פּראָצעדור איז געווען לייכטער פאַר פרויען און אויך וויניקער געפערלעך.

מיין זון האָט געהאַט אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט געאַרבעט ווי אַ גראַ־ווירער און געקענט אויספאַרטיקן שטעמפּלען. דער דאָזיקער בחור האָט אויסגעפאַרטיקט שטעמפּלען פון אַלע מינים. אויך קענקאַרטן, פּאָליציי־מעלד־צעטלען, פּאָליצייאישע איינמעלד־צעטלען אין אַרישע פּלעצער, אַר־בעטס־שיינען פלעגן אין געטאָ פאַבריצירט ווערן. אַזאַ גאַנצער „גאַרניטור", דאָס הייסט, אַ מעטריקע אָדער אַ טויפשיין, אידענטיטעט־קאַרטע, פּאָליציי־מעלדונג און אַרבעטסשיין האָט געקאָסט צום וויניקסטן צען טויזנט זלאָ־טעס. אין די דאָזיקע שווערע צייטן, וואָס אַלצדינג איז געמאַכט געוואָרן דורך כאַבאַר און יעדער פּשוטסטער לעבנסמיטל האָט געקאָסט אַ הון־רב, און אַזאַ גרויסן סכום האָט מען געקענט באַקומען נאָר דורך פאַרקויפן די לעצטע חפצים, — איז די אויבנדערמאָנטע הוצאה, וואָס האָט געדאַרפט געמאַכט ווערן פאַר יעדן איינעם פון דער פאַמיליע, געווען פאַר אַ סך אַן אוממעגלעכע. מיין זון האָט מיך באַווירקט און אונטערגעאײַלט איינצו־שאַפן זיך אַזעלכע פּאַפּירן, כדי צו קענען פון דאַנען אַוועק.

נאָך דעם ווי מיין טאָכטערס בריוו האָבן מיר געבראַכט אַלץ דער־פרייענדיקערע ידיעות, און מיר האָבן דערפון געקענט מאַכן דעם אויספיר, אַז איר שריט איז איר געלונגען, האָבן אויך מיר באַשלאָסן אַז דאָס איז דער איינציקער וועג צו ראַטעווען אונדזער לעבן. מיין זון האָט זיך באַ־זאָרגט מיט צוויי בלאַנקען מיט אַ שטעמפּל פון אַ קשאָנדז פון אַ קריסטלע־כער געמיינדע אין צפון פוילן, וועלכע מיר האָבן אויסגעפילט מיט אונ־דזערע נעמען, געבוירן־ און טויף־דאַטעס, מיט די נעמען פון אונדזערע עלטערן און אַזוי ווייטער. מיר האָבן באַשלאָסן אָנצוגעבן פאַר אונדז ביידע איין פאַמיליע־נאָמען, כדי מיר זאָלן קענען דערשיינען ווי אַ פאָטער מיט אַ זון, ווען מיר וועלן דאָס פאַרלאַנגען. דערמיט האָבן מיר געקענט פאַר־לייכטערן אונדזער לאַגע אין דער אַרישער וועלט, וויל ווער ס'האָט גע־האַט קרובים און באַקאַנטע אין דער אַרישער געזעלשאַפט און אויך באַ־קומען פון זיי בריוו דורך דער פּאָסט, איז כמעט נישט אַרונטערגעפאַלן אונטער קיין חשד. אָבער ווער ס'האָט נישט געהאַט קיין אַרישע קרובים און

Urząd Parafjalny św. Andrzeja
w Skidlu
L. 27/35

Odpis

Stasiak Tadeusz ur. 24. stycznia 1896 r.
syn Michała i Anny Rzepa w Skidlu
ochrzczony w parafji św. Andrzeja.

dnia 18. sierpnia 1935




X. [illegible]
proboszcz

די באַשטעטיקונג, אַז דער מחבר איז אַ קריסט

באַקאַנטע, האָט אַרויסגערופן חשדים. דער מצב פון אַזעלכע מענטשן איז געווען ענלעך צום מצב פון אַ פּאַראַשוטיסט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ פרעמד לאַנד און איז אַרומגערינגלט מיט שונאים.

ווען מיין זון האָט געוואוינט — ווי ווייטער וועט דערציילט ווערן — אין דייטשלאַנד, און איך האָב פאַרבייגייענדיק וועגן דעם דערציילט און אויך געשיקט אים פעקלעך — איז דורך דעם מיין פּאָזיציע ביי די אַריער גע־שטאַרקט געוואָרן.

אַ שווער פּראָבלעם איז פאַר אונדז געווען, ווער פון אונדז זאָל פאָרן פריִער און ווהין. ס׳איז געווען קלאָר, אַז צוזאַמען טאָרן מיר נישט אַרויס־פאָרן, און אויך אַזוי טאָרן מיר נישט קומען אויפן זעלבן אָרט. מיין זון האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז איך דאַרף פאָרן דער ערשטער. איך האָב נישט געקענט זיך באַשליסן איבערצולאָזן מיין אומגליקלעך קינד אַליין אין דאָ־זיקן גיהנום, און בין באַשטאַנען, אַז ער מוז פאָרן פריִער. ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן צוליב אַ באַריכטיקטער מורא, אַז אויב ער וועט מיך איבערלאָזן, וועט ביי מיר קיין כוח נישט קלעקן פון דאַנען אַוועקצוגיין. איך מוז מודה זיין, אַז ער איז געווען גערעכט. איך בין געווען אַזוי צע־בראָכן, און מיינע נערוון — אַזוי דערשיטערט, אַז כ׳בין נישט דרייסט גע־ווען אָנצונעמען אַזאַ שריט.

בעת מיר האָבן געהאַלטן אין קווענקלען זיך, איז געקומען אַ צופאַל און האָט אַנטשיידן. מיר האָבן געלייענט אַן אַנאָנס אין אַ דייטשישער צײַ־טונג, אַז אַ געוויסער טאַרטאַק דאַרף האָבן אַן אַרבעטס־לייטער. כ׳האָב אַוועקגעשיקט אַ שריפטלעכע אָפּערטע מיטן זעלבן נאָמען אויף וועלכן כ׳האָב באַקומען די בריוו פון מיין טאָכטער. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע, אַז איך דאַרף קומען זיך פאָרשטעלן. וועג־הוצאות וועט מען מיר אומקערן. צו מיין גליק האָט אין אונדזער פאַבריק געאַרבעט נאָך אַ ייִד ווי אַ פאַרטיער און אין זיין זכות איז די טעלעגראַמע נישט אַריינגעפאַלן אין פרעמדע הענט. איך האָב געשטעלט געוויסע מאַ־טעריעלע באַדינגונגען (וואוינונג, באַשפּייזונג) און אויך געפאָדערט אַז אַלץ זאָל דערליידיקט ווערן אין אַרבעטס־אַמט דורך דער אונטערנעמונג. אויך די דאָזיקע זאַכן זענען פאַרזיכערט געוואָרן אין אַ קומענדיקער טעלעגראַמע,

און אַזוי־אַרום איז מיר קיין אַנדער ברירה נישט געבליבן ווי צו באַשטעטיקן דאָס באַקומען די טעלעגראַמעס און מיטטיילן וועגן מיין קומען.

דאָס איז געווען אַ קורצע צייט פאַר באַזשע נאַראַדזענע און צוליב דעם נישט באַקוועם, ווייל ס'איז נישט דער שטייגער פון אַן אמתן קאַטאָליק אַנצונעמען אַ פּאָסטן צו דער צייט אין אַ פרעמדער שטאָט. מיין זון האָט זיך געשראָקן איך זאָל נישט פאַרלירן דאָס געלעגנהייט און מיך געבעטן איך זאָל פאָרן וואָס פריער. מען האָט געבעטן דעם קוריער פון ביוראָ ער זאָל מיר קויפן אַ בילעט מיטן תירוץ, אַז אַ פּוילישע פרוי האָט מיר וועגן דעם געבעטן. אויך מיינע ווייניקע זאַכן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן וואָקזאַל, און אַזוי האָב איך מיט אַ שווער האַרץ באַשלאָסן איבערצולאָזן מיין זון אַליין און אויף מאָרגן אינדערפרי צו פאָרן. מיר האָבן געגעבענטיקט אין וואַכטעהויז פון דער אונטערנעמונג. מיין זון האָט מיך געשטאַרקט און דערמוטיקט. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט אַרויספאָרן גלייך ווי ער וועט דערהאַלטן אַ ידיעה פון מיר. מיינע פּאַפּירן זענען באַשטאַנען פון: אַ טויפשיין, אַן אַרבעטסשיין מיט אַ פאָטאָגראַפיע און אַ באַשטעטיקונג פון אונדזער אונטערנעמונג, אַז כ'האָב פאַרענדיקט די אַרבעט, — אַלץ אויף מיין נייעם נאָמען, טאַדעוש סטאַסיאַק.

אויפן צווייטן טאָג האָב איך צוגעגרייט מיינע מלבושים, אַ פוטער, אַ הוט, און בין אַכט אַזייגער אינדערפרי, ווי געוויינטלעך, אַוועקגעגאַנגען אין ביוראָ. כ'האָב אויסגעגלייכט די פּאַפּירן און די ביכער און אָנגעהויבן מיין אַרבעט, ווי געוויינטלעך. אין עטלעכע רגעס אַרום בין איך גערופן געוואָרן אין וואַכטעצימער. כ'האָב געבעטן מיין אַרבעטס־קאָלעגע אין ביוראָ ער זאָל אַכטונג געבן אויף די ביכער און דאָקומענטן און בין אַראָפּגעגאַנגען, זאָגנדיק אַז איך דאַרף זיך אַריינכאַפּן אויף עטלעכע מינוט אין מיין פריערדיקער וווינונג, וואָס איז געווען דאָ נאָענט. ווי שוין אויבן דערמאָנט, האָט אַ ייִד נישט געטאָרט גיין אַליין אין גאַס. אויב ער איז געכאַפּט געוואָרן אין גאַס, האָט מען אים פאַרהאַלטן און ער האָט זיך שוין נישט צוריקגעקערט. כ'האָב זיך שנעל אָנגעטאָן, זיך געזעגנט מיטן זון און בין אַוועקגעגאַנגען דורך די געסלעך צו אַ ווייטער טראַמוויי־סטאַציע, ווייל צו אַ נאָענטער סטאַציע וואָלט מיך עמעצער פון דער אונטערנעמונג געוועזן געקענט באַ־

געגענען. כ׳בין געפאָרן אָן דעם אָרעמבאַנד און אָן דער אָפּצייכענונג און אויסגעדרייט דאָס פּנים צו דער וואַנט פון טראַמוויי, וואָס פאָרט צו דער באַן־סטאַציע. אויף דער סטאַציע האָט זיך מיר געדאַכט, אַז יעדער רייזנדער איז אַ געהיים־אַגענט, וועלכער זוכט בלויז מיך אַליין. כ׳האָב זיך באַמיט צו מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ נאַטירלעכן „אַריער״. פון זינט מיין טאָכטער איז אַוועקגעפאָרן האָב איך זיך פאַרלאָזט די וואָנצעס און איינגעניט מיין פּנים אויסצוזען ווי אַן אַריער.

דער צוג קיין פּשעמישל, ווו ס׳איז געווען מיין צוגעזאָגטער פּאָסטן, איז געפאָרן ערשט עלף אַזייגער. ניין אַזייגער בין איך שוין געווען אויפן וואָקזאַל. צו וואַרטן צוויי שעה ביי אַזעלכע באַדינגונגען, איז אַזוי דער־דריקנדיק אַז ס׳איז זיך גאָרנישט פאָרצושטעלן. כ׳האָב געפּרוווט זיין גלייכ־גילטיק צו אַלץ וואָס רינגלט מיך אַרום, און פון דעסט וועגן האָט זיך מיר געדאַכט אַז מען שפּיאָנירט מיך נאָך. סוף־כל־סוף איז אָנגעקומען דער צוג, און איך בין אַריינגעשטיגן אין אַ וואַגאָן, אַ פולער מיט יונגע אוקראַינער, וואָס פאָרן צו דער אַרבעט. צו מיין גליק האָב איך געהאַט אַן אָרט אין אַ ווינקל, האָב איך פאַרשטעקט דאָס פּנים אין מיין מאַנטל און זיך צוגע־הערט וואָס זיי רעדן. די אוקראַינער האָבן געשמועסט אויף דער אַקטוע־לער טעמע, וועגן די ייִדן. יעדער איינער האָט געהאַט צו דערציילן וועגן די נגישות אויף ייִדן אין זיין ווינאָרט און וועגן זיין חלק אין דער אויס־ראָטונג פון די דאָזיקע פּאַראַזיטן. ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען קיין פּשעמישל. כ׳האָב איבערגעלאָזן מיינע זאַכן אויף דער באַן־סטאַנציע און בין געגאַנגען צום טאַרטאַק, ווו כ׳האָב באַדאַרפט אָננעמען די שטעלע.

אין צווישנצייט איז אין ביוראָ און אין דער גאַנצער אונטערנעמונג אין לעמבערג באַוווּסט געוואָרן, אַז כ׳האָב זיך נישט אומגעקערט פון מיין פריִערדיקער ווינונג. די אויפרעגונג איז געשטיגן פון רגע צו רגע, ווייל ס׳איז דאָך געווען באַוווּסט, אַז אין די לעצטע טעג זענען ייִדן געכאַפּט און אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער תּפיסה אויף לונעצקי־גאַס. די דאָזיקע תּפיסה מיט אירע פּייניקונגס־קעמערלעך האָט מען געהאַלטן, ווי אויבן גע־זאָגט, פאַר אַ קאָרידאָר צו דעם צו שאַנד באַרימטן זאַמד־באַרג. די ביכער מיט די דאָקומענטן זענען געבליבן ליגן אויף מיין שרייבטיש, ווי כ׳האָב

זיי איבערגעלאָזט. מיין זון האָט זיך אויפגעפירט מיט פאַרשטאַנד, מיט זיין וויינען און פאַרצווייפלונג, צו פאַרשטאַרקן די השערה אַז איך בין ווירקלעך געכאַפּט געוואָרן אין גאַס. אַזוי־אַרום האָט זיך פאַרשטאַרקט די אויפרע־גונג, און יעדער איינער, דער לייטער פון דער אונטערנעמונג און אויך די אַרבעטער האָבן אויסגעדריקט זייער מיטלייד צו מיין זון און זייער גרייט־


Arbeitskarte

Der (die) ... Vorname ... Zuname

geboren am 24.1.1896 in

wohnhaft in Przemysl Str. u. Nr.

ist bei

beschäftigt

Przemysl, den ... 1942.

Der Kreishauptmann in

די אַרבעטס־קאַרטע פונעם מחבר

קייט צו העלפן. אַפילו די יידן, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן אין דער אונ־טערנעמונג, האָבן נישט באַגריפן די אמתע סיבה פון מיין פאַרשווינדן.

דאָס איז געווען דעם 21סטן דעצעמבער 1942, אַ קורצע צייט פאַר באַזשע נאַראָדזעניע. די אַרישע לייטערס פון דער אונטערנעמונג האָבן פאַרבעטן מיין זון אויפן יום־טוב און זיך אָפּגעגעבן מיט אים מיט ליבשאַפט און

אויסערגעווייניטלעכער זאָרג, ווי ס׳וואָלט זיי אָנגעכאַפּט געוויסנפּיין. מיין זון האָט אָפּגעשפּילט זיין ראָל אָן אַ פּגם, אויסגייענדיק נאָך אַ ידיעה פון מיר, וואָס אַז ער וועט זי דערהאַלטן, וועט אויך ער דאַרפן מאַכן דעם געוואַגטן שריט. זיין געמאַכטע פאַרצווייפלונג איז פאַרקערט צו אמתן יאוש נאָך דעם ווי ער האָט אַ שטיקל צייט נישט דערהאַלטן קיין שום ידיעה פון מיר. צוליב דעם באַזשע נאַראָדזעניע־יום־טוב האָט מיין בריוו פאַרשפּע־טיקט אָנצוקומען. בעת זיין דערוואַרטונג איז מיין זון געווען אַן עדות פון דעם לעצטן אַקט פון דער אויסראָטונג פון די לעמבערגער יידן, דעם 5טן יאַנואַר 1943. ווען ער האָט לסוף דערהאַלטן אַ ידיעה פון מיר, האָט ער זיך באַרויִקט. אין עטלעכע טעג אַרום איז ער פאַרשוווּנדן און זיך פאַראייניקט מיט מיין טאָכטער אין קראָקע.

אין דער ביוראָ פון טאַרטאַק אין פשעמישל האָב איך נישט דערווישט דעם אייגנטימער פון דער אונטערנעמונג. דער בוכהאַלטער ראָהאַטינסקי, אַן אַדוואָקאַט, אַ נאַציאָנאַליסטישער אוקראַיִנער, וועלכער איז דאָרט גע־ווען אַלמעכטיק (זיינע געזיכט־שטריכן זענען געווען סעמיטיש), האָט מיר מיטגעטיילט, אַז דער לייטער איז נישטאָ, אַז די סעקרעטאַרין אָרדנט איין אַלע ענינים. ער האָט צוגעגעבן — וואַרשיינלעך מיך אָפּצושרעקן — אַז איך בין אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג דער דרייצנטער אַרבעטס־לייטער. אָבער זיינע רייד האָבן אויף מיר קיין ווירקונג נישט געהאַט, ווייל כ׳האָב קיין ברירה נישט געהאַט. פון זעלבן ראָהאַטינסקי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די סעקרעטאַרין איז דעם שעפס געליבטע, האָט אַ קינד פון אים, און זיי פירן אַ שותפותדיקע שטוב־ווירטשאַפט.

כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט פאַר דער סעקרעטאַרין. איר דערציילט, אַז כ׳בין אַ סך יאָרן געווען אין דאַנציק און רעד געלויפיק דייטש. און דאָס האָט געמאַכט אויף איר אַ רושם. די פראַגע פון געהאַלט און דערנערונג איז אויפגעקלערט און איינגעאָרדנט געוואָרן. זי האָט פאַראָרדנט דעם בוכ־האַלטער ער זאָל קריגן פונמיינעטוועגן אַ צימער נאָענט פון דער אונטער־נעמונג. ער האָט מיך אַוועקגעפירט צו אַ פּוילישער לערער־משפחה, נאָענט פון טאַרטאַק. כ׳האָב זיך באַמיט אויסצוזען ווי אַן אַריער און נאַציאָנאַלער פּאָליאַק און געשפּילט די ראָל פון אַ פרומען קאַטאָליק. אָבער ווי ס׳זעט אויס,

זענען נאָך די שפּורן פון מיין פריִערדיקן לעבנס־שטייגער געווען אויף מיר שטאַרק קאָנטיק. דער הויז־אייגנטימער האָט אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי געמאָלדן, אַז ער וויל מיך נישט איינקוואַרטירן, ווייל איך בין פאַרדעכטיקט אין זיינע אויגן.

פאַר מיין קומען האָט אין דאָזיקן טאַרטאַק געאַרבעט אַלס אַרבעטס־לייטער אַ ייִד מיטן נאָמען האבער. דער דאָזיקער מענטש האָט ביים אייגנ־טימער פון דער אונטערנעמונג געהאַט גרויס אָנזען, און באַזונדערס ביי דער סעקרעטאַרין דער דעה־זאָגערין. זיי ביידע האָבן אים געהאַלטן, נישט געקוקט אויף די אַקציעס און פאַרפאָלגונגען מצד דער געסטאַפּאָ, ביז די סעקרעטאַרין האָט זיך — לויט אירע רייד — דערוווּסט, אַז די געסטאַפּאָ וועט קומען אים נעמען, און זי האָט אים אויסבאַהאַלטן. אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך דער רעוויזיע פון דער געסטאַפּאָ אין דער אונטערנעמונג און אין זיין הויז, איז האבער מיט זיין פרוי און קינד נעלם געוואָרן מיט דער הילף פון אַרישע פּאַפּירן.

אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי איז געקומען דער שעף פון דער אונ־טערנעמונג, און כ'האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט. דער דאָזיקער זעקס־און־פערציק־יעריקער עסטרייכער, פראַנץ שטאָפּעל, די הייך 1,90 מעטער, איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי און דער ס״ס. ביז דער מלחמה — אַ קליינער האָלץ־סוחר. ווען ער איז געקומען קיין פּשעמישל האָט מען אים געמאַכט פאַר דעם פאַרטרויונגסמאַן פון צוויי ייִדישע טאַרטאַקן. די ייִדישע אייגנטימער זענען געוואָרן אַוועקגעפירט אין וואַלד און דערשאָסן.

אַן אוקראַאיִנישער אַרבעטער, וואָס האָט אַ סך יאָרן געאַרבעט אין טאַר־טאַק, האָט מיר דערציילט, אַז ער איז בייגעווען ווען מ'האָט זיי אַרויסגעפירט צום טויט, און ער אַליין האָט צוגענומען ביים ייִדישן אייגנטימער זיין טעקע מיט אַלץ אין איר.

נאָך אַ יאָר אַפּאַרבעטן אַלס פאַרטרויונגסמאַן, האָט שטאָפּעל אָפּגעקויפט דעם טאַרטאַק. ער האָט געשלאָסן אַ רעכטלעכן קויף־אָפּמאַך מיט דער פאַר־וואַלטונג פון דעם אוקראַאיִנישן שטאָטראַט, וועלכער האָט געאַרבעט אונטער דער קאָנטראָל פון די דייטשן. אין דאָזיקן אָפּמאַך איז געזאָגט געווען, אַז דער פּרייז פון דער קניה, וועלכער איז געווען אַ פאַרהעלטניסמעסיק קליי־

נער, וועט אויסגעצאָלט ווערן אין קליינע חדשימדיקע ראַטעס, און דער טערמין פון דער ערשטער צאָלונג איז באַשטימט געוואָרן ערשט אין דרייצן חדשים אַרום נאָכן אונטערשרייבן דעם אָפּמאַך.

פאַרן ראַטעווען דעם אויבנדערמאָנטן האבער האָט ער באַקומען פון די ייִדן וואָס האָבן געוווינט אין פּשעמישלער געטאָ חפצים פון גרויסן ווערט, בריליאַנטן, פּוטערס, קליידער, וועש, פאָרהאַנגען און אַזוי ווייטער, פאַר נידעריקע פּרייזן. דער אוקראַיִנישער בוכהאַלטער האָט באַקומען אַ סך לאָ־יהרץ־געלט פון די אַלע טראַנזאַקציעס.

דער אויבנדערמאָנטער אוקראַיִנישער אַרבעטער, אַ כיטרער פאַרשוין, נאָר אַן אַלפאַבעט און גראָבער פליגל, איז דורכן נייעם אונטערנעמונגס־אייגנטימער באַשטימט געוואָרן פאַרן שטוב־משרת. ער האָט אויך געדינט דעם ייִדישן לייטער, האבער, אויסבאַהאַלטנדיק אַלע זיינע ווערטפולע חפצים, ביז ער וועט געפינען אַ ניי אָרט. ער האָט זיך אויך אָנגעשטויסן ווער עס באַהאַלט זיך אויס אונטער מיין פּערזאָן, און פון דעסט וועגן מיך תמיד געהאָלפן. אַ דאַנק אים האָב איך געקריגן — נאָך דעם ווי דער פּוילישער לערער האָט מיך באַליידיקט — אַ קוואַרטיר אין דער נאָענט פון דעם טאַר־טאַק, און זיין 75־יעריקע ווירטין האָט זיך אַרום מיר געפאָרעט.

אגב: דער דאָזיקער אוקראַיִנישער אַרבעטער האָט באַוויזן ביז מיין אַנטלויפן פון דאָרטן צוצורויבן ביי מיר מיין פוטער־מאַנטל, אַ גאָלדענעם זייגער און נאָך זאַכן.

זיין ווירטשאַפטערין, די פרוי פון אַן אוקראַיִנישן קצב, אַן אַלטע אלמנה, וועלכע האָט מיר געטריי און מיט רעספּעקט באַדינט, פלעגט לאַנגע שעהן זיצן אין מיין צימער און טענהן, אַז דאָס וואָס די דייטשן ברענגען אום די ייִדן איז אַ גוטע זאַך, ווייל פריִער האָט אַלץ אין פוילן געהערט צו די ייִדן. אַלע געשעפטן און אַלע פאַבריקן זענען געווען אין ייִדישע הענט. אויף אַלע אַמטן, געריכטן, אין די אַדוואָקאַטן־ביוראָען און אין די שולן זענען געזעסן ייִדן. אמת, זי אַליין האָט פון די ייִדן נישט געליטן, אָבער די גאַנצע פּוילישע און אוקראַיִנישע באַפעלקערונג האָט זיך באַצויגן צו דער אויסראָטונג פון די ייִדן דורך די דייטשן, ווי צו איר אויסלייזער, אויף וועלכן זיי האָבן לאַנג

געוואַרט. אויף מיין פראַגע: „פאַרוואָס?״ האָט זי געענטפערט, ווייל די ייִדן האָבן געקרייציקט יעזוסן און איצט פאַרטראַכט אויסצומאָרדן אַלע אַריער.

מיט אַזעלכע שטותים האָט מען פאַרסמט די נשמה פון דער פוילישן און אוקראַיִנישן פאָלק. די מאָטיוון פון דער דאָזיקער אַלטער פרוי זענען נישט געווען קיין נייע. דער אַרבעטס־לייטער אין לעמבערג, קאָצולא, פלעגט מיר אָפט זאָגן, אַז אַ באַוווסטער פוילישער קשאַנדז פון 16טן יאָרהונדערט, האָט נביאות געזאָגט וועגן דער דאָזיקער מלחמה אויף אַלע אירע שטופן, און אויך געוווּסט, אַז פינף מיליאָן ייִדן וועלן אויסגעראָטן ווערן ווי אַ שטראָף פאַרן קרייציקן יעזוסן. אויף מיין פראַגע, ווי אַזוי האָט דער דאָזיקער קשאַנדז געקאָנט רעדן וועגן 5 מיליאָן ייִדן, בעת אויף דער גאַנצער וועלט איז אין יענער צייט אַזאַ צאָל ייִדן נישט געווען? האָט ער געענטפערט, אַז דאָס איז אוודאי אמת, ווייל ס׳איז פאַרשריבן אין די הייליקע ביכער.

די אַנטיסעמיטישע פראָפּאַגאַנדע האָט געאַרבעט מיט אַלע מיטלען און אויף אַלע גייסטיקע, עקאָנאָמישע און רעליגיעזע געביטן, אַנטשפּרעכ־דיק די באַדערפענישן פון די מאַסן.

דעם ערשטן באָזשע־נאַראָדזעניע־יום־טוב האָב איך געפייערט ווי אַ קריסט און אַן אַריער גאַנץ איינפאַך און באַשיידן. ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן צו גיין אין אַ קריסטלעכער קירך און איך האָב זיך באַמיט אויפצופירן ווי די אַנדערע.

איך האָב באַקומען פון דער סעקרעטאַרין פון דעם אייגנטימער פון דער אונטערנעמונג פלייש, וווּרשט, ציבעלעס, ברויט און מעל, אַזוי אַז איך האָב זיך גוט דערנערט. אין טאַרטאַק זענען געשטאַנען אין מיין רשות 90 אַרבעטער, פּאָליאַקן און אוקראַיִנער. כ׳האָב זיך באַמיט צו באַציִען צו די מענטשן ווי ס׳געהער צו זיין און נישט שאַפן קיין פּלאַץ פאַר טענות־ומענות.

מיין זון האָט געזוכט אַרבעט אין קראָקע. די זאַך איז געווען קאָמפּלי־צירט, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין אמתע פּאַפּירן, איז נישט געווען קיין פּאַכמאַן און האָט זיך נישט דערוועגט צו ווענדן צו דעם אַרבעטס־אַמט. לויט אַן אַנאָנס אין אַ צייטונג האָט ער געוואָלט באַקומען די שטעלע פון אַ קוריער אין אַ טעקסטיל־פאַבריק. דער אַרבעטס־לייטער פון דער דאָזיקער פירמע האָט ביי אים גענומען זיין דאָקומענט (אַ פאַלשער) און געזאָגט, אַז ער האָט

זיך נישט באַפרייט פון זיין פּריוואַטער אַרבעט אויף אַ לעגאַלן אופן; האָט אים אויך געדראָט אָפּצושיקן דעם דאָקומענט צו זיין פּריוואַטן אַרבעט־געבער, אים צו אַרעסטירן און צוריקשיקן קיין לעמבערג. דער דאָזיקער אַרבעטס־לייטער איז געווען אַ פאַרביסענער נאַצי און געשווורענער פּאָליאַקן־פרעסער. מיט גרויס מי האָט זיך מיין זון איינגעגעבן אָפּצוציִען פון דער דאָזיקער ביורא. ערשט האָט ער געדאַרפט זאָרגן דערפאַר, אַז דער דאָקומענט זאָל נישט אַריינפאַלן אין דער האַנט פון דעם אַרבעטס־לייטער אָדער פאַרטרויונגסמאַן אין לעמבערג, ווייל דאָס וואָלט אַרויסגערופן אַ שטורעם. מיין זון האָט תיכף־ומיד אָנגעשריבן צום ייִדישן טויערוועכטער, וועלכער איז פאַרבליבן אין דער לעמבערגער אונטערנעמונג, — נאָכן באַצאָלן זיינע נאַטשעלניקעס אַ גרויס פאַרמעגן — ער זאָל פאַרניכטן דעם בריוו, ווען ער וועט דערהאַלטן ווערן פון דער אונטערנעמונג אין קראָקע. אָבער דער דאָזיקער בריוו איז אָנגעקומען צום וועכטער נאָכן בריוו פון דער פאַבריק אין קראָקע. איז אַנטשטאַנען אַ נייע מהומה איבער דער גאַנצער אונטערנעמונג. די רעזולטאַטן וואָלטן זיכער געווען זיין האַרבערע, ווען זיי וואָלטן נישט געווען מיינען, אַז דער בחור איז געוואָרן געכאַפּט און ליקווידירט.

דער לייטער פון דער אוקראַיִנישער אונטערנעמונג, פּאָלינסקי, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן זייער אַ סך פאַלשע דאָקומענטן פאַר גרויסע סומעס געלט, איז געקומען מיט שווערע טענות צו אונדזער באַקאַנטע, סטאַסיאַק, ווייל ער האָט געטראַכט, אַז מיין זון האָט פון איר באַקומען ריכטיקע דאָקומענטן. מיר האָבן זיך די דאָקומענטן אַליין איינגעשאַפן, און בלויז צופעליק זיך צוגעפּאַסט דעם דאָזיקן נאָמען, סטאַסיאַק, ווייל מיין טאָכטערס בריוו פלעגן אויף דעם נאָמען אַדרעסירט ווערן.

נאָך אַן איבעררייס פון עטלעכע טעג האָט מיין זון ווידער געוווּנען זוכן אַרבעט אין קראָקע. ער האָט אָפּגעפונען אַ שטעלע אין דער עקספּעדיציע פון אי. ק. צ., דער גרעסטער צייטונגס־קאָנצערן.

מיין טאָכטער האָט, אמת, געהאַט אַ גוטע שטעלע ביי זייער פיינע מענטשן מיט גוטע קעסט און אַ זויבערע וווינונג, אָבער די געסטאַפּאָ און דער אַרבעטס־אַמט, וועלכע האָבן טאָג־טעגלעך געשיקט הונדערטער און טויזנטער

יוגנטלעכע אויף עבודת־פרך, האָבן נישט טאָלערירט אַז יונגע אַרבעטס־כוחות זאָלן זיין באַשעפטיקט אין אַ פּריוואַטערווירטשאַפט און נישט אין קריגס־וויכטיקע אונטערנעמונגען. דערפאַר פלעגן זיי טאָג־טעגלעך דורכ־פירן כאַפּונגען אין די גאַסן און קינאָ־הייזער. און דערפאַר איז איר לאַגע ווי אַ הויז־געהילפין מיט דער צייט קאַליע געוואָרן. ווער ס'האָט געוואָלט גיין אין גאַס, האָט זיך געמוזט באַזאָרגן מיט אַן אַרבעטשיין פון די דייטשישע אינסטאַנצן. אַלע אַנדערע שיינען זענען נישט אָנערקענט געוואָרן, און די מענטשן פלעגן אַוועקגעשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד. דערפאַר האָט זיך מיין טאָכטער באַמיט צו געפינען אַן אַנדער שטעלע.

אַ צופעליקע באַקאַנטשאַפט מיט דער סעקרעטאַרין פון דעם פּערסאָ־נאַל־שעף פון דער פּאָסט־דירעקציע, אַן אַלטע פּאַלקע, וואַרשיינלעך אַ פאָלקסדייטשקע פון פּויזן, האָט איר געהאָלפן צו באַקומען אַ פּאָסטן אין דער פּאָסט. די דאָזיקע סעקרעטאַרין האָט פאַרגעשטעלט מיין טאָכטער פאַרן שעף, און ער האָט זי אָנגענומען, ווייל זי האָט באַהערשט די דייטשישע שפּראַך. דער חודשלעכער געהאַלט איז געווען זייער אַ קנאַפּער, אַ הונ־דערט זיבעציק זלאָטעס אין אָנהייב, וואָס דאָס האָט געקלעקט צום לעבן אין קראָקע בלויז אויף איין טאָג. אָבער מיין טאָכטער האָט דעם פּאָסטן אָנ־גענומען גערן. זי האָט באַקומען אַ געהעריקן אַרבעטסשיין און אַ רעקאָמענ־דאַציע פון אַרבעטס־אַמט און דערלאַנגט אַ ביטע צו באַקומען אַן אמתע אי־דענטיטעט־קאַרטע. זי פלעגט פון דער פּאָסט באַקומען קאַרטאָפל, קוילן און נאָך זאַכן, וואָס אויף אַן אַנדער וועג איז ניט מעגלעך געווען זיי צו באַקומען. אין דער ביוראָ פלעגט אויך געגעבן ווערן אַ מיטיק — אַ וואַרעמע זופּ, אַזוי אַז פון הונגער־געפאַר איז זי אַרויס. דערצו נאָך האָב איך אויסגענוצט מיין פּאָזיציע אַלס אַרבעטס־לייטער און גענומען ביי די פּויערים, וועלכע האָבן געזוכט מאַטעריאַלן אין טאַרטאַק, אָדער געוואָלט צעשניידן האָלץ אויף ברעטער, פּוטער, חזיר־פעטס, אייער און דאָס גלייכן. די דאָזיקע זאַכן פלעג איך שיקן צו מיינע קינדער אין שפּייז־פּעקלעך. אויך געלט־טשעקן פלעג איך זיי שיקן.

אין צווישנצייט איז די לאַגע אין לעמבערג ערגער געוואָרן. די ווייני־קע איבערגעבליבענע יידן, כאָטש זיי האָבן געאַרבעט און זענען באַזאָרגט

געוועז מיט אַלע אָפּצייכענונגען און שטעמפּלען, האָט אַ סכּנה כּסדר גע־שוועבט איבער זייערע קעפּ. דעריבער האָט זיך יעדער איינער אַרומגע־טראָגן מיטן געדאַנק צו אַנטלויפן פון דאָזיקן גיהנום אין דער אַרישער וועלט אַריין. רעכענענדיק זיך מיט די ידיעות (וואָס טייל זענען געוועזן פאַלש און מיט אַ כּוונה אויסגעטראַכט, און טייל באַזירט אויף פאַקטן), אַז אויף דער באַן־סטאַציע און אין די צוגן גופא דרייען זיך אַרום שפּיצלס פון אַלע מינים, און זייער אויפגאַבע איז צו כאַפּן פאַרשטעלטע ייִדן, — האָבן זיך בלויז וויניק דערוועגט צו מאַכן דעם שריט.

ווי כ'האָב שוין אויבן געזאָגט, זענען די פאַרבאַדינגונגען אַריינצוקו־מען אין דער אַרישער וועלט געוועזן דאָס באַהערשן די שפּראַך, די רע־ליגיע־פאַרשריפטן און איבער אַלץ: געוואַגטקייט און זיכערע האַלטונג. ווער ס'האָט נישט פאַרמאָגט די דאָזיקע אייגנשאַפטן, איז פריִער אָדער שפּעטער דורכגעפאַלן.

דערמוטיקט פון דעם דערפאָלג פון אונדז דריי, איך און מיינע צוויי קינדער, האָבן זיך אויך מיינע צוויי שוועסטער מיט אַ ייִנגל פון פערצן יאָר און צוויי טעכטער פון מיין פאַרשטאָרבענער שוועסטער גענומען די דרייסט־קייט אַריבערצופאָרן קיין קראָקע, נאָך דעם ווי מיין טאָכטער האָט זיך דאָרט אויפגעהאַלטן שוין עטלעכע חדשים אין געהעריקע באַדינגונגען. די זאַך איז דורכגעפאַלן און האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ קאַטאַסטראָפע. אויב אַן איינציקער מענטש פּרוּווט טאָן אַזאַ זאַך, קען ער מצליח זיין, אָבער אויב פינף מענטשן, וועלכע ס'פעלן די מערהייט אויסגערעכנטע באַדינ־גונגען, האָבן זיך צונויפגענומען דערצו און געמוזט בעתן פאָרן זיך פאַר־שטענדיקן מיט באַוועגונגען און אויגן־ווונקען, איז נישט מעגלעך געוועזן זיי זאָלן נישט וועקן די אויפמערקזאַמקייט און חשדים פון די איבעריקע פאָרער.

אויפן וועג האָט זיי אָנגעטראָפן אַ פּוילישער געסטאַפּאָ־אַגענט און געוואָלט אַרעסטירן איינע פון מיין שוועסטערס טעכטער, אָבער געלאָזן איר פאָרן ווייטער, מסתּם, כּדי צו פּאַקן אַלע אויפן אָרט — אין קראָקע. ווען זיי זענען אָנגעקומען אין אַ צופעליקן האָטעל אין דער אַלט־ווייסל־גאַס אין קראָקע, זענען געקומען פּוילישע געסטאַפּאָ־אַגענטן און אַרעסטירט מיינע

צוויי שוועסטער, דאָס קינד און איינע פון מיינע שוועסטערס טעכטער. זיי זע־
נען אַוועקגעפירט געוואָרן אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער קיין אוישוויץ.

מיין שוועסטערס יינגערע טאָכטער איז גראָד געווען אין גאַס און
דערזעענדיק אַז אירע קרובים זענען אַרעסטירט געוואָרן, האָט זי איבער־
געלאָזט אירע זאַכן אין האָטעל און איז אַנטלאָפן מיט דער נשמה. פאַר־
שטענדלעך, אַז זי איז געקומען צו מיין טאָכטער און געוווינט ביי איר עט־
לעכע וואָכן בסוד. זי פלעגט קומען ווען די באַלעבאָסטע איז נישטאָ אין
שטוב, און אַז מיין טאָכטער פלעגט אַוועקגיין אַרבעטן, פלעגט זי בלייבן
פאַרשלאָסן אין איר צימער. זי האָט געפונען אַרבעט ווי אַ דינסטמיידל ביי
אַ משפחה פון אַ דייטשישן פּאָליציאַנט. זי האָט אויסגעזען ווי אַן אַרישע,
מיט אַ פּוילישער נאָז און בלאָנדע האָר, און גערעדט פּויליש מיט אַ גוטן
אַקצענט און דייטש מיט אַ שלעכטן. אין אָנהייב איז איר לאַגע געווען נישט
שלעכט, אָבער ווען זי האָט זיך באַמיט צו באַקומען אַן אידענטיטעטס־
קאַרטע און באַוויזן איר טויפשיין, האָט מען ביי איר דעם שיין צוגענומען
מיט דער טענה, אַז מען וויל קאָנטראָלירן איר עכטקייט און געהייסן איר
קומען אין אַכט אָדער צען טעג שפּעטער. און ווייל זי האָט זיך משער גע־
ווען, אַז דער טויפשיין געקויפט פאַר געלט, איז אַ פאַלשער, איז זי גלייך
אַוועק פון דעם אַמט, האָט זיך אויך נישט אומגעקערט צוריק צו דער אַרבעט,
און אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבער די גאַסן און עפנטלעכע גערטנער,
אין דער האָפענונג מען זאָל זי כאַפּן און אַוועקשיקן ווי אַ פּאָלקע קיין
דייטשלאַנד.

שפּעטער האָט זי זיך באַקענט מיט אַ יונג פּויליש מיידל פון וואַרשע,
וועלכע האָט זיך אויפגעהאַלטן צייטווייליק אין קראָקע. יענע האָט זי פאַר־
בעטן קיין וואַרשע. אין וואַרשע האָט זי עטלעכע וואָכן געלעבט רויק. אָבער
ווען ביי אירע איידעלע ווילטוער האָט זיך דערוועקט דער חשד, אַז זי איז
נישט קיין אַרישע, האָט זי זיך איר לעבן פאַרקערט אין אַ גיהנום, און זי
איז געווען געצוווּנגען זיך אָפּצוטראָגן. אין יענער צייט האָט זי געשריבן
צו מיין טאָכטער, אַז זי וועט זיך וואַרפן אין דער ווייסל. אָבער איר לעבנס־
ווילן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז נישט געקוקט אויף איר לאַגע פון לאחר־
יאוש האָט זיך אין איר דערוועקט אַ גרויסע האָפענונג, וועלכע האָט איר

באַוויזיגן ווייטער אָנצוגיין מיטן קאַמף פאַרן לעבן. אין עטלעכע וואָכן אַרום איז זי ווידער געקומען קיין קראָקע, און ס'האָט זיך איר איינגעגעבן איינ־צומעלדן אויף אַ נייעם נאָמען, באַקומען אַ אידענטיטעטס־קאַרטע און גע־פינען אַרבעט.

אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז צווישן יענע ווייבער, וועלכע האָבן געפּרוּווט אַריבערפאָרן ווי אַן אַרישע גרופּע פון לעמבערג קיין קראָקע, האָט זיך אויך געפונען מיין געליבטע מאַמע. די דאָזיקע זי־בעציק־יעריקע פרוי, וואָס האָט איר גאַנץ לעבן גערעדט נאָר יידיש, האָט נישט געהאַט די מינדסטע האָפענונג צו קאָנען לעבן צווישן אַריער. דער ציל איז געווען אויסצובאַהאַלטן מיין מאַמע אין קראָקע אַזוי, אַז זי זאָל בכלל נישט קומען אין באַרירונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט. צום דאָזיקן שריט האָט מען זיך געגרייט נאָך דעם ווי מיין טאַטע, זכרונו לברכה, האָט אַראָפּגעשלונגען סם, ווען די געסטאַפּאָ־לייט זענען געקומען אים נעמען, און נאָך דעם ווי מיין יינגערער ברודער, ישראל, איז אַרויסגעגאַנגען און זיך נישט אומגעקערט. דער פריער־דערמאָנטער געסטאַפּאָ־אַגענט אין פּשע־מישל האָט זי געכאַפּט און אומגעבראַכט, ווייזט אויס, גלייך אויפן אָרט. ביי דער געלעגנהייט האָט זיך דערוועקט דער חשד אויף דער גאַנצער גרופּע, וואָס זייער פּרווו איז דורכגעפאַלן.

מיין יינגערער ברודער, וועלכער האָט ווייטער געאַרבעט אין לעמ־בערג, האָט געוואָלט ראַטעווען זיין כלה און זי געשיקט קיין קראָקע. ווייל זי האָט געהאַט מיט זיך געלט און ווערטפולע זאַכן, האָט אַ דייטשישער געשעפטסמאַן אָנגעהויבן טאָן פאַר איר. פאַר אַ גרויסע סומע געלט האָט ער זי געבראַכט מיט זיין אויטאָ קיין קראָקע, געדונגען פאַר איר אַ צימער און זי איינגעאָרדנט אויף אַרבעט אויף דער פּאָסט. זי האָט רויק געאַרבעט, זיך איינגעשאַפן פריינדינס, געגאַנגען אין קאָשציאָל, און אַלץ איז געגאַנ־גען כשורה. אין עטלעכע וואָכן אַרום איז אַריינגעקומען אין פּאָסט־אַמט, ווו זי האָט געאַרבעט, אַ געסטאַפּאָניק אין דער באַגלייטונג פון אירער אַ שול־קאָלעגין, אַ יידישקע פון לעמבערג. האָט זי אָנגערופן ביי איר יידישן נאָ־מען, געשלאָגן פאַר אַלע בייזייענדיקע ביז בלוט, געטרעטן מיט די באַ־טשוועקעטע פיס און אַריינגעשלעפּט אין אויטאָ. זי האָט געלייקנט, אַז דאָס

איז איר נאָמען און אַז זי איז אַ ייִדישקע. די ייִדישקע וואָס האָט איר פֿאַר־מסרט האָט זיך מיט איר באַפֿריינדעט אין קראָקע, איז געגאַנגען מיט איר אין קאָשציאָל און האָט געוווּנען איר צוטרוי. זי איז געכאַפּט געוואָרן דורך דעם געסטאַפּאָניק, און ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז זי וועט בלייבן לעבן, אויב זי וועט אויפֿדעקן פֿאַרמאַסקירטע ייִדן און זיי אים איבערליפֿערן. זי האָט אַ פּנים געגלייבט צו ראַטעווען איר לעבן אויף אַזאַ העסלעכן אופֿן און פֿאַר־מסרט איר פֿריינדין. ווייל מער קיין קרבנות האָט זי נישט געהאַט צו פֿאַר־מסרן פֿאַר דער געסטאַפּאָ, איז זי אויך אומגעבראַכט געוואָרן.

אַן ס״ס־מאַן, מיט וועלכן כ׳האָב זיך באַקענט אין באָברויסק, האָט מיר דערציילט מיט וואָס פֿאַר אַן אויסגעקלײַגלטע מעטאָדן די געסטאַפּאָ־לייט פּלעגן זיך באַנוצן כדי אָנצושטעלן ייִדן קעגן ייִדן און אויפֿדעקן באַהאַל־טענע אוצרות. צוליב פּחד פֿאַרן טויט און פֿאַרבאָרגענער האָפֿענונג צו ראַ־טעווען דאָס לעבן האָבן זיך געפֿונען ייִדן און ייִדישע פֿרויען וואָס האָבן שפּיאָנירט לטובֿת דער געסטאַפּאָ.

ווען כ׳האָב זיך אויפֿגעהאַלטן ווי אַן אַריער אין מינבכען — אין אַ סך אַ שפּעטערדיקער צייט — לעבן דער באַן־סטאַציע, האָב איך געהערט צוויי דייטשישע פֿרויען שמועסן. איינע האָט זיך געקלאָגט דערויף וואָס איר וווינונג איז אויפֿגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט איר שיין מעבל און די זיל־בערנע כלים. דאָס גאַנצע מעבל און די כלים האָט — לויט אירע רייד — געבראַכט איר מאַן פֿון פּוילן. זי האָט אַזוי געזאָגט וואָרט ביי וואָרט: „ס׳איז אומגלויבלעך, ווי די ייִדן פֿאַרמסרן איינע די אַנדערע און שיקן זיך צום טויט. מיין מאַן האָט אַרעסטירט בעת אַן אַקציע אַן אַלטע ייִדישקע און איר צוגעזאָגט צו לאָזן לעבן, אויב זי וועט אויסזאָגן ווו אַנדערע ייִדן האָבן באַ־האַלטן גאָלד. אויב זי וועט נישט דערציילן וואָס זי ווייסט, וועט מען זי פֿאַר־ברענען לעבעדיקערהייט. נאָך וויניק וואַקלענישן האָט זי באַשלאָסן צו פֿאַרמסרן אַ ייִדישע פֿאַמיליע, וועלכע האָט באַהאַלטן אַ קליין זעקל מיט גאָלד־זאַכן. יענע ייִדן זענען געוואָרן אַרעסטירט און אומגעבראַכט; און פֿאַרשטענדלעך, אַז די זקנה וואָס האָט געמסרט האָט נישט אויסגעמיטן דעם דאָזיקן גורל״.

אין עטלעכע חדשים אַרום האָט מיין טאָכטער באַקומען אויף אַן אומחעג

אַ בריוו פון מיין ברודערס כלה, אַז זי איז געכאַפּט געוואָרן אין פּאָסט־אַמט. פון דעם בריוו האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זי לעבט נאָך, נאָכן דורכמאַכן גאָר גרויליקע נסיונות. איר באַשיצער, וועלכער האָט איר פּאַר אַ גרויסער סומע געלט — ווי ס'איז שוין דערציילט געוואָרן — געבראַכט קיין קראָקע, האָט אינטערווענירט לטובת איר. זי האָט געאַרבעט אין דעם פּלאַשאָווער קאָנצענטראַציע־לאַגער, לעבן קראָקע. מיין טאָכטער האָט עטלעכע מאָל גע־פּרוווט איר באַזאָרגן מיט לעבנס־מיטלען, אָבער ס'איז נישט באַוווּסט צי זי האָט זיי דערהאַלטן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען זי אַריבערגעפירט קיין אָשוויענטשים (זי איז לעבן־געבליבן און געפינט זיך אין ישראל).

פון מיין זון זענען אָנגעקומען באַאומרויקנדיקע ידיעות. ער האָט שווער געאַרבעט ווי אַ פּאַקער און טרעגער. ער האָט נישט געקאָנט — צוליבן פעלן פון דאָקומענטן — ווערן איינגעמאָלדן לעגאַל, און דערפאַר נישט גע־נאָסן פון שפּייז־צעטיילונג. צוליב דעם וואָס מיין פּאָסטן אין פּשעמישל איז געווען אַ גוטער, האָב איך געוואָלט אויסנוצן מיין איינפלוס און ברענ־גען מיין זון צו מיר און אים באַשעפטיקן אין דער ביוראָ פון דעם טאַר־טאַק. דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבן אָן שוועריקייטן. די סעקרעטאַרין האָט רעקאָמענדירט מיין בקשה צום שעף. איך האָב באַקומען אַ באַשטעטיקונג מיט מיין זונס אַ פּאָטאָגראַפיע, אַז ער האָט געאַרבעט אין דער פירמע שטאַ־פּעל און דאַרף גלייך פאָרן צו דער פירמע. כ'האָב עס געשיקט צום זון.

דעם 5טן פעברואַר 1943 איז ער געקומען קיין פּשעמישל. ער האָט גע־אַרבעט אין ביוראָ, זיך איינגעשאַפן אַן אידענטיטעטס־קאַרטע, זיך דער־וואָרבן חברים און פריינד און זיך גוט איינגעלעבט אין זיין נייער סביבה.

ווען איך בין געווען אַליין, האָב איך כמעט קיין חשד נישט דער־וועקט, אָבער דאָס קומען פון מיין זון אין אַזאַ קליינער שטאָט און אין דעם ענגן קרייז אין וועלכן מיר האָבן פאַרקערט האָט געוועקט אַ לייכטן חשד און געוואָרפן אַ שאָטן אויף אונדזער לעבן.

ו.

# מיינע איבערלעבונגען ווי אַן אַריער

על צוארנו נרדפנו,
יגענו, לא הונח־לנו.

אויף אונדזער נאַקן ווערן מיר געיאָגט,
מיר זענען מיד, און אונדז ווערט נישט באַרוט.
(איכה, ה׳, ה׳).

די „אַקציע״ קעגן די ייִדן איז ווייטער אָנגעגאַנגען אומעטום לויט די פּלענער. אַלע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך געפונען אונטערן דאָזיקן גרויליקן צייכן. פון קלענערע ערטער זענען די ייִדן אַריבערגעפירט געוואָרן אין גרעסערע צענטערס. די מערהייט מענער איז געבראַכט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די מערהייט פרויען און קינדער — קיין בעלזשעץ. בלויז אַ קליינער פּראָצענט פון די אומגליקלעכע איז צייטווייליק אַריינגעפירט געוואָרן אין געטאָ, צו דינען פאַר אַ רעזערוואַר פאַר די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, גאַז־קאַמערן, זאַמד־בערג און אַזוי ווייטער.

ס׳האָבן זיך געפונען ייִדן אין געטאָ, וועלכע האָבן געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז די געטאָס וועלן בלייבן ביזן סוף פון דער מלחמה; דערפאַר האָט מען אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן און געלעגנהייטן צו פאַרדינען געלט. אין פּשעמישל זענען צו יענער צייט געבליבן בערך 2.000 ייִדן אין געטאָ. צוויי פון זיי — באַגאַל און בערנשטיין — וועלכע זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר באַזאָרגן די ייִדישע קהילה מיט לעבנס־מיטלען, פלעגן טאָג־טעגלעך קומען צו מיר אין טאַרטאַק. זיי פלעגן מיטברענגען מיט זיך באַהאַלטן אַלערליי ווערטזאַכן, ווי זייגערס, רינגעלעך באַזעצטע מיט בריליאַנטן, פוטערס, קליידער און אַנצוגן, פאַרהאַנגען, זיידן וועש און דאָס־

גליכן פאַר דעם שעפס געליבטע, דעם אוקראַיִנישן בוכהאַלטער און די פּוילישע אַרטיקע אַרבעטער. די צוויי פלעגן אויסטוישן די חפצים אויף ברענהאָלץ, ברעטער אויף אָרונס און נאָך נייטיקע זאַכן פון דעם מין. איך מיין, אַז זיי האָבן ביידע דערקאָנט, אַז איך בין אַ ייִד, ווייל טאָג־טעגלעך פלעגן זיי מיר פרעגן די ברענענדיקע פראַגע פון אַלע ייִדן: „אפשר ווייסט איר, ווען ס׳וועט ביי אונדז פאָרקומען די אַקציע?״.

אויסער די גרויסע אַקציעס, צו וועלכע ס׳פלעגן געבראַכט ווערן ס״ס׳ישע אויסראָטונגס־בריגאַדעס, וועלכע פלעגן אָוועקפירן די ייִדן מאַ־סנווייז אין די קרעמאַטאָריעס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, פלעגן ייִדן אויסגעראָטן ווערן אויך אין אַ סך קלענערע מאָסן. זיי פלעגן ווערן געטריבן אין וואַלד אַריין, מוזן אויסגראָבן פאַר זיך אַליין אַ קבר און ווערן דערשאָסן, אָדער געשלאָגן און דערמאָרדעט דורך פּוילישע און אוקראַיִנישע יונגען, אָרגאַניזירטע אין דער דייטשישער אַרבעטס־דינסט, די אַזוי־גערופענע „יוּ־נאַקעס״. אין די אַרבעטער־קרייזן, מיט וועלכע איך בין געקומען אין באַ־רירונג אין פשעמישל, פלעג איך הערן די דאָזיקע יונגען דערציילן „פריי־לעכע״ סצענעס וועגן די ייִדן, ווי זיי זענען געשטאַנען אין זייערע קברים און געבעטן ביי זיי ברויט, פאַר וועלכעס זיי האָבן געוואָלט אָפּגעבן זייערע געלט־בייטעלעך.

איך און מיין זון האָבן געלעבט אין געהעריקע באַדינגונגען אַ זעקס וואָכן, גוט געגעסן און געוווינט אין אַ שיינער וווינונג; מיין זון האָט פאַר־קערט מיט זיינע פּוילישע אַרבעטס־קאָלעגן. מיר האָבן נישט געפילט, אַז אי־בער אונדזערע קעפּ הענגען פינצטערע וואָלקנס, און דער שטורעם וועט אינגיכן אויסברעכן.

אין מיטן מערץ 1943 האָבן די באַציִונגען צווישן דעם שעף מיט דער כעקרעטאַרין און מיר אָנגעהויבן קאַליע ווערן.

צום סוף יענעם חודש איז אין טאַרטאַק אָנגעקומען אַ יונגער מאַן, וועלכער האָט מיר געדאַרפט דינען ווי אַ געהילף און אַרבעטן ווי אַ מאַגאַ־זינער. דער דאָזיקער מאַן, מיטן נאָמען פשעוולאָצקי, וואָס איך און מיין זון האָבן אים דערקאָנט ווי אַ „מאַראַן״, האָט אונדז דערציילט, אַז ער קומט פון וואַרשע און האָט שוין לאַנג אַרומגעזוכט אויף אַ סך ערטער באַשעפ־

טיקונג, נאָר ביז היינט נישט געפונען קיין פּאַסיקע אַרבעט. מיר האָבן זיך נישט געלאָזט דערקאָנען איינער צום צווייטן, אָבער יעדער פון אונדז האָט געוווּסט ווער ס'איז דער צווייטער. היינט האָט דער שעף — וועלכער פלעגט אויך פריִער טוישן יעדן חודש דעם לייטער פון טאַרטאַק — געזוכט מיך צו פאַרטשעפּען און קומען מיט מיר אין קאָנפליקט. און פּונקט ווי אין אָנהייב פלעגט ער רק לויבן אַלע מײַנע טואונגען און פאַראָרדענונגען, אַזוי האָט ער היינט גענומען זעען אין אַלץ וואָס איך טו חסרונות און אָן אויסרייד זיך צו בייזערן אויף מיר. כ'האָב געפילט, אַז מיר וועלן מוזן טוישן דעם אַרבעטס־פּלאַץ און געזוכט אַ צווייטן פּאָסטן דורך אַנאָנסן אין די צייטונגען. מיין עיקר־כּוונה איז געווען איינצוהיטן מיינע קינדער, וועלכע איך האָב מאַטעריעל געשטיצט, ווייל פון זייערע לוינען אַליין קאָנען זיי זיך נישט אויסהאַלטן.

ווי אַ דונער פון לויטערן הימל האָט מיך געטראָפן אַ טעלעגראַם פון מיין טאָכטער אין קראָקע, אין וועלכער ס'ווערט געזאָגט: „נישט שרייבן, ביז ס'וועט קומען פון מיר אַ ידיעה". די דאָזיקע טעלעגראַם, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן דעם 5טן אַפּריל, האָבן מיר באַקומען דורך דעם אוקראַיִנישן בוכהאַלטער דעם 8טן.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין טאָכטער איז אַרעסטירט געוואָרן בעתן אָנהייבן אַרבעטן אין פּאָסט־אַמט דורך צוויי פּוילישע געסטאַפּאָ־אַגענטן און אַוועקגעפירט אין הויפּט־פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. פון די קרייץ־פראַגן וואָס זענען איר געשטעלט געוואָרן האָט זי פאַרשטאַנען, אַז איר איצטיקער פאַמיליען־נאָמען און נאָמען זענען אידענטיש מיט די נעמען פון אַ ראַדאָמער פאַרמאַסקירטער ייִדישקע. מ'האָט חושד געווען מיין טאָכטער, אַז זי איז עס יענע ייִדישקע. און נאָר אַ דאַנק איר זיכערער האַלטונג און דעם פאַקט וואָס די געבורט־דאַטעס האָבן נישט געשטימט האָט זיך איר איינגעגעבן זיך אָפּצוריייניקן פונעם חשד און באַפרייען. דער פּוילישער געסטאַפּאָ־שעף האָט איר געזאָגט, אַז אויב זי וועט זיך אָנטרעפן אויף אַזעלכע מיני שוועריקייטן קאָן זי אָנטעלעפאָנירן צו אים, אָדער פאַררופן זיך אויף אים, און ער וועט איר צוהילף־קומען. נאָך אירע נסיונות מיט מענטשן ענלעכע צו אים אין אונדזער שטאָט — האָט זי אים נישט געגלייבט און פאַר־

שטאַנען, אַז מען וועט איר אַ געוויסע צייט נאָכשפּיאָנירן און אַריינקוקן אין אירע בריוו. דערפֿאַר האָט זי מיר געשיקט די וואָרענונג־טעלעגראַמע.

דעם 13טן אַפּריל 1943, ס׳הייסט, פֿינף טעג נאָכן דערהאַלטן דער טאָכ־טערס טעלעגראַמע, איז געקומען דער זון אין דער צייט פֿון דער פּאָליציי־שעה פֿון אַ מסיבה מיט זיינע חברים און שטיל און קאַלטבלוטיק דערציילט, אַז ער האָט באַקומען אַ זיכערע ידיעה פֿון זיינע חברים אין ביוראָ, אַז דער שעף ווייסט אַלץ וועגן אונדז ביידע און האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן מאָרגן אונדזער ענין צו אַ געסטאַפּאָ־אויספֿאָרשונג. אָנגעמען שנעל אַ באַשלוס — דאָס איז געווען דער באַפֿעל פֿון דעם מאָמענט. מאָרגן האָט שוין געקאָנט זיין צו שפּעט. איך האָב אינגאַנצן געציטערט און זיך גאָרנישט געקאָנט קלאָר מאַכן. מיין זון האָט אויך דאָס מאָל באַוויזן זיין שטאַנדהאַפֿטיקייט און קאַלטבלוטיקייט. די ערשטע זאַך וואָס מיר האָבן באַדאַרפֿט טאָן איז געווען, פֿאַרניכטן מיין טאָכטערס אַלע בריוו און פֿאָטאָגראַפֿיעס, כדי זי זאָל נישט אַרעסטירט ווערן, אויב מיר וועלן דורכפֿאַלן. מיר האָבן זיך געריכט, אַז די געסטאַפּאָ־לייט קאָנען יעדן מאָמענט אַריינקומען. פֿאַר דער צייט פֿון אונ־דזער וווינען אין פֿשעמישל זענען געוואָרן אַנטדעקט און אומגעבראַכט אַ סך יידן פֿאַרמאַסקירטע, מאַראַנען. מיר האָבן פֿאַרפּאַקט אונדזער ביסל זאַכן אין צוויי טעקעס. עפּעס וואָס האָבן מיר איבערגעלאָזן אין דער וווינונג, כדי די ווירטין זאָל נישט צעטומלט ווערן, ווען זי וועט אין דער פֿרי אויפֿ־רוימען די צימערן. און מיר האָבן געמוזט זיך אַפּטראָגן. אָבער וווהין? נאָך אַ סך איבערלייגונגען האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיין זון זאָל זיך לאָזן צוריק קיין קראָקע, און איך וועל זיך לאָזן אין דער ריכטונג סטרי־סטאַניסלאַוו, ווו ס׳זענען פֿאַראַן אַ סך טאַרטאַקן און אין זיי פֿרייע פּאָסטנס, לויט די אַנאָנסן אין די ציייטונגען. מיר האָבן אינגאַנצן נישט געוווסט די צייט ווען ס׳גייען אָפּ די צוגן. אויפֿצוהאַלטן זיך אויף דער באַן־סטאַציע איז געווען אַ גרויס געפֿאַר, און באַזונדערס אויב די געסטאַפּאָ וועט דורכפֿירן אַ רעוויזיע. די דאָזיקע נאַכט איז געווען איינע פֿון די גרויליקסטע נעכט וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט. אונדזער גורל איז געלעגן אויף דער וואָגשאָל, צום לעבן אָדער צום טויט. דער שעף וועט זיך נישט רעכענען מיט גאָרנישט. ווען עס

וואָלט זיך אים איינגעגעבן אונדז צו כאַפּן, וואָלט עס אים אַ סך גוצן גע־בראַכט ביי דער געסטאַפּאָ.

5 אַזייגער אינדערפרי, ווען די ערשטע פויערישע וועגענער קומען אין שטאָט אַריין, איז מיין זון אַרויסגעגאַנגען מיט אונדזערע זאַכן, האָט געדונ־גען אַ וואָגן און געהייסן זיך פירן צו דער באַן־סטאַציע וואָס איז ווייט פון אונדזער וווינונג. דאָרט האָט ער געגעבן די זאַכן אויף אַפּצוהיטן, געפרעגט ווען די באַן גייט אָפּ, געקויפט אַ בילעט און זיך אומגעקערט פאַר זיבן אַזיי־גער, אַזוי אַז כ׳האָב געקאָנט קומען צו דער צייט צו דער אַרבעט און נישט דערוועקן קיין חשד. אונדזער וויכטיקסטע אַרבעט אין ביוראָ איז געווען, צו פאַרניכטן אונדזערע פערזענלעכע קאַרטעס, כדי די פרטים וועגן אונדז זאָלן נישט אַריינפאַלן אין דער געסטאַפּאָ. דערנאָך האָב איך געמאָלדן מיין אַרבעטס־קאָלעגע, אַז איך פיל זיך נישט גוט און גיי אַהיים זיך לייגן אין בעט אַריין. צוליב דער דאָזיקער סיבה האָט איך געקאָנט איבערגעבן מיין געהילף די שליסלען פונעם מאַגאַזין און האָב זיך געגרייט זיך צו לאָזן מיט אַ הינטערוועג צו דער באַן־סטאַציע. אָבער אונדזער ווירטין איז געקו־מען אין טאַרטאַק אַ צעטומלטע, ווייל זי האָט געטראָפן די וווינונג אַ ליי־דיקע, און האָט געפרעגט וואָס דאָס באַטייט און צי דאַרף זי צוגרייטן מי־טיק. כ׳האָב איר מיטגעטיילט, אַז מיין זון האָט באַקומען אַ טעלעגראַפישע איינלאַדונג צו קומען אויף יום־טוב (ס׳איז געווען אַ פּאַסכע) קיין וואַרשע און אַז ער איז שוין אַהין אַוועקגעפאָרן, אויספירנדיק זיך אַזוי ווי לייכט־זיניקע יונגען ווי ער פירן זיך אויף. דערמיט האָב איך איר דערקלערט די אומאָרדענונג אין דער וווינונג. וואָס אָנבאַלאַנגט מיך האָב איך איר גע־זאָגט, אַז כ׳וועל עסן מיטיק אין שטוב און איר געבעטן זי זאָל צוגרייטן דעם מיטיק און אויפראַמען די וווינונג. ווי נאָר איך בין פון איר פטור געוואָרן, בין איך שנעל אַוועק צו דער באַן־סטאַציע.

מיין געפיל דעמאָלט איז נישט צו שילדערן. ס׳איז געווען אַכט אַזיי־גער, דער צוג קיין סטרי האָט געדאַרפט אָפּגיין עלף און מיר איז אויסגע־קומען צו וואַרטן אויף דער סטאַציע, אויפן געפערלעכסטן אָרט, אַ דריי שעה. ביי די געגעבענע באַדינגונגען איז דאָס אויפהאַלטן זיך דאָ פול גע־ווען מיט סכנות, ווייל אַלע סטאַציעס האָבן געשוויבלט מיט אַלערליי מוסרים

און שאַנטאַזשיסטן. כ׳האָב גענומען מיינע זאַכן פון דער גאַרדעראָב און בין אַראָפּגעגאַנגען אויף דעם פּעראָן, אַריינגעגאַנגען אין אַ וואַגאָן, צו וועלכן ס׳איז נאָך נישט געווען צוגעטשעפּעט דער לאָקאָמאָטיוו, כדי נישט צו זיין צווישן די מאַסן מענטשן. די דאָזיקע געציילטע שעהן האָבן צעשטערט מיינע נערוון. כ׳האָב געטראַכט, אַז די געסטאַפּאָ האָט מיך שוין אָנגעהויבן זוכן און אַז מיין זון, וואָס זיין גורל איז מיר געווען אומבאַוווּסט, איז שוין גע־כאַפּט געוואָרן, און אָט באַלד וועט עס געשען אויך מיט מיר. דער פּייף פון צוג, וואָס האָט מיך אַוועקגעפירט, און דאָס געפיל אַז כ׳האָב זיך שוין דערווייטערט פון פּשעמישל, האָבן מיר געבראַכט די גאולה. כ׳האָב אויפ־געהאָנגען מיין מאַנטל אויף אַ האָק, פאַרדעקט דאָס פּנים אין נאָכגעשפּירט צי מען קוקט נישט אויף מיר, אָדער מען זוכט מיך נישט.

פאַרנאַכט זענען מיר געקומען קיין סטאַניסלאַוו. כ׳האָב איבערגעלאָזט די זאַכן אויף אָפּצוהיטן און בין געגאַנגען אין שטאָט אַריין זוכן אַ קוואַר־טיר. ווען כ׳האָב געפרעגט ביי אַ טרעגער אויף אַן אַכסניה האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער איז גרייט פאַר מיר אַזעלכע צו געפינען. אויפן וועג האָט ער מיר אויפגעקלערט, אַז אויף דער אכסניה נעמט מען אויף נאָר „ריינע אַריער״ און אַז ס׳זענען געווען פאַלן, ווען געסט, וועלכע האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר אַריער און אויך געהאַט אַרישע דאָקומענטן, זענען דורך די אכסניה־אייגנטימער געוואָרן פאַרדעכטיקט און איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ אָדער דער פּוילישער געהיים־פּאָליציי. איך האָב, פאַרשטענדלעך, געשפּילט די ראָל פון אַ פעסטן און זעלבסט־זיכערן מענטשן און געוואָלט גיין דווקא צו יענער אכסניה. אָבער דאָס איינשטעלעניש איז געווען צו גרויס, און איך האָב זיך העפלעך צוריקגעצויגן, אַריבערגייענדיק אויפן קומענדיקן צוג צו פאָרן קיין סטרי.

שטייענדיק ביים פענצטערל פון דעם באַאַמטן וואָס פאַרקויפט די בי־לעטן, האָב איך דערפילט ווי אַ פרוי לייגט איר האַנט אויף מיין אַקסל. די פרוי האָט מיך אָנגערופן ביי מיין אמתן יידישן נאָמען און געבעטן קויפן פאַר איר אַ בילעט קיין טאַטאַרקוו, אַ דאַטשע־אָרט אין די קאַרפּאַטן, ווו איך האָב געהאַט אַ ווילע. איך האָב די פרוי נישט דערקאָנט, אָבער אויטאָ־מאַטיש דערפילט איר ביטע. האָב נישט געוואַרט זי זאָל מיר אומקערן דאָס

געלט און זיך אויסגעמישט צווישן דעם עולם רייזנדע. מיין נערוועזיטעט איז אַלץ געוואַקסן.

האַלב צען אַזייגער אָוונט בין איך געקומען קיין סטרי. אַרויסגייענדיק פון דער סטאַציע האָב איך געהערט, ווי מען לייגט פאַר אכסניהס. כ׳בין געגאַנגען מיט אַ פרוי, אַן אָרעם־געקליידעטע, דורך אַן אַלטן געביי, וואָס האַלט ביים איינפאַלן און אַריינגעקומען, נאָכן דורכגיין פאַרבאַרגענע הויפן און פאַרדרייטע שטעגלעך, אין אַ שלאָפצימער. איין גאַסט איז שוין דערין געווען. די פרוי אַליין איז געשלאָפן אין קיך אויף צוויי קאַסטנס.

דער צווייטער גאַסט איז געווען אַ יידישער געלערנטער, אַ צעטומל־טער, וועלכער האָט דאָ אָפּגעפונען אַ מחיהדיק ווינקל, וועגן וועלכן ער האָט געטרוימט, נאָך גרויליקע איבערלעבענישן, נישט האָבן ווו צו שלאָפן, הונ־גער, שמוץ און אומפלייט. דער דאָזיקער מענטש איז געפירט געוואָרן פון גראָדזיסקער געגנט אין אַ פאַרמאַכטן פי־וואַגאָן צום שענדלעך־באַרימטן קאָנצענטראַציע־לאַגער, קיין טרעבלינקע. אַ דריטל פון די וואָס זענען גע־פאָרן מיט אים אין וואַגאָן זענען געווען טויטע. די יינגערע און שטאַרקערע האָבן מיט זייערע לעצטע כוחות אויפגעבראָכן די טיר און אַרויסגעשפרונ־גען. די ס״ס־לייט, וואָס האָבן באַגלייט דעם צוג, האָבן פאַרנדיק געשאָסן אויף די אַנטלויפנדיקע, און פון די צען אַנטלאָפענע זענען בלויז דריי לע־בן־געבליבן. די אַנדערע זענען געבליבן ליגן ביים אַנשיט. ער, דער געלערנ־טער, איז געווען פון די דריי געראַטעוועטע. ער איז אַוועק אין נאָענטן וואַלד, האָט זיך אָפּגערוט אַ נאַכט מיט אַ טאָג, באַקומען עסן ביי אַ פויער און איז אַוועקגעגאַנגען צו דער נאָענטער באַן־סטאַציע. פון דאָרט איז ער געפאָרן אָן דאָקומענטן, אָבער אויך אָן דעם אָרעמבאַנד און דער עיקר אין די נעכט, ווייל ביינאַכט פלעגט מען נישט קאָנטראָלירן אין די אומבאַלויכטענע צוגן. ער איז געקומען קיין סטרי און האָט דאָ געפונען די דאָזיקע אכסניה, ווו מען פאָדערט נישט איינצומעלדן זיך אין דער פאָליציי, אָדער דאָקומענטן, און ס׳קומען נישט פאָר קיין קאָנטראָלן. יעדן טאָג פלעגט ער זיך אַליין קויפן אַ ליטער מילך און עטלעכע אייער און וואַשן זיין איינציק העמד און ער איז שוין דאָ פאַרבליבן.

פון זינט איך בין געקומען, האָט ער געהאַלטן דאָס אָרט פאַר געפער־

לעך. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און גייטיקט זיך אין אַ דאָטשע־אָרט, און איז אַוועקגעפאָרן. די אמתע סיבה דערצו איז געווען, ווייל ער האָט איינגעזען, אַז פאַר צוויי ייִדן איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין דעם העק.

כ׳האָב טעלעפאָנירט פון דער פּאָסט אין סטרי צום טאַרטאַק אין זאַוואָי, ווו ס׳איז געווען אַ פרייער פּאָסטן. מ׳האָט פאַרלאַנגט פון מיר אַ שריפט־לעכע אָפּערטע. כ׳האָב אַוועקגעשיקט אַ ביטע און געוואַרט אין מיין וווי־נונג אויף אַן ענטפער. מיין ווירטין איז געווען זייער אַן אָרעמע און האָט געצויגן איר פּרנסה פון געסט. זי פלעגט זיך קלאָגן דערויף, וואָס די ייִדן פון סטרי האָבן נישט פריִער פונאַנדערגעטיילט זייער גרויס פאַרמעגן צווישן די נויטבאַדערפטיקע אַריער, וויסנדיק אַז זיי וועלן אומגעבראַכט ווערן.

אין סטרי, ווו ס׳האָבן געלעבט אין יאָר 1941 פופצן טויזנט ייִדן, זע־נען לעבן־געבליבן בלויז אַ טויזנט, און זענען געזעסן אין אַ פולשטענדיק אָפּגעשלאָסענעם קוואַרטאַל. זיי האָבן געטראָגן אָרעמבענדער, די אָפּצייכע־נונגען „וו״ און „ר״, זענען געגאַנגען אין געשלאָסענע רייען אין מיטן גאַס צו דער אַרבעט אין פאַבריק און אין די טאַרטאַקן, און אַזוי פון דער אַרבעט.

די ווירטין איז נישט געוווינט געווען איינצוקוואַרטירן ביי זיך געסט מער ווי אויף איין נאַכט. דאָ, אין סטרי, ווו איך פלעג אָפט מאַכן באַזוכן פאַר דער מלחמה און ווו כ׳האָב געהאַט אַ סך באַקאַנטע — צווישן זיי אויך אַריער — האָב איך זיך נישט דערוועגט אַרויסצוגיין אין גאַס. כ׳בין גע־זעסן אין אַ קליין און פינצטער שלאָפצימער, און פאַר אַ קלאָזעט האָט גע־דינט אַ קליין פאַלאַטקעלע, הינטערן הויז.

אין עטלעכע טעג אַרום, צוויי טעג פאַר פּאַסכע 1943 — האָט מיר די ווירטין דערציילט, אַז אירע שכנים האָבן זיך פאַראינטערעסירט צו וויסן ווער איך בין און פאַרוואָס איך פאָר נישט אַהיים אויף יום־טוב. איך האָב אויסגעזוכט אַ תּירוץ, אַז איך וויל אָנהייבן אַרבעטן אויף מיין פּאָסטן גלייך נאָך יום־טוב און אַז די נסיעה אַהיים וועט פאַר מיר זיין אַ שווערע צוליב די רייזע־באַדינגונגען. זי האָט גענומען מיך פאַרדעכטיקן. דעם גאַנצן יום־טוב האָב איך מקפּיד געווען צו גיין אין קאָשציאָל און געבעטן די באַלע־

באַסטע זי זאָל מיר געבן אַן איי לויטן יום־טובדיקן מנהג. כ׳האָב זיך שטאַרק געשראָקן טאָמער וועל איך גראָד אין קאַשציאָל אָדער אַרום אים באַגעגע־נען אַ באַקאַנטן פון די אַמאָליקע צייטן.

פאַר דער צייט פון מיין אַרבעטן אין דער פאַבריק אין לעמבערג, האָט דאָרט געאַרבעט ווי אַ קאַסירער איינער אַ פּאָליאַק, וועלכער איז אַנטלאָפן, צונעמענדיק אַ היפשן סכום געלט. די פּאָליציי און די געסטאַפּאָ האָבן אים אַרומגעזוכט, אָבער אָן דערפאָלג. ווי גרויס איז געווען מיין צעטומלעניש, ווען איך האָב, אַנידערקניִענדיק אין קאַשציאָל, דערזען ממש לעבן זיך יע־נעם פּאָליאַק. כ׳האָב אויסגענוצט מיין גאַרע פלינקייט וואָס שנעלער זיך אָפּצוטראָגן און נישט וועקן קיינעמס אויפמערקזאַמקייט, איידער יענער וועט אויסדרייען דעם קאָפּ צו מיר.

ערשט האָב איך שוין געהאַט דעם קאַשציאָל איבערן האַלדז און פלעג זיך אויפהאַלטן אין וואַלד און אין שטאָט־גאָרטן. כ׳פלעג זיך דערשרעקן פאַר יעדן מאַן אָדער פרוי, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג ווו איך בין געזעסן אָדער געגאַנגען. ווען כ׳פלעג זען עמעצן זיך ווענדן אין מיין זייט, פלעג איך זיך אינסטינקטיוו אָוועקדרייען אין דער פאַרקערטער ריכטונג, כדי זיך נישט צו באַגעגענען מיטן צופעליקן שפּאַציר־גייער.

אויך מיין פאַרהאַלטן זיך אויף דער פּאָסט, ווו ס׳זענען געווען אַ סך מענטשן און עס זענען געהאַנגען מעלדונגען: „פאַר ייִדן אַריינגאַנג פאַר־באָטן”, איז געווען אַ נסיון פאַר מיינע נערוון. אָבער גיין אַהין האָב איך געמוזט, כדי אָפּצושיקן אַ בריוו, טעלעפאָנירן אין טאַרטאַק, אָדער קויפן פּאָסט־מאַרקעס.

ענדלעך האָב איך באַקומען אַ פּאָזיטיווע תשובה פון זאַוואַי. גלייך נאָך יום־טוב בין איך געפאָרן אַהין זיך פאָרצושטעלן. ביי דער באַן־סטאַציע האָבן געוואַרט אויף מיר פערד־און־וואָגן, ווייל דער טאַרטאַק איז געווען ווייט זיבעצן קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַציע קאַלוש. דער פאַרוואַלטער פון דער אונטערנעמונג, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו דער רעגירונג, איז געווען אַן אַלטער נאַצי, וועלכער האָט זיך דאָרט באַזעצט מיט זיין פרוי און עט־לעכע דייטשישע אַרבעטער. כ׳בין איינגלאַדן געוואָרן צום טיש. צום אָונט־ברויט האָט מען דערלאַנגט פיש און פלייש. די טעמע פון געשפּרעך איז גע־

וועץ, ווי אומעטום ווו די דייטשן האָבן גערעדט מיט די פּאָליאַקן נישט מיט דער שפּראַך פון בריקעס, קלעפּ און זידלערייען — פּילסודסקי און די לעצטע פּוילישע רעגירונג, וואָס אָנשטאָט צו פאָלגן אין אַלץ דייטשלאַנד, האָט זי זיך אונטערגעגעבן דעם איינפלוס פון ענגלאַנד און געבראַכט דאָס לאַנד צו צעפאַלונג. איך האָב אין דאָזיקן שמועס העפלעך פאַרטיידיקט דעם שטאַנד־פּונקט פון דעם נאַציאָנאַלן פּוילן, אָבער גלייכצייטיק זיך באַמיט נישט צו מאַכן קיין שלעכטן איינדרוק אויפן נאַצי. אַ פּנים, אַז כ׳האָב געמאַכט אויף אים דעם געוווּנטשענעם איינדרוק. אויף זיין פראַגע, ווי אַזוי איך האָב זיך דערוואָרבן די דייטשישע שפּראַך, האָב איך אים געענטפערט, ווי כ׳פלעג דאָס טאָן אין אַנדערע פאַלן, אַז כ׳האָב עטלעכע יאָר געוווינט אין דאַנציק און דאָרט זי אויסגעלערנט אין דער פּראַקטיק. כ׳האָב געוווּנען זיין צוטרוי, און ער האָט מיר צוגעזאָגט אַ גוטן געהאַלט, וווינונג און ספּעציעלע און גוטע קעסט. ער האָט גערעדט אַפילו וועגן דער מעגלעכקייט צו שטעלן די גאַנצע אונטערנעמונג אונטער מיין לייטונג, ביי זיין אויבער־השגחה. כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט האָט דאָס מזל סוף־כל־סוף צו מיר אַ שיין געטאָן. אין דאָזיקן העק, אין שוץ פון דעם דאָזיקן סימפּאַטישן אַלטן מענטשן, וועל איך אפשר זוכה זיין אַרויסצוקומען בשלום פון די גרוילן פון דער מלחמה און דעם טעראָר.

אַזוי האָב איך געחלומט ביינאַכט.

אויפן צווייטן טאָג האָב איך געדאַרפט אינספּעקטירן די גאַנצע אונטערנעמונג, וועלכע כ׳האָב געקאָנט פון אַמאָל. דעם פּאָסטן האָב איך באַדאַרפט באַקומען אין אַ וואָך אַרום, דעם 1טן מאַי. דער פּלאַץ־אויפזעער און מאַגאַזינער איז געווען איינער אַ קאַמינסקי (נישט יענער וועלכער איז דערמאָנט געוואָרן אין מיין דערציילן וועגן לעמבערג), אין וועלכן כ׳האָב גלייך דערקאָנט אַ מאַראַן, און וועלכער האָט אויך וועגן מיין אידענטישקייט קיין צווייפל נישט געהאַט.

דעם דאָזיקן קאַמינסקי האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן ווי אַן אַריער מיט זיין ווייב און קינד פון וואַרשע, און שוין זעקס חדשים אַז ער האָט געאַרבעט אין זאַוואַי. ווי אַ פאַכמאַן און אינטעליגענטערער פון די פּאָליאַקן און אוקראַינער, וועלכע האָבן דאָרט געוווינט און געאַרבעט, האָט ער אין

דער אונטערנעמונג געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל און איז געאַכטעט געוואָרן אויך אין דאָרף, פון דעם קשאָנדז און דער פּאָליציי. מיין זיין דאָ האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי אַ געפאַר פאַר אים און ער האָט מיר צוגערעדט אַוועק־צופאָרן פון דאַנען. ער האָט מיר בפירוש געזאָגט, אַז מ׳האָט שוין דערקאָנט אַז איך בין אַ ייִד. אַן אוקראַיִנישער אַרבעטער, וועלכער האָט אַליין געשאָסן ייִדן, וואָס האָבן געאַרבעט אָדער געוווינט אין זאַוואַי, און אויך דערמאָרדעט אַ סך פּאָליאַקן, האָט אים געזאָגט, אַז ער איז מיך חושד. דעם דאָזיקן אַר־בעטערס שוואָגער איז געשטעלט געוואָרן — לויט זיינע רייד — מיך נאָכ־צושפּירן און אויספאָרשן מיין אידענטישקייט. דעריבער האָט מיר קאַמינ־סקי געראָטן צו פאַרלאָזן דאָס אָרט, איידער ס׳ווערט שפּעט. כ׳האָב גע־פילט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן קאָמינסקיס ענג־פּערזענלעכן אינטערעס, ווייל ער זעט אין מיר אַ געפאַר פאַר זיין פּאָזיציע, און די אַלע מאָטיוון קעגן מיר זענען געפּלאַנעוועט און צוגעגרייט געוואָרן דורך אים מיט זיין וויב ביינאַכט. הגם איך האָב נישט געהאַט קיין אויסקוק אויף אַן אַנדער פּאָסטן אָדער קוואַרטיר און נישט געוווּסט ווו צו גיין אָדער פאָרן, — האָב איך אי־בערגעלאָזן די דאָזיקן גוטע פּאָזיציע לטובת מיין ליידנס־חבר, וועלכער האָט קעגן מיר געכיטרעוועט.

אין פּשעמישל האָט מיין פּרי:ערדיקער שעף, שטאָפּעל, מיטגעטיילט דער געסטאַפּאָ וועגן מיין פאַרשווינדן. צוליב דעם וואָס אונדזערע פּערזענ־לעכע קאַרטן מיט די געבורט־דאַטעס און אַזוי ווייטער, זענען באַזייטיקט גע־וואָרן, האָבן זיי נישט געהאַט קיין שטיצפּונקט אונדז צו פאַרפאָלגן. די גרינטלעכע רעוויזיע וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין אונדזער וווינונג האָט צו גאָרנישט דערפירט. די געסטאַפּאָ־אַגענטן האָבן געזאָגט: „אויב ס׳איז זיי געלונגען זיך אָפּצוטראָגן נישט איבערלאָזנדיק קיין שום שפּורן, איז אָנצונעמען, אַז זיי האָבן זיך איינגעשאַפן נייע דאָקומענטן מיט אַנדערע נע־מען, און מען וועט זיי נישט קאָנען כאַפּן״.

מיין זון האָט זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע טעג ביי פּוילישע פריינד, געבנדיק אָנצוהערן, אַז ער דאַרף זיך אויסהיטן פאַר דער געסטאַפּאָ, ווייל ער אַרבעט אין דעם פּוילישן אונטערערד. אין עטלעכע טעג אַרום, ווען ער האָט געהערט, אַז דער ערשטער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט, איז ער

אוועקגעפאָרן קיין קראָקע, געבליבן דאָרט עטלעכע טעג און זיך צוריק אומ־געקערט קיין פּשעמישל, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן פערצן טעג.

איך בין געפאָרן קיין טשאָרטקאָוו און אַנדערע ערטער, ווו ס׳זענען געווען טאָרטאַקעס, אין דער האָפענונג צו געפינען אַרבעט און אַ וווינאָרט. די גאַנצע אוקראַיִנישע געגנט איז געווען פינצטער און שטאַרק געפערלעך, און יעדער חשד — זאָל זיין דער מינדסטער — האָט געקאָנט ברענגען אַן אומגליק. און הגם דאָס האָט מיר נישט געשמעקט, האָב איך זיך געמוזט אומקערן אויף מיין וווינאָרט אין סטרי. כ׳האָב זיך דאָרט אויפגעהאַלטן נאָך אַ וואָך, ביז די ווירטין האָט מיך אויפגעפאָדערט פריי צו לאָזן דאָס גע־לעגער. בין איך אויך געפאָרן קיין קראָקע. דער עיקר צוליבן שטאַרקן באַ־גער, כאָטש נאָך איין מאָל צו זען מיינע קינדער. מיין לאַגע איז געווען פאַרצווייפלט אין פולן זין פון דעם וואָרט. כ׳האָב ביי זיך באַשלאָסן צו פאָרן דורך דער געבירג־געגנט, כדי נישט צו דאַרפן פאָרן דורך לעמבערג און פּשעמישל. די רייזע איז געווען זייער אַ שווערע. מיט די צוגן זענען צו יענער צייט געפאָרן בלויז שמוגלערס, פאָליציאַנטן און געסטאַפּאָ־אַגענטן. יעדער שמועס פלעגט זיך פאַרענדיקן מיט די ייִדן. די צופרידנקייט צוליב דעם וואָס ס׳איז געשען מיט די ייִדן איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין היטלערן האָט מען נישט געזען דעם שונא, נאָר דעם גואל.

אין קראָקע האָב איך זיך באַגעגנט מיט מיין טאָכטער, ברענגענדיק איר, ווי אַ פרעמדער מענטש, אַ בריוו אין דער ביוראָ. אין דאָזיקן בריוו האָב איך באַשטימט דאָס אָרט און די צייט פון דער טרעפונג. זי האָט גע־נומען דעם בריוו פון מיין האַנט, נישט אַרויסווייזנדיק די מינדסטע אויפ־רעגונג. האָט מיך באַדאַנקט פאַר דער געפעליקייט וואָס כ׳האָב איר געטאָן און זיך גענומען ווידער פאַר דער אַרבעט.

אַרויסגייענדיק פון איר ביוראָ, האָב איך צופעליק באַגעגנט מיין זון. מיר האָבן געמאַכט אַן אָנשטעל ווי מיר קענען זיך נישט איינאַנדער. ער איז מיר נאָכגעגאַנגען, ביז מיר האָבן געפונען אַ טונקל ווינקל אין איינעם פון די גערטנער און זיך דאָרט אַנידערגעזעצט. מיין זונס ערשטע פראַגע איז געווען, צי איך האָב מיט זיך עפּעס צו עסן, ווייל ער האָט שוין צוויי טעג קיין עסן אין מויל אַריין נישט גענומען. ווען איך האָב אים פון מיינע

קעשענעס אַרויס געגעבן אַ שטיקל ברויט, האָט ער עס איינגעשלונגען מיט אַזאַ זשעדנעקייט, נישט צום שילדערן. מיר האָבן נישט געטאָרט לאַנג פאַר־בלייבן צוזאַמען, כדי די פאַרבייגייער זאָלן נישט ווערן אויף אונדז אויפ־מערקזאַם. מיר האָבן זיך אָפגערעדט צו באַגעגענען אויף דעם אָרט אויך מאָרגן.

נאָך דעם ווי איך האָב זיך איינגעמאָלדן אין קראָקע אין אַן אכסניה אויף מיין אידענטיטעטס־קאַרטע, בין איך געגאַנגען אויף דער באַן־סטאַציע צו ברענגען פון דאָרט מיינע זאַכן. ווען כ'האָב זיך אומגעקערט, האָט מיר די ווירטין מיטגעטיילט, אַז זי קאָן מיר נישט איינקוואַרטירן, אויב כ'וועל איר נישט ברענגען אַ רעקאָמענדאַציע פון וועמען עס איז, וועלכער קאָן מיך. כ'בין געווען געצוווּנגען פאַרנאַכט צוריקצופירן מיינע זאַכן אויפן וואָקזאַל און זוכן אַ נייע קוואַרטיר. ווען איך האָב אַזאַ אָרט געפונען, האָב איך באַ־צאָלט פאָרויס און בין געגאַנגען ברענגען מיינע זאַכן. זיך אומגעקערט, האָב איך באַקומען אַ צימער, אין וועלכן ס'זענען געשטאַנען זעקס בעטן. מיינע מיט־קוואַרטיראַנטן זענען געווען סוחרים און רייכע מעקלערס, וועלכע זענען רייך געוואָרן פון מסחרן מיט די יידישן זאַכן, ווי בריליאַנטן, פוטערס און קליידער. זיי האָבן באַקומען זאַכן פון יידן אויף אָפּצוהיטן אָדער פאַרקויפן, ווען ס'זענען געווען צווישן זיי מער ערלעכע סוחרים, האָבן זיי די יידן גע־געבן אַ צענטל פון דער ווערט פון דעם חפץ אין געשטאַלט פון לעבנס־מיטלען.

צווישן די קוואַרטיראַנטן איז אויך געווען אַ פרוי, געקליידט איגגאַנצן אין זייד און צירונג. וואָס מיין אויער האָט יענע נאַכט זיך אָנגעהערט וועגן יידן, קאָן מען דערמיט אויספילן אַ גאַנץ בוך. אָט די פרוי האָט געשאָלטן די יידן מיט ביטערע קללות, נישט דערפאַר וואָס די אַדוואָקאַטן זענען געווען יידן, און נישט ווייל די רעגירונג איז באַשטאַנען פון יידן, און אויך נישט צוליב יעזוסעס קרייציקונג, יענע טענה, מיט וועלכע אַ סך פלעגן זיך באַ־נוצן כדי צו באַרעכטיקן זייער ווילדע שנאה צו די יידן; זי האָט זיי גע־שאָלטן דערפאַר וואָס זיי זענען קמצנים און געלט־גייציקע, האָבן נישט קיין צוטרוי און זענען מלא־קנאה. הגם די יידן ווייסן זייער גוט, אַז זיי וועלן פולשטענדיק ליקווידירט ווערן, פאַרקויפן זיי פון דעסט וועגן זייערע זאַכן, אַנשטאָט אַוועקגעבן זיי די אַריער ווי אַ מתנה.

זי האָט דערציילט אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל וואָס איז געשען אין סקאַווינאַ, לעבן קראָקע. אַ ייִד האָט איר דאָרט פאַרקויפט אַן אַנצוג, פאַר וועלכן זי האָט באַקומען 7,500 — פאַר 2.000 און פאַר איר אין די אויגן צעריסן די באַקומענע באַנקנאָטן אויף שטיקלעך, זאָגנדיק: „איך דאַרף נישט דאָס דאָזיקע געלט, אָבער געבן עס אייך אַ מתנה וויל איך נישט, ווייל עס קומט אייך נישט".

אויך די אַנדערע געסט האָבן געזידלט די ייִדן און אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט דערפון וואָס סוף־כל־סוף האָט זיך געפונען אַ מענטש ווי היט־לער, וועלכער פאַרטיליקט די דאָזיקן וואַנצן. איך האָב פּײַן גרויס וויטיק געביסן דאָס קישן, כדי מיין קרעכץ זאָל נישט דערהערט ווערן.

אויף מאָרגן אין דער פרי האָט מען מיר דערקלערט, אַז מיין בעט איז פאַרנומען. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז מיין פּאַסיווע האַלטונג בעת דעם וויכוח וועגן די ייִדן האָט געוועקט אַ חשד ביי די געסט, און זיי האָבן וועגן דעם מיטגעטיילט דער ווירטין.

כ'האָב געמוזט זוכן זיך אַ נייע וווינונג, און האָב אַזעלכע געפונען לעבן דער הויפּט־פּאָסט, אויף וויעלאָפּאָליע־גאַס 26. אויך דאָרט האָב איך זיך אָנ־געהערט וויכוחים וועגן די ייִדן און בין אויך געווען געצוווּנגען אין זיי אָנטיילצונעמען. מיין בעט־שכן איז געווען אַ לערער פון זוויעזשיניעץ, לעבן לובלין. היינט איז ער געווען אַ סוחר און פרומער קאַטאָליק, און פלעגט פאַרן לייגן זיך שלאָפן שטיין אַ האַלבע שעה אויף די קני אין דאַווענען. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט מיר דערציילט, ווי ס'זענען אומגעבראַכט געוואָרן די ייִדן פון זיין שטעטל, און בלויז ווינציקע האָט זיך איינגעגעבן זיך אויס־צובאַהאַלטן. ווען צו אים אין וווינונג איז ביינאַכט געקומען אַ ייִדישקע מיט איר זון — זיינע באַקאַנטע — און זיך געבעטן ביי אים אין נאָמען פון יע־זוסן און דער הייליקער מאַריאַ, ער זאָל זיי נישט מסרן, האָט ער זיך אַרויס־געשלייכט זיי זאָלן עס נישט דערפילן און געבראַכט די פּאָליציי. די מאַמע מיטן זון זענען באַגינען דערשאָסן געוואָרן.

אין דער דאָזיקער וווינונג האָב איך נישט געקאָנט זיך אויפהאַלטן מער ווי עטלעכע טעג. שפּעטער האָב איך געפונען אַ קוואַרטיר אויף זעליאָנע־גאַס 25. מיינע מיט־קוואַרטיראַנטן זענען דאָס מאָל געווען דריי מאַראַנען.

דאָס זיין פיר פאַרמאַסקירטע ייִדן אויף איין אָרט איז געווען דערשלאָגנדיק, און דער פּחד פאַר אַ פּאָליציי־קאָנטראָל איז געווען זייער גרויס. יעדער איינער האָט געבעטן ביי דעם צווייטן, צוליב פאַרשיידענע מאָטיוון, ער זאָל אַוועק פון דאַנען. צוויי זענען געווען ייִדן, געקומענע קיין פּוילן פון פּראָג אָדער ווין, און זייער פּוילישע שפּראַך איז געווען זייער אַ שלעכטע. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען טשעכן אָדער פּאָליאַקן פון טשעכיע. כל־זמן מ׳האָט זיי נישט געמסרט, האָט זייער דערקלערונג געהאַט אַ ווערט, אָבער ווען זיי וואָלטן אַריינגעפאַלן אין דער געסטאַפּאָ, וואָלט מען זיי אויפגעדעקט אויף דער ערשטער אויספאָרשונג. אין דער־אָ וווינונג, וואָס איז געפירט געוואָרן, לויט איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אויך דורך אַ מאַראַנין, בין איך געבליבן זעקס טעג.

נאָך מיטאָג פלעג איך זיך טרעפן מיט מיין טאָכטער אויף די פּלאַנטן. און ווייל מיר זענען עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געזעסן עטלעכע שעה צווישן די ביימער, האָבן מיר אַרויסגערופן פאַרדאַכט ביי דעם פּוילישן אַרבעטער, וואָס האָט דאָ נאָענט געאַרבעט. ער האָט זיך בגנבה אַרויסגערוקט און גע־בראַכט מיט זיך אַ פּאָליציימאַן. כ׳האָב זיך געזעגנט מיט דער טאָכטער, איידער זיי האָבן באַוויזן צוקומען צו אונדזער באַנק. און אַזוי אַרום איז פון אונדז אַוועקגערוקט געוואָרן דאָס דאָזיקע טרעפונגס־אָרט.

פון מיין זון איז נישט אָנגעקומען קיין שום ידיעה, זינט מיר האָבן זיך צופעליק באַגעגנט. כ׳האָב געמוזט טראַכטן, אַז ער איז געכאַפּט און אומגעבראַכט געוואָרן. ס׳איז געווען אַן אוממעגלעכקייט אים צו זוכן אָדער זיך נאָכצופרעגן אויף אים.

אין קראָקע בין איך געבליבן פערצן טעג, ווייל כ׳האָב פאַרעפנטלעכט אַן אַנאָנס אין אַ צייטונג און געוואַרט אויף אָפּערטעס. אין צען טעג אַרום האָב איך דערהאַלטן עטלעכע, צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן מיר פאָרגע־לייגט צו זיין אַ לייטער פון אַ טאַרטאַק אָדער אַ בוכהאַלטער. איינע איז געווען פון מיין פרי־ערדיקן שעף, שטאָפּעל, פון פּשעמישל. פון דער אָפּערטע האָב איך געדרונגען, אַז שטאָפּעל האָט אָפּגעזאָגט אָדער געהאַלטן ביי אָפּ־זאָגן פּשעוואָלאָצקין.

איך האָב גערנער געוואָלט אַרבעטן אַלס לייטער פון אַ טאַרטאַק צו־

ליב די בעסערע מאַטעריעלע באַדינגונגען ווי אויך צוליב דעם וואָס מיר איז שווער געווען צו זיצן צוזאַמען מיט דער פּוילישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט יעדן גוט נאָכגעשפּירט.

ס'האָט מיר אָנגעהויבן אויספּעלן געלט. מיין טאָכטער, מיט וועלכער כ'האָב זיך ווידער פאַרבונדן דורך איר ביוראָ איז איינמאָל געגאַנגען אויפן שוואַרצן מאַרק, אויף „טאַנדעטאַ", כדי עפּעס צו פאַרקויפן. איינער פון די הענדלער האָט איר אָוועקגערופן אויף אַ זייט, גענומען ביי איר די זאַך וואָס זי האָט געוואָלט פאַרקויפן און איר געזאָגט, אַז ער ווייסט אויף זיכער, אַז זי איז אַ ייִדישקע. ער וויל נישט שטעלן איר לעבן אין געפאַר, ווייל ער איז אַ מענטש און אַ קריסט, אָבער זי דאַרף גלייך פאַרשווינדן, און אַן דער זאַך. אין אָנהייב האָט זי זיך ענערגיש קעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן רויב, אָבער ווען צו אים זענען צוגעקומען עטלעכע זיינע חברים, איז זי געווען געצווונגען נאָכצוגעבן און אַוועקגיין, איבערלאָזנדיק זיי די זאַך.

מיין זונס פאַרשווינדן האָט געדריקט אויף מיין געמיט־צושטאַנד, און דאָס אַנטשיידן וואָס פאַר אַ פּאָסטן איך זאָל אָננעמען איז מיר שווער אָנ־געקומען. צום סוף האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין וואַרשע. צו יענער צייט זענען דאָרט פאָרגעקומען שטאַרקע שלאַכטן אין געטאָ. הונדערטער טויזנטער ייִדן זענען דאָרט — ווי אין די אַנדערע ערטער — אַוועק ווי שאָף צו דער שחיטה, ביז עטלעכע הונדערט פרויען און מענער האָבן באַ־שלאָסן אַרויסצוגיין אין אָפענער שלאַכט מיטן פיינד, וואָס זיינע כוחות זענען געווען איבערוועגנדיקע און וועלכער האָט געמאָרדעט אָן רחמנות.

פּרטים וועגן די דאָזיקע גרויליקע שלאַכטן, אין וועלכע די דייטשן האָבן זיך באַנוצט מיט אַלע מיני וואָפן וואָס זענען געשטאַנען אין זייער רשות, און אויך מיט גיפטיקע גאַזן, זענען שוין דערציילט געוואָרן און וועלן נאָך דערציילט ווערן דורך די קעמפער גופא. איך וויל דאָ בלויז אויפוויק־לען עטלעכע בילדער, וואָס איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען. אַ רינג פון באַוואָפנטער ווערמאַכט און ס"ס האָט אַרומגעקלאַמערט דאָס געטאָ. אויב ס'האָט זיך איינגעגעבן פאַרמאַסקירטע אָדער „אַרישע" ייִדן אַרויסצו־באַקומען זיך מיט דער הילף פון פאַרשיידענע דאָקומענטן דורכן דאָזיקן ווערגנדיקן רינג און זיך אַריינצובאַקומען אין אַן אַרישער סביבה, האָבן

זיי זיך באַלד אָנגעטראָפן אויף אַ צווייטן רינג פון פוילישע אויספרעסער. יענע האָבן זיי דערקאָנט און גלייך איבערגעליפערט דער געסטאַפּאָ, אָדער פריִער צוגענומען ביי זיי יעדע ווערטפולע זאַך און דערנאָך אַוועקגעפירט צו די תלינים. אַ סך פון די וואָס האָבן זיך אַרויסגעשמוגלט האָבן זיך באַמיט צו באַקומען געווער פאַר די קעמפער. זיי פלעגן באַצאָלן פאַר דעם געווער מיט פאַרשיידענע ווערטפולע זאַכן. אָבער נאָר ווייניק האָט זיך איינגעגעבן זיך אַדורכצושלאָגן. די יידן וואָס מ'האָט געכאַפּט אין געטאָ, האָט מען אַריינגעוואָרפן אין פאַרמאַכטע פי־וואַגאָנעס און געבראַכט קיין מאַידאַנעק אָדער טרעבלינקע.

צו מיין ביטערן מזל האָב איך אָנגעטראָפן נאָענט צו אַזאַ געסטאַפּאָרינג, און אַ גרופּע פוילישע שאַנטאַזשיסטן האָט מיך פאַרמסרט, ווי אַ פאַרדעכטיקן, פאַר דער געסטאַפּאָ. מ'האָט מיך גלייך אַרעסטירט און געבראַכט — גאָרנישט נישט פרעגנדיק ביי מיר און נישט פאָדערנדיק קיין דאָקומענטן — צו איינעם אַ טראַנספּאָרט, אין אַ וואַגאָן. אַלע מיינע געשרייען און אויפקלערונגען האָבן מיר נישט געהאָלפן. און איך האָב זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענעם. נאָך צוועלף שעה וואַרטן האָט דער צוג געריִרט. קראַנקע און גוססדיקע זענען אויפגעלאַדעוועט געוואָרן צוזאַמען מיט די געזונטע. געשרייען, יללות, פאַלן אין חלשות, רייסן זיך די האָר, — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ גיהנום, נישט צו באַשרייבן אים. אויך דער צוג, מיט וועלכן מיר זענען געפאָרן, האָט זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון מאַידאַנעק. עטלעכע דרייסטע יידן האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן דורך די לופטפענצטערלעך, אַרויסרייסנדיק די גראַטקעס, אָדער אויפברעכנדיק די טיר. נאָך דעם ווי מיר האָבן אַ לאַנגע צייט געדריקט אויף דער טיר מיט אַ סך כוחות — אונדזערע לעצטע כוחות — און די ברעטער זענען צעבראָכן געוואָרן, זענען מיר אַ פּופּצן מאָן אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן אין דער פינצטערניש אַריין. די באַגלייטער, ס"ס־לייט, וועלכע זענען געפאָרן אין די הינטערשטע וואַגאָנעס, האָבן גענומען שיסן און אַ סך פון אונדז דערמאָרדעט. איך בין לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן פאַלנדיק.

ווידער האָב איך געזען, אַז די השגחה האָט מיך איינגעהיט. אַ פאַרוווּנדעטער און פאַרמאַטערטער האָבן איך מיך אַוועקגעשלייכט ביז צו דער

באַנטער באַן־סטאַציע, זיך אַריינגעגנבעט אין צוג און אומגעקערט — ווי אַן אַריער — קיין וואַרשע. האָב אויפגעזוכט אַ קוואַרטיר אויף פּראַגע צווישן די אויסנוצער פון דער קאָניוקטור, וואָס האָט זיך געשאַפן מיטן פאַרניכטן די ייִדן. כ׳האָב זיך אָפּגערוט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, בין געקומען אַ ביסל צו זיך און אַוועק אויף דעם אָרט, ווו כ׳האָב באַדאַרפט באַקומען די שטעלע.

דער שעף פון דער פירמע איז געווען פריץ שניידער, אַ פּאַרטיי־מיט־גליד און ס״ס־הויפּטבויפירער, אַ געוועזענער שווים־מייסטער פון טורינגיע, וועלכער איז אַ לאַנגע צייט געווען אַ רעדנער אין זיין ראַיאָן און האָט שפּע־טער דערגרייכט די שטופע פון אַרכיטעקטאָר, באַשעפטיקנדיק טויזנטער פּוילישע אַרבעטער. ער האָט געהאַט אַ געליבטע, אַ יונגע פּאָלקע פון דעמ־בלין, זיין ווייב און קינדער זענען געבליבן אין דייטשלאַנד. ער האָט מיך אויפגענומען זייער פריינדלעך, דערלאַנגט קאָניאַק און ציגאַרעטן, אַקצעפּ־טירט אַלע באַדינגונגען וואָס כ׳האָב אים געשטעלט, מיר געגעבן אַ גרויסן אַוואַנס און מיך איינגעלאַדן צו קומען מאָרגן אין זיין ביוראָ.

אויך אין דער ביוראָ בין איך גוט אויפגענומען געוואָרן, און דאָ האָב איך זיך דערוווּסט פון צוויי באַאַמטע, שטשיגעל און אינזשיניער וולאָדאַרסקי (זענען ביידע געווען, ווי כ׳בין שפּעטער געוואָר געוואָרן, ייִדן אַריער), אַז דער טאַרטאַק, אין וועלכן איך דאַרף אַרבעטן ווי אַ לייטער, ווי אויך דער בוי־פּלאַץ געפינען זיך ווייט אויף מזרח, לעבן סמאָלענסק, אין באָברויסק. קומען אַהין האָב איך געקאָנט נאָר מיט אַ מיליטערישן מאַרש־באַפעל, ווייל דאָס דאָזיקע אָרט האָט זיך געפונען אויף אַ פראָנט־געביט. מען האָט מיר באַזאָרגט מיט אַ מאַרש־באַפעל און אַ רעקאָמענדאַציע צום דאָרטיקן בוי־לייטער. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב זיך פון די שיינען און דאָקומענטן דערוווּסט, אַז איך וועל זיך געפינען אין אַ לאַגער פון ס״ס. כ׳האָב זיך אָבער שוין נישט געקאָנט צוריקציִען, ווייל כ׳האָב שוין געהאַט גענומען דעם אַוואַנס און אים אַריבערגעשיקט קיין קראָקע צו מיין טאָכטער.

די רייזע אין דעם מיליטערישן צוג איז נישט שלעכט געווען. אין מיין וואַגאָן זענען געזעסן אַ סך ציווילע, וואָס זענען געפאָרן צו זייער אַרבעט אויף מזרח. צווישן זיי פּאָליאַקן שמוגלער, וואָס האָבן געפירט קאָך־סאָדע, נאַ־טריום, אַ זעלטן אַרטיקל, וואָס מ׳האָט באַנוצט ווי הייוון, און וואָס מען קאָן

עס פאַרקויפן און פאַרדינען צענפאַכיק. ס'זיינען צווישן אונדז געווען אויך אַזעלכע, וואָס זענען געזוכט געוואָרן פון דער געסטאַפּאָ און פּוילישער גע־היים־פּאָליציי און האָבן געטראַכט, אַז זיי וועלן זיין זיכערער אויף מזרח, אויסער די גרענעצן פון דעם גענעראַל־גווערנאַמענט.

דער פּראָוויאַנט וואָס מיר האָבן באַקומען אויפן וועג איז געווען: ברויט, ווורשט, פּוטער, צוקערלעך און פּאַפּיראָסן. אויפן וועג האָבן מיר אויך גע־קאָנט קריגן הייסע זופּ און קאַווע, ווי ס'האָבן עס באַקומען די זעלנער.

אויפן דריטן טאָג פון דער רייזע, נאָך מיטאָג, ס'איז געווען דאָנער־שטיק, בין איך אָנגעקומען אויף מיין אַרבעטספּלאַץ אין באָברויסק. די אַנ־דערע רייזנדע זענען ווייטער געפאָרן, קיין האָמעל, מאָהליוו און סמאָלענסק. געקומען אויף דער באַן־סטאַציע, האָב איך טעלעפאָנירט אין דער צענטראַל־בוי־לייטונג פון ס"ס און געמאָלדן וועגן מיין קומען ווי דער לייטער פון דעם טאַרטאַק פון דער בוי־פירמע שניידער. אינגיכן בין איך פון דער באַן־סטאַציע געבראַכט געוואָרן מיט אַן אויטאָ צו דער בוי־לייטונג און איינגע־קוואַרטירט אין די דייטשישע און האָלענדישע באַראַקן. אויפן מאָרגן בין איך געקומען צו דעם צענטראַל־בוי־לייטער פון ס"ס, הויפּטשטורעמפירער פאָגט, און ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער האָט בדעה מיך צו פאַרהאַלטן ביי זיך, ווייל ער טראַכט אויפצובויען דאָ אַ טאַרטאַק. איך וועל דאַרפן באַהאַנדלען אַלע פּרטים פון דעם פּלאַן, וואָס איז סקיצירט געוואָרן פון אַ האָלענדישן צייכנער. מ'האָט מיר באַשטימט זייער אַ גרויסן געהאַלט, זייער גוטע באַשפּייזונג, אַ שיינע וווינונג און אויך — אַן אַ שפּאַס — אַ ס"ס־אוי־ניפאָרם. דאָס איז געווען די איינציקע זאַך מיט וועלכער איך בין נאָך נישט געפּרוווט געוואָרן. מיינע ליידן זענען אָן דעם געווען גענוג גרויס צוליב מיין זונס פאַרשווינדן, איז נאָך איצט צוגעקומען דער דאָזיקער אָנבאָט אויפצוי־רודערן מיינע נערוון ביז צום גרונט. אָבער פאַרשטעלנדיק זיך אין אַ ס"סישן אוניפאָרם האָב איך געמוזט אויך לאַכן. אַ בעסערע און זיכערערע פאַרמאַסקירונג פאַר אַ יידן קאָן גאָר נישט געמאָלט זיין.

איך האָב נישט געזען קיין שום בוי־לייטער אָדער געשעפט־פירער פון שניידערן. דער דאָזיקער מצב פון אומוויסן האָט געדויערט עטלעכע טעג. אין דריי טעג אַרום, אום זונטיק, בין איך אַוועקגעפירט געוואָרן דורך שניי־

דערס בוי־לייטער, דעם ס״ס הויפּטבויפירער האָפּמאַן, אין זיין אויטאָ צו דעם אַרבעטסלאַגער פון ס״ס, ווו ס׳איז געווען שניידערס בוישטעלע און טאַרטאַק. דער דאָזיקער האָפּמאַן איז געווען אַ זייער געבילדעטער דייטש, וועלכער איז מיט יאָרן צוריק פאַרוווּנדעט געוואָרן בעת אַ גרענעץ־צוזאַמענשטויס און האָט געהונקען אויף אַ פוס. זיין שנאה צו אַלץ וואָס איז נישט דייטשיש איז געווען אָן אַ גרענעץ. אַזעלכע מענטשן פלעגן געשיקט ווערן אין די אָקופּירטע געגנטן.

ער האָט מיך פריינדלעך אויפגענומען. צוליב פאַרשטענדלעכע מאָטיוון האָב איך געבעטן ביים שעף אין וואַרשע אַ באַזונדער צימער, כדי צו קאָנען אַרבעטן אומגעשטערט. די ערשטע נאַכט בין איך געשלאָפן אין דעם צימער פון אַ דייטש, וועלכער איז אַוועק אין אורלויב. כ׳האָב באַקומען גוטע זאַכן צום עסן, ווי: קעז, פּוטער, וווּרשט, ברויט, וויין, קאָניאַק און אויך ציגאַרעטן און אַפילו ציטרינען. כ׳האָב פאַרשפּרייט אויפן ליילעך איין דעקע און מיט דער צווייטער זיך איינגעדעקט און געלייגט שלאָפן. אויף מאָרגן אינדערפרי איז געקומען האָפּמאַן און האָט מיך געפרעגט ווי איך בין געשלאָפן. ווען כ׳האָב אים געענטפערט, אַז כ׳בין געשלאָפן אויפן בעט, וואָס ער אַליין האָט געשטעלט אין מיין רשות, האָט ער זיך שטאַרק אויפגערעגט און געזאָגט: „איך קאָן נישט פאַרלאַנגען פון אַ דייטש צו שלאָפן אין אַ בעט, אין וועלכן ס׳איז געשלאָפן אַ פּאָליאַק, אַפילו אויב כ׳וועל אים געבן פריש איבערציעכץ״. אויפן צווייטן טאָג האָב איך באַקומען אַ באַזונדער צימער און בין געוואָרן דער לייטער פון דעם טאַרטאַק. די אַרבעטער און די ביוראָ פון דער פירמע האָבן זיך, אמת, געפונען אין דעם אַרבעטס־לאַגער פון ס״ס, אָבער אָפּגעזונדערט, אַ קילאָמעטער בערך פון לאַגער גופא.

אין דאָזיקן לאַגער זענען געווען אַ 2.000 ייִדן, הונדערטער ס״ס־אַרעסטירטע נאָכן ליקווידירן די ייִדן, אויך אַ 5.000 ס״ס־לייט פון רומעניע, האָלאַנד, לעטלאַנד, בעלגיע און אַנדערע. די ייִדן האָט מען אויסגענוצט צו די שווערסטע און געפערלעכסטע אַרבעטן, און צענדליקער פון זיי זענען טאָג־טעגלעך געשטאָרבן. אין לאַגער איז געווען אַ רוסישער געוועזענער מאַגאַזין פון באָמבעס, וועלכער איז אויסגעלאָדעוועט געוואָרן. דאָס אויסלאָדעווען איז געווען זייער שווער און שטאַרק געפערלעך. די ס״ס־לייט,

וועלכע זענען געשטעלט געוואָרן צו באַוואַכן די ייִדן, זענען גשטאַנען מיט אָנגעלאָדן געווער אויסער דער געפערלעכער זאַנע. ווען ס׳זענען שוואַך גע־וואָרן די ווענט נאָך דעם ווי מ׳האָט אין זיי אַנידערגעלייגט אַ דינאַמיט־לאָדונג, האָבן די ס״ס־לייט געשיקט ייִדן זיי זאָלן זיי פאַרפעסטיקן, הגם זיי האָבן פאַרויס געוווּסט, אַז די ייִדן וועלן באַגראָבן ווערן אונטער דעם ציגל־פאַל.

דער אַרבעטס־לאַגער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ דראָט־פאַרצוי־מונג, וואָס אויסער איר האָט קיין ייִד זיך נישט געטאָרט געפינען. פלעגן די ס״ס־וועכטער אַריבערוואַרפן אין שפּאַס שטעקנס אָדער היטלען פון יענער זייט פאַרצוימונג און שיקן אַ ייִדן אָדער צוויי זיי צו ברענגען. ווען דער ייִד איז געווען אויסער דער פאַרצוימונג, איז ער דערשאָסן געוואָרן, הגם ער איז אַהין געגאַנגען לויט אַ באַפעל. אויב דער ייִד האָט זיך אָפּגעזאָגט אַריבער־צוגיין, איינשטימיק מיטן פאַרבאָט, איז ער אויך דערשאָסן געוואָרן צוליב זיין אָפּזאָגן זיך צו דערפילן דעם באַפעל. די ייִדן פלעגן דרעסירט ווערן ווי ספּעציעלע הינט. איינער אַ טייוולאָנישער אונטערשאַרפירער, מיטן נאָ־מען קין, פלעגט זיך פאַרשאַפן נחת־רוח דערמיט, וואָס ער פלעגט מיט די ייִדן נאָך שווערער אַרבעט פון אָנלאָדעווען און אויסלאָדעווען דורכפירן „גימנאַסטישע געניטונגען". אייניקע פון זיי פלעגט ער באַפעלן, אין דער אַנוועזנהייט פון אַלע טאַרטאַק־אַרבעטער, אַרויפקלעטערן און אַראָפּשפּריג־גען צוואַנציק־דרייסיק מאָל אויף אַן אָנגעלאָדעוועטן וואָגן. די דאָזיקע גימ־נאַסטיק פלעגט אויסגעפירט ווערן לויט באַפעלן, און נאָכן געשריי „רוט" האָבן די ייִדן געדאַרפט זיך אויסציִען אויף דער ערד ווי הינט. די דאָזיקע און ענלעכע איבונגען, ווי זיך דרייען אויפן בויך און שטיין אויפן קאָפּ האָבן זייער אָפּגעשוואַכט די ייִדן, און באַזונדערס ווייל זייער דערנערונג איז גע־ווען אַ מיזערע. איינער פון די ייִדן וואָס איז אַזוי געפּייניקט געוואָרן, האָט זיך אַ וואָרף־געטאָן אויף אים און אים אָפּגעביסן אַן אויערלעפל, פאַר וועל־כעס ער איז באַלד דערשאָסן געוואָרן. די פּוילישע אַרבעטער אונדזערע פלעגן זיך צוקוקן צו דער דאָזיקער סאַדיסטישער שפּיל מיט גרויס פאַר־געניגן און אויסדריקן זייער פרייד דורכן הויכן געלעכטער און דערמונטע־רונגס־געשרייען.

אַ צווייטער ס״ס־מאַן, דער ראַטענפירער הערטקע, פלעגט קלייבן נחת פון שמייסן די פערד און אין דער זעלבער צייט באַפעלן די ייִדן זיי צו כאַפּן און צוימען. און מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז די דאָזיקע ייִדן זענען געווען דער עיקר שטאָטישע, וואָס האָבן זינט זיי לעבן מיט קיין פערד' נישט געהאַט צו טאָן.

אַזוי־אַרום זענען אין לאַגער פון די צוויי טויזנט ייִדן נאָך עטלעכע חדשים פאַרבליבן נישט מער ווי אַכט און פערציק. די דאָזיקע אומגליק־לעכע זענען געווען ספּעציאַליסטן ווי: שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, שלאָסער, זייגערמאַכער, פריזירער, ראַדיאָ־טעכניקער און עלעקטריציסטן. חוץ זייערע פאַך־אַרבעטן האָבן זיי נאָך געמוזט טאָן שווערע געוויינטלעכע אַרבעטן, ווי: גראָבן, אויף־און־אָפּלאָדעווען מאַטעריאַלן און אַזוי ווייטער. די קלאָזעטן פון די ציווילע אַרבעטער, אַ דריי הונדערט אין דער צאָל, צווישן זיי פּאָליאַקן, רוסן, האָלענדער און רומענער, זענען כסדר גערייניקט געוואָרן דורך די ייִדן. אויף די פּוילישע און רוסישע אַרבעטער האָבן גע־האַט השגחה דייטשן, וועלכע מ׳האָט גערופן פירונגס־פּערסאָנאַל.

אונדזער פירמע האָט אויסער דעם אויבנדערמאָנטן האָפמאַן געהאַט אויך אַנדערע דייטשן. זיי זענען אין זייער מערהייט געקומען נישט פון דייטשלאַנד גופא, נאָר פון יוגאָסלאַוויע, רומעניע, פון די פּוילישע שלעזיע און פּאָמערן.

די נאַציסטישע אָרדענונג האָט אַוועקגעשטעלט דעם שקלאַפן־האַנדל אויף אַ זייער ברייטער באַזע און איינגעפירט אַ ספּעציעלע סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע. יעדע מיליטערישע בוישטעלע פלעגט איבערגעבן אירע אַרבעטן אַ פּריוואַטער פירמע. די דאָזיקע פירמע פלעגט אויספירן די אַר־בעטן נישט אויף איר אייגענעם חשבון, אָדער לויטן אויסרעכענען די אויס־גאַבן, און ס׳פלעגט איר אויך נישט באַצאָלט ווערן לויט איר פּראָדוקציע. זי פלעגט באַקומען 60־65 פּראָצענט מער פון דעם באַשטימטן לוין פאַר די אַרבעטן ווי אַ צוגאָב־ריווח אויף די אויסגאַבן פון דער פירמע, ווי קראַנ־קן־קאַסע און אַזוי ווייטער. דעם דאָזיקן צוגאָב, אפשר עטוואָס ווייניקער, פלעגט די פירמע באַקומען אַפילו אויב זי האָט נישט באַשעפטיקט קיין איין אַרבעטער. און די אַרבעטער זענען געבראַכט געוואָרן דורך דעם בוי־

אייגנטימער. ס'זענען געווען אַ סך פירמעס, וואָס זייערע אַרבעטער זענען געווען נישט מער ווי אַ ביוראָ־לייטער, אַ באַאַמטין און איין אויפזעער, און פון דעסט וועגן האָבן זיי באַקומען הונדערטער אַרעסטירטע פון די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן, אָדער יידן. זיי פלעגן באַקומען אַלס געשעפט־קאָסטן פון דער פירמע און ווי ריווח אַ טאָפּלטן סכום און אויך מער וויפל זיי האָבן באַצאָלט פאַר די אַרעסטירטע פון ס"ס; דער דאָזיקער דייטשישער „סאָ־ציאַליזם" האָט עקספּלואַטירט מיליאָנען אַרבעטער, געבראַכטע פון אַלע אייראָפּעיִשע לענדער, נישט נאָר פאַר דער מדינה און פאַר דער באַוואָ־פענונג־אינדוסטריע, נאָר אויך פאַר פּריוואַטע פירמעס, וועלכע זענען רייך געוואָרן פון דער עקספּלואַטאַציע פון די שקלאַפן. דער דורכשניטלעכער דייטש, וועלכער האָט געגלייבט אַלץ וואָס איז געווען געדרוקט און יעדע ידיעה פון ראַדיאָ, איז געווען איבערצייגט, אַז דער אידעאַל פון אַ סאָציאַ־ליסטישער מדינה איז שוין פאַקטיש פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דייטש־לאַנד.

אויך די דייטשישע שעפן, וועלכע זענען אין זייער מערהייט געווען אויסגעגליטשטע „פאָלקס־דייטשן" מיט סאַדיסטישע נטיות, האָבן זיך באַמיט רייך צו ווערן אויפן חשבון פון די פרעמדע שקלאַפן. די לעבנס־מיטלען וואָס זענען געוואָרן באַשטימט פאַר די פרעמדע אַרבעטס־כוחות פון די מילי־טערישע אינסטאַנצן און פאַקטיש צוגעטיילט פאַר די לאַגערן, זענען קיינ־מאָל נישט געוואָרן פונאַנדערגעטיילט, נאָר קאָנפיסקירט דורך די פירער און שעפן פאַר זיך און זייערע משפחות. און ווען איינער אַ דרויסנדיקער פאַרקלאָגט זיך, אָדער גיסט אויס אויף דער שוועל פון דעם שעפס הויז דעם פאַרשטונקענעם און פאַרשימלטן באָרשטש, אָדער ברענגט אַ פּראָבע פון דער זופּ צו דער פאַרוואַלטונג פון דער צענטראַל־בויונג, ווערט ער גלייך איינ־געשפּאַרט אויף עטלעכע וואָכן. אין אַרעסט־הויז באַקומט ער געשלאָגן פון זיינע פאָלקס־זין טאָג־טעגלעך צוואַנציק־דרייסיק שמיץ מיט אַ הילצערנעם שטעקן. אויב דער מענטש, וואָס האָט געדאַרפט שלאָגן האָט נישט „ערלעך" אויסגעפירט זיין אַרבעט, האָט דער ראָטענפירער אים אַליין אויסגעצויגן אויף דער באַנק, כדי צו ווייזן אַ מוסטער ווי מען דאַרף שלאָגן.

צווישן שניידערס פוילישע אַרבעטער איז געווען אַ וואַרשעווער קצב,

וועלכער פלעגט אויספירן דאָס שלאָגן זיינע פּאָלקס־זין אין תפיסה מיט גרויסער שלימות. ווער ס׳איז פון אים געשלאָגן געוואָרן, האָט אַ וואָך צייט נישט געקאָנט, נישט זיצן, נישט ליגן. דער דאָזיקער פּוילישער תליון האָט באַקומען בעסערע באַשפּייזונג פון דער ס״ס און איז געהאַלטן געוואָרן בלויז פאַר אַ שלעגער.

איינער פון די אויפזעער פון אונדזער פירמע, מיטן נאָמען רידעלבויער, אַ פאָלקס־דייטש פון יוגאָסלאַוויע, וואָס האָט, לויט זיינע אייגענע רייד, דער־מאָרדעט הונדערטער יידן פון דער אינטעליגענץ אין סאַראַיעוואָ און צוגע־רויבט זייערע ווערטפולע זאַכן, האָט געזען זיין מיסיע אין שלאָגן די אַר־בעטער און זיי נאָכשפּיאָנירן אויך נאָך דער אַרבעט. ער האָט זיך קיין רו נישט געפונען, אויב ער האָט נישט יעדן טאָג אַריינגעפּאַקט עטלעכע אַר־בעטער אין תפיסה. איין מאָל האָט ער מיר צופעליק געוויזן אַן אָנקלאַגע וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן קעגן 3 פּוילישע אַרבעטער. איך האָב אונטער־געשטראָכן דרייצן גרייזן אינעם אויסלייג אין זיבן שורות פון דער אָנ־קלאַגע. ער האָט נישט געוווּסט ווי די ווערטער צו שרייבן מיטן ריכטיקן אויסלייג, האָט ער זיך געשעמט איבערצוגעבן די גרייזיקע אָנקלאַגע און פון איר רעזיגנירט.

אין אַ צופעליקן שמועס איז גערעדט געוואָרן, אַז די רוסן האָבן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרלוירן אַ 50 מיליאָן מענטשן. איך האָב זיך דערוועגט צו באַמערקן אַז דער דאָזיקער סכום זעט אויס ווי אַ גוזמא. האָט ער זיך געאיילט אין דער געסטאַפּאָ מיך צו פאַרמסרן.

אויף אונדזער בוי־שטעלע איז אויך געווען באַשעפטיקט אַ פּוילישע ציין־דאָקטערין, מיטן נאָמען סטעפאַניאַ פּאַוולאָווסקאַ. זי איז געווען יונג און שיין און באַפריינדעט מיטן בוי־לייטער האָפּמאַן. ווייל זי האָט זיך צו מיר גוט באַצויגן און מיך געלויבט פאַר האָפּמאַנען, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם איינדרוק, אַז אויך זי איז אַ מאַראַנערין. מיר פלעגן צייטנווייז שפּאַצירן מיט אַ פּוילישן טעכניקער, וועלכער האָט אויך דאָ געאַרבעט, מיטן נאָמען לאַסקאַזשעווסקי. ער האָט מיר געמאַכט אויפ־מערקזאַם אויף פּאַוולאָווסקאַן, אַז זי רעדט אַזאַ שיינעם ליטעראַרישן פּוי־ליש און בויט אירע זאַצן אַזוי, אַז לויט זיין מיינונג איז זי זיכער אַ יידישקע.

אין אַ שטיקל צייט אַרום איז פּאַוולאָווסקאַ געווען געצווונגען צו אַנטלויפן פון לאַגער.

אויף דער זעלבער בוי־שטעלע איז באַשעפטיקט געווען אַ פּוילישער אַרבעטער מיטן נאָמען מייקאָווסקי. מיטן ערשטן בליק האָב איך דערקאַנט אַז ער איז אַ מאַראַן. די פּוילישע און רוסישע אַרבעטער האָבן געדאַרפט האָבן אַ פיל לענגערע צייט אים צו דערקענען. ער איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף אַרבעט ביי מיר. איך האָב אים באַשעפטיקט ביינאַכט, כדי ער זאָל זיך נישט צופיל וואַרפן אין די אויגן בייטאָג. איינמאָל איז צו מיר צוגעקומען אַן אַרבעטער, מיטן נאָמען זבאַראָווסקי, אַ זון פון אַ פּוילישן פעלד־פּעבל פון לובלין, און געמאָלדן, אַז מייקאָווסקי איז אַ ייד. ווען איך האָב געלאַכט פון אים און געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכע זאַך, האָט ער דערקלערט, אַז ער איז גרייט, מיט דער הילף פון אַ צווייטן אַרבעטער אַראָפּשלעפּן פון מייקאָווסקין אין קעלער די הויזן און מיך אַראָפּפירן כדי איך זאָל זיך איבערצייגן אין דעם אמת פון זיינע רייד. מיט גרויס מי און גרויסער אויפרעגונג האָט זיך מיר איינגעגעבן אָפּצוהאַלטן די מענטשן דערפון, און צום סוף האָב איך איינגעאָרדנט מייקאָווסקין ביי אַן אַנדערער אַרבעט. אָבער לאַנג וואָלט מייקאָווסקי נישט קאָנען זיך האַלטן, און ער האָט אויסגענוצט אַ געלעגנהייט וואָס האָט זיך אים אונטערגערוקט און איז צוגעשטאַנען צו די רוסישע פּאַרטיזאַנער. ס׳האָט זיך מיר אויך געלייגט אויפן שכל, אַז דער דאָזיקער קלאַנג איז פאַרשפּרייט געוואָרן נאָך דעם ווי די פּאָליאַקן האָבן אים אומגעבראַכט.

דער אויבנדערמאָנטער זבאַראָווסקי האָט אויסגעדריקט זיין כעס נישט נאָר אין זיין באַציִונג צו מייקאָווסקין. פון צווישן די איבערגעבליבענע ייִדן פלעגן כמעט טאָג־טעגלעך קומען עטלעכע צום טאַרטאַק אויפצולאָדעווען מאַטעריאַלן. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט פלעג איך זיי צוּוואַרפן אַ שטיקל ברויט אָדער עטלעכע ציגאַרעטן. זבאַראָווסקי האָט עס באַמערקט און נישט געקאָנט עס פאַרטראָגן. ער האָט מיך געפרעגט, צי כ׳האָב פאַרגעסן, אַז זיי זענען ייִדן.

אַרום דעם לאַגער פון ס״ס האָבן זיך געשפּרייט רחבותדיקע סאָווכאָזישע פעלדער. אַלע רוסישע און פּוילישע אַרבעטער פלעגן נעמען פון די

דאָזיקע פעלדער קאַרטאָפליעס. איינמאָל האָט זבאַראָווסקי באַמערקט, אַז אַ ייִדיש ייִנגל געפינט זיך אויפן פעלד צו נעמען קאַרטאָפל. ער האָט גלייך אַלאַרמירט די ס״ס־וועכטער. ווען איך האָב אויף אים זיך אָנגעבייזערט און פאַרבאָטן איבערצורייסן די אַרבעט, האָט ער געשיקט אַ צווייטן אַרבעטער צו ברענגען דעם ראָטענפירער קייזער. יענער איז צוגעלאָפן צום ייִנגל און האָט אים געשלאָגן מיט דער שטיל פונעם רעוואָלווער, ביז די נשמה איז אים אַרויס. ווי אַ פאַרענטפערונג אויף מיין פאָרוואורף דעם פּאָליאַק, האָט מען מיר געזאָגט, אַז אויף אַזאַ אופן איז אַוועקגענומען געוואָרן דער חשד פון די פּאָליאַקן, אַז זיי גנבענען די קאַרטאָפליעס, ס׳הייסט, ס׳איז אויסגעפירט געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער טאַט: דער ציל הייליקט די מיטלען.

דאָ איז אויך געווען באַשעפטיקט דער פוילישער שלאָסער־מייסטער זבאָזשאַדסקי, פון אָליק, לעבן קאָוולע. דער דאָזיקער פּאַרשוין האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַלס אינטעליגענט און געפירט אומאויפהערלעכע דיסקו־סיעס אויף דער ייִדישע טעמע. מיט מיר איז ער געווען אין פריינדלעכע באַ־ציִונגען און האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געהאַט בוי־געשעפטן און אַ טאַרטאַק און איז באַזיגט געוואָרן אין אַן עקאָנאָמישן קאָנקורענץ־קאַמף דורך אַ ייִדישער פירמע, קאַבאַק עט רובינשטיין, און אַז די ייִדן פלעגן צאָלן די אַרבעטער אַ הונגער־לוין, האָבן געגעבן שלעכטע סחורה, באַקו־מען געלט־שטיצע פון אַמעריקע און נאָך אַזעלכע אויסטראַכטענישן פון זיין פאַנטאַזיע. צופעליק האָב איך גוט געקענט די דאָזיקע פירמע פאַר דער מלחמה. דער דאָזיקער פּאַרשוין איז אַוודאי נישט געווען קיין קאָנקורענט, און אין דער אמתן איז ער געווען נישט מער ווי אַן אָנגעשטעלטער אין דער דאָזיקער בעלגישער פירמע. ער איז געווען זייער אויפגעקאָכט דערפון, וואָס ס׳האָט זיך אים נישט איינגעגעבן צו אַנטדעקן מייקאָווסקין איידער ער איז אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער.

ווען מיר האָבן זיך אין אַ צייט אַרום באַגעגנט אין וואַרשע, אין שניי־דערס ביוראָ, נאָך דעם ווי די רוסן זענען אַ צווייט מאָל אַריבער דעם בוג, האָט מיר דער דאָזיקער מענטש דערציילט, ווי אויסגעשטאַט און דיסצי־פּלינירט ס׳איז די רויטע אַרמיי. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט באַגעגנט אַ מיליטערישע גרופּע און געשמועסט מיט עטלעכע אָפיצירן. ער האָט סימ־

פאַטיזירט מיט דער רויטער אַרמיי אויף אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך אויס־געדריקט, אַז דאָס סאָוועטישע מיליטער האָט באַקומען דעם באַפעל אויס־צוראָטן צוזאַמען מיט די פּוילישע פּאַרטיזאַנער אַלע ייִדן, וועלכע זענען צעשפּרייט איבער די וועלדער פון וואָלין. און אויב די דאָזיקע זאַך, האָט ער געזאָגט, וועט דערגרייכט ווערן, וועלן מיר קאָנען מיטאַרבעטן מיט די רוסן.

אין דער באָברויסקער שלאָסערײַ האָט געאַרבעט אויך אַ פּוילישער שלאָסער פון דעמבלין, מיטן נאָמען גלאָדעק. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט אַ סך ייִדיש בלוט געהאַט אויף זײַן געוויסן. ער האָט געדינט אין שניידערס פירמע אין דעמבלין ווי אַ וועכטער און דורכגעפירט רעקוויזיציעס ביי די ייִדן אין יענער געגנט. ער האָט מיר אַליין דערציילט, אַז ער קאָן שיסן אַ ייִדן אָן קיין שום קווענקלעניש, ווען ער באַגעגנט זיך מיט אים, און אַרום איז קיינער נישטאָ. מיט דעם דאָזיקן באַנדיט האָב איך געוווינט אין וואַרשע זעקס חדשים אין איין צימער, און ער האָט מיך באַדינט ווי אַ געבוירענער משרת. ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז אין וואַרשע זענען נאָך פאַראַן אויס־באַהאַלטענע אָדער מאַסקירטע ייִדן, האָט ער געוואָלט זיי געפינען און אי־בערגעבן דער געסטאַפּאָ. ווען איך האָב אים געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז ער דאַרף זײַן געהיט, ווייל די מלחמה איז נאָך נישט געענדיקט, און אויב דייטש־לאַנד וועט ליידן אַ מפּלה, וועט מען זיך מיט אַזעלכע מענטשן ווי ער בוהג זײַן מיט דער גאַנצער האַרבקייט פון געזעץ, האָט ער געלאַכט פון מיר, זאָגנדיק, אַז איך בין נאַיִוו, אויב איך גלייב אַז נאָך דער מלחמה וועט זיך געפינען עמעצער וואָס וועט שיצן די ייִדן. די פעלקער און רעגירונגען וועלן זיך פרייען, זעענדיק אַז די ייִדן־פראַגע איז סוף־כל־סוף געלייזט געוואָרן.

דער אונטערנעמונגס־פירער, האָפמאַן, איז אָפּגערופן געוואָרן, און לויט קלאַנגען איז די סיבה דערפון געווען דאָס, ווייל ער איז געווען אַנטלאָפן פון תפיסה. ער האָט געטאָן דאָס אייגענע וואָס אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן געפונען אַרבעט אויפן מזרח. מיר האָבן געהערט, אַז ער איז געווען פאַר־משפּט אויף אַ יאָר אַרעסט פאַר פאַרראַט. לויט די שווינדלערייען וואָס ער איז באַגאַנגען אין באָברויסק האָט מען געקאָנט אָננעמען, אַז די דאָזיקע קלאַנגען זענען אמתע. ער האָט געגנבעט הונדערטער קילאָגראַמען קאַווע,

שוואַרצע טיי, ציטריגען, ספּירט, וויינען און נאָך. יעדן טאָג פלעגן געבראַכט ווערן גרויסע קאַסטנס מיט דאָקומענטן פאַר דער באַן. איינמאָל איז אַזאַ קאַסטן צעבראָכן געוואָרן, און ס׳האָט זיך באַוויזן אַלץ וואָס עס איז אין אים אינעווייניק. דעמאָלט האָט זיך אויפגעהויבן אַ סקאַנדאַל, וואָס איז שנעל פאַרווישט געוואָרן. נאָך זיין פאַרשווינדן האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אין חודש האָט ער אָפּגעשיקט דריי און ניינציק פּעקלעך מיליטערישע פּאָסט אַהיים.

אויף האָפמאַנס אָרט איז געקומען דער „אינזשיניער" פּלושקע, וועלכער האָט נישט געקאָנט געהעריק אָנשרייבן אַפילו קיין איין זאַץ און אין די עניגים פון טאַרטאַקן גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען. דערפאַר אָבער האָט ער געזען זיין מיסיע אין אָנזשליאָקען זיך ביז באַזויפונג. ביי־טאָג און ביי־נאַכט איז דער דאָזיקער פאַרשוין געווען שיכור, און האָט אין דעם צושטאַנד געשטעלט אין געפאַר די געזעלשאַפט. ער פלעגט ליב האָבן קומען אינ־מיטן נאַכט אין דעם האַל פון טאַרטאַק און שיסן אַן אַ ציל אויף די פּוילישע און רוסישע אַרבעטער. ס׳זענען אַנטשטאַנען סקאַנדאַלן און אויספאָרשונ־גען. נאָר ווייל די געליטענע זענען געווען נישט קיין דייטשן, נאָר פרעמדע שקלאַפן, האָט מען פּלושקען געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרשווינדן פונעם האָריזאָנט.

אַ ביסל פון די אָנגעשטעלטע, אויסלענדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער דאָזיקער בוי־שטעלע, ווי — האָלענדער, רומענער, בעלגיער, האָבן געטראָגן ס״סישע מונדירן; די פּאָליאַקן און די רוסן, אויסער ספּע־ציעל געטרייע, האָט מען געהאַלטן פאַר נישט ראוי דערצו. און ווייל די אַרבעטער האָבן געטראָגן אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע בגדים, האָט די צענטראַל־בוי־לייטונג פון ס״ס באַשלאָסן צוצוטיילן די פּאָליאַקן די אַלטע בגדים פון די אומגעבראַכטע ייִדן. נישט געקוקט אויפן פאַקט וואָס די בגדים האָבן געהאַט דורכגעמאַכט אַ דעזינפעקציע, זענען געווען גרינטלעך דורכגעזוכט, און יעדע ווערטפולע זאַך וואָס מען האָט אין זיי געפונען איז שוין פון לאַנג צוגענומען געוואָרן, פלעגן פאַרט די פּוילישע אַרבעטער געפינען פרעמדע וואַלוטע אין די נעט זייערע. מ׳האָט געפונען בולגאַרישע באַנקנאָטן, גריכישע, יוגאָסלאַווישע און האָלענדישע, וואָס דאָס האָט באַ־

וויזן, אַז די ייִדן פון די אַלע לענדער זענען געוואָרן אַהער געבראַכט און דאָ אומגעבראַכט.

ווי געזאָגט, האָב איך געוווינט אין אַ באַזונדער צימער אין באַברויסק. איך האָב געאַרבעט גוט און געניאָסן רעספּעקט און שעצונג אין דער ס״סישער אונטערנעמונג און מצד די דייטשישע אויפזעער. אויך די פּוילישע און רו־סישע אַרבעטער האָבן זיך צו מיר גוט באַצויגן. אָפט פלעג איך האָבן די געלעגנהייט צו שמועסן מיט דייטשן און אויסלענדער — האָלענדער, בעל־גיער, רומענער און אַזוי ווייטער, וועגן פּאָליטישע פראַגן און אויך באַרירן די ייִדישע קאַטאַסטראָפע. ס'זענען געווען אויך אונטערשאַרפירער, וועלכע האָבן מיר געבראַכט ידיעות פונעם ענגלישן ראַדיאָ און אויסגעדריקט זייער נעגאַטיווע מיינונג וועגן דער נאַצישער אָרדענונג. ווען איך האָב איינמאָל אַזאַ אונטערשאַרפירער פון ווין, מיטן נאָמען בראַנדשטעטער, געפרעגט: „ווי האָט איר, אַ מענטש מיט אַזעלכע אָנשויונגען, געקאָנט אַריינגיין אין די ס״סישע רייען?", האָט ער מיר געענטפערט: „דער טאָג אין וועלכן כ'בין אַריין אין דער ס״ס זעט מיר אויס ווי דער שוואַרצסטער טאָג אין מיין לעבן". די ס״ס־זעלנער פון רומעניע האָבן זיך ביי יעדער געלעגנהייט גע־קלאָגט אויף די מעשים וואָס ווערט אָפּגעטאָן די ייִדן.

דאָ זענען אויך געווען אַכט און אַכציק מענטשן פון האָלאַנד, וועלכע זענען פאַרשיקט געוואָרן ווי אַ שטראָף קיין באַברויסק. דער פירער פון דער גרופּע, אַ האָלענדער, האָט מיר געזאָגט: „קוק זיך צו צו די דאָזיקע מענטשן, זיי זענען שוין אָפּגעזעסן אַלע צוזאַמען 225 יאָר אין תפיסה". דער מאָראַלישער צושטאַנד פון די דאָזיקע האָלענדער איז געווען זייער אַ געפאַלענער. ווען איך האָב איינעם פון זיי, אַ מאַן פון אַ יאָר צוויי און פער־ציק, אַ פרעג געטאָן וועגן זיין פאַך אין דער היים, האָט ער מיר נישט קווענ־קלענדיק זיך געענטפערט, אַז ער איז געווען אַ שמוגלער. ווען כ'האָב אים געפרעגט וועגן זיין טועכץ פאַר דער מלחמה, האָט ער מיר ווידער געענט־פערט, אַז ער איז געווען אַ שמוגלער. כ'בין געווען טשעקאַווע צו וויסן וואָס איז דאָס פאַר אַ סחורה וואָס מען קאָן אַרויסשמוגלען פון דאָרט, אָדער אַהין אַריינשמוגלען אין שלום־צייט, און ס'איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט זיך פאַרנומען מיט שמוגלען צוקער פון בעלגיע קיין האָלאַנד, מיט דער

מיטהילף פון דער פרוי און דעם זון, און געצויגן דערפון זיין פרנסה. מיט די מענטשן פון דאָזיקן מאָראַלישן שטייגער האָב איך געשמועסט אויף דער יידישער טעמע, און יעדער פון זיי האָט אויסגעדריקט זיין סימפּאַטיע צו די יידן און זיין מיטגעפיל צוליב זייער אומגליק. ווי אַ פּאָליאַק האָב איך זיך געשעמט צו זיין אַזוי אוממענטשלעך און אומגערעכט קעגן דעם אומגליקלעכסטן פאָלק אויף דער וועלט.

נאָך אַכט וואָכן זאָרג וועגן דעם גורל פון מיין זון, האָב איך באַקומען אַ ידיעה, וואָס איז מיר געבראַכט געוואָרן פון דייטשלאַנד דורך מיין טאָכטערס אַ קאָלעגין — וועלכע איז אַרעסטירט געוואָרן ווי אַן אַריערין בעת אַ גאַס־כאַפּונג און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד — אַז מיין זון לעבט און אַרבעט אין ביאַלע־פּאָדליאַסקי ווי אַ סעקרעטאַר אין אַ גוט.

אין זיין אכסניה אין קראָקע, ווו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ שטיקל צייט, האָט די געסטאַפּאָ דורכגעפירט אַ רעוויזיע. צוליב דער מורא פאַר זיין לעבן האָט ער איבערגעלאָזט אַלע זיינע זאַכן, איז אַנטלאָפן דורכן פענצטער און זיך אומגעקערט קיין פּשעמישל, ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע וואָכן ביי קאָלעגן — ווי אַ פּאָליאַק אַ קעמפער קעגן די נאַציס. אַ פּוילישער גראַף, וועלכער האָט זיך מיט אים באַקענט אין דער באַוועגונג און וועלכער האָט אונטער אַן אויסגעטראַכטן נאָמען פאַרוואַלטעט מיטן גוט אין ביאַלע־פּאָדליאַסקי, האָט סימפּאַטיזירט מיט מיין זון ווי אַן אַקטיוויסט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. ער האָט אים צוגעזאָגט אַרבעט אין זיין גוט און געגעבן אַן אַוואַנס אויפן חשבון פון די רייזע־הוצאות און לעבנס־מיטל, ביז ער וועט אָנהייבן אַרבעטן.

מיין זון האָט דאָרט באַקומען זייער אַ גוטע אַרבעט. די דערנערונג איז געווען פון ערשטן סאָרט, און אַזוי אויך די וווינונג.

צוליב זיין אַנטלויפן האָט ער נישט געקאָנט קומען אויף דער זעונג, וואָס ער האָט זיך אָפּגערעדט מיט מיר און מיין טאָכטער אין קראָקע.

אין צוויי וואָכן אַרום האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיין זון פון לובלין, אין וועלכן ער האָט געשריבן אַז דעם גוט, אין וועלכן ער האָט געאַרבעט, האָבן אונטערגעצונדן פּאַרטיזאַנער און ער איז אַוועק מיטן פייער. די געסטאַפּאָ האָט חושד געווען די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין גוט

און זיי אַוועקגעפירט — און צווישן זיי אויך מיין זון — אין דער פעסטונג פון ברעסט־ליטאָווסק ביים טייך בוג, זיי דאָרטן צו ליקווידירן. לויט אַן עצה פון אַן אַלטן דייטשישן וועכטער האָט זיך מיין זון געמאָלדן פרייוויליק צו פאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, נישט געקוקט אויף דער סכנה צו ווערן מעדיציניש אונטערזוכט. ער האָט דאָך שוין געהאַט וואָס צו פאַרלירן. ער געפינט זיך שוין — האָט ער מיר געשריבן — דריי טעג אין אַרבעטס־אַמט אין לובלין, און אַלע אונטערזוכונגען, פּוילישע, דייטשישע און פון די דאָקטוירים זענען שוין הינטער אים. ער האָט געהאַט אַ שיין און אַ בילעט און געדאַרפט אָנקומען אויף אַרבעט אין אַ גוט אין אויבער־בייערן. אין דעם אַרבעטס־אַמט, ווו די געכאַפּטע שקלאַפן זענען געוואָרן דעזינפעקציאָנירט און צוגעגרייט צום אַריבערפירן, זענען געווען טעטיק מעדיצינישע קאָמיסיעס, וואָס זענען בעיקר געווען אויפמערקזאַם אויף אַנ־שטעקנדיקע קראַנקייטן. אַ קאָמיסיע, צוזאַמענגעשטעלט פון ס״ס־דאָקטוי־רים האָט אַכטונג געגעבן דערויף, אַז ייִדן זאָלן זיך אַהער נישט אַריינבאַ־קומען און אַזוי־אַרום זיך ראַטעווען פון אויסראָטונג. אַן אוקראַאינישע דאָק־טערין, מיטן נאָמען קלימקאָ, איז געווען באַזונדערס פלייסיק און האָט אַרויס־געוויזן איר אינטעליגענץ דערמיט וואָס זי האָט אויף די שיינען, בעת דער אונטערזוכונג, אונטערגעשריבן: „אַ ייִד״ און זיי ווייטער איבערגעגעבן די דאָקטוירים. אַזעלכע פּערזאָנען זענען זעלטן געראַטעוועט געוואָרן.

אַ סך ייִדן האָבן זיך געלאָזט אָפּעירירן, כדי אַרויסצוקומען בשלום פון אַזעלכע אונטערזוכונגען. אַזעלכע מענטשן פלעגן זיין קרבנות פון שאַנטאַזש.

מיין זון האָט זיך איינגעקויפט אין סימפּאַטיע ביים לייטער פון אַר־בעטס־אַמט, געוווּנען זיין צוטרוי, און ער האָט אים געשיקט באַזונדער — נישט מיטן קאָלעקטיוון טראַנספּאָרט — אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ אין אויי־בער־באַוואַריע.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָב איך באַקומען די אָפיציעלע ידיעה, אַז רעכענענדיק זיך מיטן איבעררוקן זיך פונעם פראָנט, וועט אונדזער בוי־שטעלע ווערן ליקווידירט און אַריבערגעפירט קיין נאָרוועגיע, לעבן נאַר־וויק. אַ טייל אָנגעשטעלטע האָט זיך באַדאַרפט אומקערן קיין פּוילן און אַר־בעטן אין דעם לאַגער פון ס״ס אין פּאָניאַטאָוו, לעבן לובלין. מיר איז געווען

ליבערשט דער צפון, ווייל כ׳האָב זיך געפילט זיכערער אויסער די גרענעצן פון פוילן און צווישן פרעמדע מענטשן. אויסלענדער האָבן מיר געהאַלטן פאַר אַ פּאָליאַק, און קיינער האָט זיך נישט אינטערעסירט מיט מיין אָפּשטאַמונג און נאָז. אין פוילן, דאַקעגן, האָב איך געמוזט טאָג־טעגלעך פאַרקערן אין פּוילישער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך באַצויגן מיט חשד און אומצוטרוי.

די מערהייט פוילישע אַנגעשטעלטע האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן צו פאָרן קיין פּאַניאַטאָוו בלויז צוליב איין מאָטיוו, ווייל אין יענעם קאָנצענטראַציע־לאַגער זענען נאָך לעבן געבליבן 18.000 ייִדן פון פוילן און אַנדערע לענדער, און ביי זיי האָט מען געקאָנט „פּאַרדינען" געלט דורך אַריינשמוגלען ברויט און שפּייז און דערפאַר באַקומען אַנצוגן, קליידער, וועש, וואַלוטע און גאָלד. אַ סך פון די אַרבעטער אין באָברויסק זענען נאָך פריִער אַנטלאָפן פון דאָרט און זיך געמאָלדן פרייוויליק צו פאָרן קיין פּאָניאַטאָוו.

אין באָברויסק איז געווען אַ באָד און אַ דעזינפעקציע־אַנשטאַלט פון ערשטער מדרגה. די אַנגעשטעלטע האָבן געדאַרפט גיין אַהין זיך באָדן און דעזינפעקטירן פון אומפלייט. כ׳האָב אויסגענוצט מיין פּאָזיציע ווי דער לייטער זיך צו באַפרייען, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, פון דער פליכט צו באָדן זיך מיט אַלע צוזאַמען. מ׳האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט זיך אָפּצו וואַשן אין מיין צימער און אויף אַ גרינטלעכן אופן. אָבער ווען ס׳איז געקומען דער טאָג פון אַרויספאָרן פון באָברויסק, האָבן אַלע, וואָס זענען געפאָרן אויף מערב געמוזט זיך דעזינפעקטירן. די פליכט איז געפאַלן אויף אויף מיר. כ׳האָב געמוזט זיך באַהערשן, אָננעמען מיט מוט און ריזיקירן. דאָס זיין אין באָד און אין וואַרטע־צימער, ווו אונדזערע קליידער זענען גערייניקט געוואָרן, איז געווען פאַר מיר אַ פּרווו, וואָס טרענט די נערוון. כ׳האָב דאָך געמוזט זיצן צווישן אַזויפיל אַריער. איך בין געזעסן אין אַזאַ פּאָזיציע, וואָס זאָל נישט וועקן קיין אויפמערקזאַמקייט. ענדלעך בין איך איבערגעקומען דעם פּרווו און פון אים געלערנט, אַז דער דאָזיקער צייכן, פאַר וועלכן די ייִדן האָבן זיך אַזוי געשראָקן, געפינט זיך אויך ביי אַ סך אַריער. דאָס האָט זיך באַשטעטיקט שפּעטער, ווען איך בין געפאָרן פון וואַרשע קיין מינסק און זייענדיק אין מינסק און אין בריסק, ווען איך האָב

דורכגעמאַכט די מעדיציניש אונטערזוכונגען און דעזינפעקציע, צוזאַמען מיט זעלנער. די מעדיצינישע אונטערזוכונג איז געווען פאַרפליכטנדיק פאַר יעדן איינעם, כדי זיך איבערצוצייגן צי ער איז נישט קראַנק אויף אַ ווענע־רישער מחלה, און מאַכן אים איינשפריצונגען קעגן פילצאומפלייט. ווען איך האָב געוואַרט אין די וואַרטע־צימערן צוזאַמען מיט הונדערטער נאַקעטע זעלנער און זיך איינגעקוקט אין זיי, האָב איך געקאָנט טראַכטן, אַז זיי זענען אין זייער מערהייט ייִדן, אָדער איך בין אַן אַריער.

סוף חודש אָקטאָבער 1943 האָבן מיר פאַרלאָזט באָברויסק און געפאָרן קיין וואַרשע מיט אַ ספּעציעלן צוג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַכצן וואַגאָ־נעס, פולע מיט מענטשן און זאַכן. אַפילו מיין בעטל האָב איך מיטגענומען אין וואַגאָן. מיר האָבן געהאַט צו אונדזער רשות אַ ספּעציעלע קיך, און אויך באַקומען אויפן וועג אַ זאַפּאַס לעבנס־מיטלען. די רייזע האָט געדויערט אַ וואָך צייט און איז געווען זייער טשעקאַווע. פאַרשטענדלעך, אַז איך בין גע־ווען אין איין וואַגאָן מיט מיינע גוטע באַקאַנטע, מיט די שלאָסער, מיט איינעם פון שניידערס באַאַמטע, מיטן נאָמען לאַסקאָווסקי, און אַנדערע „איני־טעליגענטן”, וועלכע האָבן געפירט פּאָליטישע דיסקוסיעס. די עיקר־טעמע איז געווען, ווי ס׳פאַרשטייט זיך, די ייִדן.

לאַסקאָווסקי, אַ פּאָליאַק פון גרודזיאָנדז, אַ פייערדיקער פּאַטריאָט, וועלכן דער יוגאָסלאַווישער פאָלקס־דייטש רידעלבויער האָט עטלעכע מאָל פאַרמסרט פאַר דער געסטאַפּאָ, האָט זיך אין וואַרשע געלאָזט איבעררעדן אַריינצוטרעטן אין דער דייטשישער ס״ד (זאָנדער־דינסט) און שפּיאָנירן צווישן די פּאָליאַקן לטובת די דייטשן. זיין גאַנצע משפּחה, אויך זיין פרוי, זענען פאַרמאָלדן געוואָרן ווי דייטשן. ס׳האָט אים געלאָקט דער לוין וואָס מ׳האָט אים דערפאַר צוגעזאָגט. דער דאָזיקער פאַרשוין, מיט וועלכן כ׳פלעג זיך פון צייט צו צייט טרעפן אין וואַרשע, האָט מיר אַליין דערציילט וועגן זיין נייער מיסיע. אויף מיין פראַגע, ווי אַזוי וועט ער זיך צופּאַסן צו דער דאָזיקער אַרבעט ווי אַ פּוילישער פּאַטריאָט, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ווען ער וועט שוין האָבן פאַרדינט אַ סך געלט, וועט ער זיי ווייזן דעם רוקן. און ווירקלעך, בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע איז ער פריי־וויליק אַריין אין די רייען פון די אויפשטענדלער.

די ערשטע וואָך אין חודש נאָוועמבער זענען מיר געקומען קיין וואַרשע. כ׳האָב באַקומען אַ וווינונג־פּלאַץ אין דער אַרבעטער־וווינונג פון דער פירמע. דערווייל האָב איך באַדאַרפט באַשליסן, צי איך זאָל פאָרן אַרבעטן אין נאַרוויק אָדער אין פּאָניאַטאָוו. נאָך אַ באַזוך אין נאַרוויק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נעמענדיק אין באַטראַכט דעם פראָנט, וועלכער רוקט זיך אַלץ מער און מער צוריק, איז די בוי־שטעלע אין פּאָניאַטאָוו פיל וויכטיקער. איך האָב באַדאַרפט אויפשטעלן אין פּאָניאַטאָוו דעם טאַרטאַק, וואָס איז איבערגעפירט געוואָרן פון באָברויסק, און לאָזן אים אין גאַנג. פּאָניאַטאָוו געפינט זיך אין אַ געגנט וואָס איז רייך אין וועלדער, ווייט פון דער הויפּט־ליניע, וואָס פירט פון דעמבלין קיין לובלין. דאָ איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פון ס.ס.; פריִער איז עס געווען אַ לאַגער פון רוסישע קריג־געפאַנגענע. די איינוווינער פון דאָרף האָבן געוווסט צו דערציילן וועגן צענדליקער טויזנטער געפאַנגענע וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן, זייערע קערפּערס פאַרברענט, און זייער אַש צעשפּרייט איבער די פעלדער. דערנאָך זענען דאָרט געווען 18.000 ייִדן פון פּוילן און אויסלאַנד.

די ייִדן האָבן באַקומען „אויטאָנאָמיע", דאָס הייסט, האָבן געקענט שטאַרבן אין דעם קרייז פון אייגענע. זיי האָבן דאָרט געלעבט מיט זייערע פאַמיליעס און זיך איינגעשאַפט לעבנס־מיטל דורך אַ געהיימען אויסטויש אויף בגדים, וועש און ווערטפולע זאַכן. פון דעם ס.ס.־קאָמענדאַנט האָבן זיי באַקומען הונגער־פּאָרציעס. זיי זענען באַשעפטיקט געוואָרן ביי לייגן וועגן און גראָבן, ביי בויונג און טראַנספּאָרט. ווי אין די אַנדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָט מען אויך דאָ באַנוצט די ייִדן אויסצופירן די שווערסטע און געפערלעכסטע אַרבעטן. די דייטשישע הערן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין פּאָניאַטאָוו אויף פאַרשיידענע בוי־שטעלעס פון פאַרשיידענע פירמעס, אויסער די ס.ס.־לייט, פלעגן נעמען ביי די ייִדן ווי „מתנות" פאַרשיידענע ווערטפולע זאַכן. יעדער דייטש, וואָס איז אין דער היים געווען אַ געוויינטלעכער און גראָבער אַרבעטער, האָט ווען ער איז געקומען אין פאַרקער מיט די אָרטיקע מענטשן פון מזרח, געשפּילט די ראָל פון אַ וויכטיקן פאַרשוין און געהאַלטן אין לאַגער דינסטן, ייִדישע פרויען און מיידלעך,

טעכטער פון דער ייִדישער אינטעליגענץ. יעדער איינער פון די פאַרשטייער פון דעם „הערנפאָלק״ האָט זיך איינגעשאַפּט עטלעכע גאָלדענע זייגערס און גאָלד־מטבעות. זייערע ווייבער און געליבטע האָבן געטראָגן שיינע פוטערס און פיינע קליידער, וועלכע זענען געוואָרן אַהיימגעבראַכט דורך די דאָזיקע „מזרח־דייטשן״, אָדער איבערגעשיקט דורך פּאָסט און באַן.

דער שעף פון דער אונטערנעמונג, שניידער, וועלכער האָט זיך אין טורינגען פאַרנומען מיט פאַרשיידענע פאַכן, נאָר נישט געהאַט די מינדסטע ידיעה אין דעם בוי־פאַך, איז אין פּוילן דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון אַ גרויסן בוי־אונטערנעמער. ער האָט „דערוואָרבן״ אויטאָס, וועליסאָ־פּעדן, מאָטאָר־שיפלעך, טאַרטאַקן, רענטגען־אינסטרומענטן, כירורגיע־אינסטרומענטן און כלים מיט אַנדערע מכשירים פון די ייִדן, און איז געוואָרן אַ „גרויסער מאַן״. זיין געליבטערס קליידער און זיינע אייגענע, אַזוי אויך זיינע בילדער, זיין מעבל, די מאַשינען פון זיין ביוראָ — דאָס אַלץ איז געווען צוגערויבט ייִדיש פאַרמעגן.

די ייִדן אין פּאָניאַטאָוו האָבן געאַרבעט ביים גראָבן פּאָזיציעס און בונקערס אַרום דעם לאַגער. אויף אייניקע ערטער זענען די גראָבנס געווען ברייטע און טיפע. אויסער דעם האָבן זיי אויך געאַרבעט ביים אויפשטעלן באַראַקן און לייגן שאָסייען. ווי אויף אַלע ערטער, האָבן זיי אויך דאָ נישט באַקומען קיין שום לוין פאַר זייער אַרבעט. די „אונטערנעמער״, וואָס אין זייער רשות זענען געשטעלט געוואָרן די ייִדישע אַרבעטער, פלעגן באַקומען זייער אַזוי גערופענעם „אונטערנעמער־פאַרדינסט״ צוויי מאַרק אַ טאָג פון אַ קאָפּ.

דעם 5טן נאָוועמבער 1943 האָט מען גאַנץ פרי געמאָלדן די ייִדן, אַז אַלע, זקנים און יונגע, מענער, ווייבער און קינדער, דאַרפן זיך שטעלן פאַר אַ קאָמיסיע. זיבן אַזייגער זענען געקומען צו פאָרן אַ זעכציק לאַסט־וועגענער, באַלאָדענע מיט ס״ס־לייט; די ייִדן זענען געוואָרן אַרויסגעטריבן פון די וווינ־באַראַקן און אַריינגעפּירט אין אַ גרויסן דעזינפעקציע־באַראַק. דאָרט האָט מען געדאַרפט זיך אויטאָן לויט דער ריי און זיך שטעלן אויף דער צווייטער זייט באַראַק פאַר דער קאָמיסיע. ס׳זענען דאָ אַוועקגעשטעלט געוואָרן רייען ס״ס־לייט, באַוואָפנטע מיט בייטשן און שפּיצרוטן. די נאַקעטע

ייִדן זענען געטריבן געוואָרן מיט די בייטשן אַ מהלך פון פינף הונדערט מעטער ביז די ראַנדן פון די גראָבנס, ווו ס'זענען אַנידערגעשטעלט געוואָרן קוילנוואָרפערס. די קרבנות זענען דערשאָסן געוואָרן, און אוקראַיִנישע פריי־וויליקע האָבן זיי מיט אַ בריקע מיט די פיס אַריינגעשליידערט אין גרוב.

די דייטשן, די פּאַרטייער צאוואטי, האַרטמאַן און שטאל, האָבן מיר שפּעטער דערציילט, אויפגעשווידערטע און מיט טרערן אין די אויגן, ווי זיי האָבן זיך אָפּגעשלאָסן מיט די אַנדערע דייטשן אין די ביוראָען פון דער צענטראַלער בוי־שטעלע פון ס"ס און צוגעזען די דאָזיקע גרויסע עקזעקו־ציע דורך די פענצטער. נאָקעטע פרויען מיט קינדער אויף די הענט, זקנים און קראַנקע זענען מיט בייטשן געוואָרן געשמיסן און געטריבן צום עקזע־קוציע־פּלאַץ. די דאָזיקע פּאַרטייער האָבן גערעדט מיט פּאַרערונג וועגן די ייִדן, וועלכע זענען געגאַנגען דרייסט, אָן טרערן און קרעכצן קעגן דעם טויט.

ביז פינף אַזייגער נאָך מיטאָג זענען ליקווידירט געוואָרן אַלע ייִדן פון לאַגער. טייל ייִדן האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין די באַראַקן. צוויי באַראַקן זענען אונטערגעצונדן געוואָרן, כדי צו פאַרניכטן „דאָס הויז מיט די וואַנצן". „ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַזוי פיל פלייש און בלוט אויף איין אָרט", — האָבן געזאָגט די פּאַרטייער. אויף מיין פראַגע, ווי האָבן זיי מסכים גע־ווען צו ווערן פאַרטייער, האָט מיר צאוואטי געוויזן דעם פּאַרטיי־אָפּצייכן און געזאָגט: „שוין ביים אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי האָבן מיר געוווּסט, אַז עס וועט קומען דערצו, און באַשטעטיקט דעם פּאַרטיי־פּראָגראַם. די מי־ליטערישע לאַגע איז אַ שלעכטע און מיר קאָנען נישט דערלאָזן, אַז די ייִדן זאָלן לעבעדיקע אַריינפאַלן צום שונא אין האַנט".

אַ סך פּוילישע און אוקראַיִנישע אַרבעטער האָבן זיך בעת דער שחיטה אַריינגעגנבעט אין די באַראַקן, כדי צו רויבן דאָס ייִדישע פאַרמעגן.

אַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע האָבן באַקומען אורלויב. דער לאַגער איז געשלאָסן געוואָרן אויף זעקס וואָכן ביזן צוואַנציקסטן דעצעמבער 1943, כדי אין דער צווישנצייט צו פאַרברענען די קערפּערס. עטלעכע פּוילישע אַרבעטער — צווישן זיי מיין באַקאַנטער פון באָברויסק, מאַיערסקי, — זע־נען בגנבה געבליבן אין לאַגער, כדי צו נעמען די קליידער, ווערטפולע זאַכן און ברילייאַנטן, וואָס די ייִדן האָבן איבערגעלאָזט, איידער זיי וועלן אויף

אַן „אָפּיציעלן" אופן אַריינפּאַלן אין די הענט פון די דייטשן. דער דאָזיקער מאַיערסקי האָט געבראַכט צו פירן צו זיין מאַמען אין לובלין גאַנצע וואַגאָנעס סחורה. אַזוי אַרום האָט ער באַקומען אַ „קראַם פון כל־בו". מ'האָט געשאַצט זיין פאַרמעגן אויף עטלעכע מיליאָן, הגם ער האָט פאַרשווענדעט אַ גרויס פאַרמעגן אויף טרינקען און זויפן. ער איז אין עטלעכע וואָכן אַרום „צופעליק" דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, ווייל ער האָט, זייענדיק בגילופין, פאַרשפרייט שוידער־בילדער פון דער עקזעקוציע אין לאַגער.

ווען די ייִדן האָבן זיך געכאַפּט ווי עס זעט אויס די לאַגע, האָבן זיי אין איילעניש צעריסן די באַנקנאָטן וואָס זיי האָבן געהאַט און אַראָפּגעשלונגען די גאָלדשטיקלעך, כדי די ווערטזאַכן זאָלן נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון זייערע שונאים און מערדער. די אַרבעטער האָבן דערנאָך צונויפגעקליבן די שטיקלעך באַנקנאָטן און געפּרוווט זיי צוזאַמענקלעפּן.

אין די זעקס וואָכן וואָס דער לאַגער איז געווען געשלאָסן, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן גרויסע אייזערנע געשטעלן צו פאַרברענען אויף זיי די טויטע קערפּערס. דאָס אַש איז געוואָרן אַוועקגעפירט אויף לאַסט־אויטאָס און וועגענער און צעשפּרייט איבער די פעלדער. ווען ס'איז באַוווסט געוואָרן, אַז די ייִדן האָבן אַראָפּגעשלונגען גאָלדשטיקלעך, האָבן זיך מאַסן מענטשן געלאָזט איבער די פעלדער און געזוכט דאָס גאָלד אין דעם אַש פון די פאַרברענטע קערפּערס. אַ סך האָבן באמת געפונען גאָלדשטיקלעך.

ווען דער לאַגער איז דעם צוואַנציקסטן דעצעמבער 1943 אויפסניי געעפנט געוואָרן, זענען געקומען מאַסן אַרבעטער, וועלכע האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען און נידעריקן לוין און אויך נישט אויף דעם זיך דערנענטערנדיקן יום־טוב. ס'האָט זיי געבראַכט די האָפענונג און דער באַגער צו געפינען עפּעס וואָס פון די זאַכן וואָס זענען איבערגעבליבן אין פּאָניאַטאָוו. די דאָרפס־איינוווינער, וועלכע זענען פריִער רייך געוואָרן פון דעם „האַנדל" מיט די ייִדן, האָבן ערשט אויסגענוצט די קאָניוקטור און דאָס לויפעניש פון די אַרבעטער נאָכן גאָלד. יעדע פויערסע און שיקסע, וועלכע זענען פריִער געגאַנגען באָרוועס, האָבן ערשט אָנ־

געטאָן די שענסטע קליידער פון די ייִדישע פרויען. אין פּאָניאַטאָוו האָט געבליט דער האַנדל. די נאָכפראַגע אויף גאָלדשטיקלעך מצד די רייך־געוואָרענע פויערים איז געווען גרויס. דער דאָזיקער צושטאַנד איז אויסגענוצט געוואָרן פון שווינדלערס, וועלכע האָבן פאַרקויפט די פויערים פאַלשע מטבעות, אָפּגעגילדטע פון דרויסן און ענלעכע צו אַמעריקאַנער אָדער רוסישע מטבעות.

דאָס ייִדישע פאַרמעגן איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין מאַגאַזינען, און דאָרט האָט מען עס געסאָרטירט. ווערטפולע זאַכן האָט מען אַרויסגעפירט קיין דייטשלאַנד. זאַכן פון אַ קלײנעם ווערט זענען געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע און קראָקע. אַנטועכץ און אַ ביסל אָפּגענוצטע שיך האָט מען געגעבן די פוילישע אַרבעטער ביי די ס״ס; אויך די דייטשן, וועלכע האָבן זיך מיטן עפענען דעם לאַגער צוריקגעקערט קיין פּאָניאַטאָוו, זענען רייך געוואָרן פון די זאַכן און האָבן אַוועקגעשלעפּט קיין דייטשלאַנד וואַליזעס און גרויסע קאַסטנס. איינער פון די דייטשישע אויפזעער, מיטן נאָמען האָפּפּע, וועלכער איז געקומען ערשט צום עפענען דעם לאַגער, וואָס אויך אין באָברויסק, ווו ער איז געווען מאַגאַזין־פאַרוואַלטער און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער קיך, האָט ער געגנבעט ווו נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט, — האָט אַרויספאָרנדיק אַהיים אויף יום־טוב מיטגענומען עטלעכע גרויסע קופערטס פול מיט וואָלענע און זיידענע קליידער, זייגערס, בריליאַנטענע רינגלעך, שיך און אַזוי ווייטער. נאָך דעם ווי מען האָט אים געמסרט, האָט מען אים איבערגעגעבן, וואַרשיינלעך צוליב קנאה, צו דער געסטאַפּאָ, ווו ער איז געוואָרן איבערפלעכלעך אויסגעפאָרשט און באַפרייט.

איך האָב באַקומען אַ באַפעל זיך אומצוקערן קיין וואַרשע. דער שעף האָט מיר געוואָלט געבן אורלויב. צוליב דעם וואָס איך האָב נישט געוווסט וווהין צו פאָרן, איז מיר געווען ליבער אָפּצוזאָגן זיך פונעם אורלויב און בלייבן אין וואַרשע. כ׳האָב געגעסן אין דער זעלבער־היים אין זכות פון מיין שיין פון אַ פראָנט־אָנגעשטעלטן פון ס״ס; דאָ האָב איך זיך געפילט זיכערער, ווייל אויסער די קעלנער און קעלנערינס זענען קיין פּאָליאַקן אַהער נישט געקומען. די זעלנער האָבן געהאַט זייערע אייגענע זאָרגן און זיך נישט אינטערעסירט מיט די געסט. ווען איך האָב גערעדט מיט די באַ־

דינער דייטש, האָבן זיי נישט געקאָנט וויסן, צי איך בין אַ דייטש אָדער פאָלקס־דייטש. אַריינגיין אין אַ פוילישן רעסטאָראַן, געוועלב, אָדער ראַזי־רעריי איז געווען געפערלעך. ס׳האָבן זיך דאָרט תמיד געפונען פוילישע שאַנטאַזשיסטן, וואָס האָבן געלעבט פון אויפדעקן פאַרמאַסקירטע ייִדן, ביי וועלכע זיי האָבן צוגענומען זייערע לעצטע זאַכן און זיי גופא איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ.

טאָג־טעגלעך האָבן פּאַסירט געשעענישן אין די וואַרשעווער גאַסן, ווען מ׳האָט חושד געווען און דערקאָנט מאַראַנען, מ׳האָט זיי געהייסן אַרייג־גיין אין אַ הויז, דאָרטן האָט מען זיי אויסגעטאָן ביז נאַקעט, דראָענדיק אַז מ׳וועט זיי איבערגעבן דער געסטאַפּאָ. אַ סך פון דער פוילישער אינטעלי־גענץ איז רייך געוואָרן פון די הכנסות פון דעם דאָזיקן „פאַך״. איך אַליין האָב געקאָנט איינעם פון זיי, אַן אינזשיניער מיטן נאָמען סטעפאַן סטאַ־קאָווסקי, וועלכער האָט זיך דערוואָרבן אַ סך געלט פון דאָזיקן מקור.

דער דאָזיקער אינזשיניער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין פוילישן אויפשטאַנד.

דער שאַנטאַזש און די שטענדיקע שרעק פאַר די שאַנטאַזשיסטן, וועל־כע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ פעסטער אָרגאַניזאַציע און איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן די קרבנות — דאָס איז געווען דאָס שרעקלעכסטע גע־שפּענסט אין די אויגן פון די מאַראַנען. מ׳האָט כסדר געמוזט זיך איינקוקן מיט אַ שאַרפן בליק אין די מענטשן ביי דער זייט, אָדער אין יענע וואָס זענען אונטערגעקומען פון דער קעגנאיבערדיקער זייט און זיך צו זיי אַנט־שפּרעכלעך פאַרהאַלטן. די מאַראַנען זענען די מערהייט צייט געזעסן אין זייערע וווינונגען, וואָס דאָס ווידער האָט געוועקט דעם חשד מצד די הויז־אייגנטימער און די אַנדערע לאָקאַטאָרן.

שניידערס אונטערנעמונג, וועלכע האָט געאַרבעט פאַר די ס״ס, האָט באַקומען אַן אויפגאַבע צו שיקן עטלעכע סטאָליאַרעס אין פּאַלאַץ פון דער לעצטער רוסישער געזאַנדשאַפט אויף פּאָזנאַנסקי־גאַס 15, ווו די ס״ס האָט איינגעשטעלט אַ סטאָליערײ, און מ׳האָט דאָ פאַריכט און אָפּגעפרישט ייִדיש מעבל. ווייל איך האָב באַשלאָסן נאָך די געשעענישן אין פּאָניאַטאָוו אַהין זיך נישט אומצוקערן, און דער שעף פון דער אונטערנעמונג, וועלכער האָט

זיך צו מיר באַצויגן מיט רעספּעקט, האָט זיך גערעכנט מיט מיין באַגער אויף וויפל ער האָט געקאָנט, בין איך געשיקט געוואָרן אַרבעטן אין יענער סטאָליעריי. די ס״ס־ראַטענפירער, וועלכע האָבן דאָרט געהאַט דינסט, זע־נען געווען פאַרהעלטניסמעסיק אָנשטענדיק, אָבער די פּוילישע סטאָליאַ־רעס האָבן אויף טריט און שריט באַליידיקט מיינע אויסבאַהאַלטענע געפילן. די דאָזיקע בירגער, וועלכע זענען געווען עדות פון דעם אַלגעמיינעם אויס־ראָטן די ייִדן און ליקווידירן זייער פאַרמעגן, האָבן אַפילו מיט איין וואָרט נישט אויסגעדריקט זייער מיטגעפיל די אומשולדיקע קרבנות. אדרבה, זיי האָבן אויסגענוצט יעדע געגעבענע געלעגנהייט צו שענדן די קרבנות אַפילו נאָך זייער טויט.

די פּוילישע סטאָליאַרעס, בראש מיט איינעם אַ באַקאַנטן פון באָברויסק, סקאָווערא, פלעגן בעתן פאַריכטן באַטראַכטן די ייִדישע אַרבעט. פלעגן פעסטשטעלן, אַז דאָס שיינע מעבל פון די ייִדישע סטאָליאַרעס זענען גע־מאַכט דורך פּוילישע, און דאָס ווייניק־ווערטפולע מעבל איז ייִדישע אַר־בעט, הגם זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז די ייִדישע בעל־מלאכות זענען געווען גוטע פאַכלייט. ווען ס׳האָט זיך געפונען אַ שלעכט שטיק מעבל, האָבן זיי געזאָגט, אַז דאָס איז די שולד פון דעם ייִדישן סטאָליער, וועלכער האָט איין פאַרלאַנג: אַרויסצוקוועטשן אַ סך געלט פון דעם קליענט און לייגט נישט קיין אַכט די אַרבעט זאָל זיין סאָליד. ווען ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אויפן דאָזיקן שלעכטן שטיק מעבל איז אויפגעקלעפּט דער אָפּצייכן פון אַן אַרישער פירמע, האָבן זיי לאַנג און ברייט געגעבן צו דערקלערן, אַז די פּוילישע מעבל־הענדלער זענען געווען געצוווּנגען צו קאָנקורירן מיט די ייִדישע און אָפּגעבן די אַרבעט ייִדישע סטאָליאַרעס! אין פאַרקערטן פאַל, ווען ס׳האָט זיך זיי געטראָפן שטאַרק און גוט מעבל, געמאַכט דורך ייִדן, האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז געמאַכט איז עס געוואָרן דורך פּוילישע סטאָליאַרעס, און דער ייִדישער אָפּצייכן איז דערנאָך צוגעקלעפּט געוואָרן.

די דאָזיקע סטאָליאַרעס האָבן פיינט געהאַט די ייִדן תכלית־שנאה און גערעדט וועגן זייער פאַרטיליקונג מיט בייז פרייד און מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו די דייטשן. אָט די פּוילישע בעל־מלאכות, וואָס האָבן געגנ־

בעט אַלץ וואָס איז זיי נאָר אונטער דער האַנט געקומען, און יעדע זאַך געטוישט אויף בראַנפן, פלעגן דערציילן די ס״ס־לייט, אַז די ייִדן זענען גנבים. זיי האָבן געבאַלאַבעטשעט מיט אַ שלעכטן אַקצענט און פאַרדרייענ־דיק די ווערטער און דערציילט פאַרשיידענע אויסטראַכטענישן, גענומענע פון דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור, כדי אַרויסצושטעלן די ייִדן אין אַ גרויליק ליכט. אַנדערע האָבן זיך געפרייט, וואָס דער גאַנצער האַנדל איז היינט אַריבער אין אַרישע הענט, זאָל זיין באַדיי אין דייטשישע.

אין דער דאָזיקער סביבה, אין וועלכער איך האָב זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע וואָכן, בין איך געווען געצוווּנגען צו דערשטיקן יעדן געפיל פון אויפברויז און חלילה זיי זאָלן דערפילן, אַז אַלץ איז מיר דערווידער, און איך בין באַליידיקט פון זייערע רייד. כ׳האָב זיך באַמיט וואָס מעגלעך שנעלער צו טוישן מיין אַרבעטס־פּלאַץ ווייל כ׳האָב געפילט, אַז כ׳וועל דאָס נישט איבערטראָגן. און דער צופאַל איז מיר געקומען צו־הילף. צוליב דעם נייעם יאָר האָט זיך געפאָדערט הילף צו דער בוכפירונג אין דער פירמע. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ בוכהאַלטער און אויסגעדריקט מיין גרייט־קייט צוצוגרייטן דעם באַלאַנס, אָדער העלפן אים צוגרייטן. אַזוי אַרום בין איך פאַרבליבן אין דער ביוראָ פון דער פירמע.

אין אַ קורצער צייט האָב איך זיך דערוואָרבן אַ חשובע פּאָזיציע. אין דער ביוראָ זענען, אויסער די צוויי דייטשישע לייטערס, די פוילישע קוריערן און די פוילישע רוימערין, אַלע אָנגעשטעלטע געווען מאַראַנען. זיי האָבן, ווער מער, ווער ווייניקער, באַהערשט די דייטשישע שפּראַך און געהאַט געוויסע קענטעענישן אין ביוראָ־אַרבעטן. ווי קאַסירער איז געווען באַשעפ־טיקט איינער אַ מאַראַן מיטן נאָמען וואָלסקי. און כאָטש אַלע אָנגעשטעלטע האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ ייִד, איז די זאַך נישט אויפגעדעקט געוואָרן. ער איז דורכגעאַנגען צוויי אָפּעראַציעס — איין מאָל אויף דער נאָז — און האָט אויסגעזען ווי אַן אַריער. זיינע אַרבעט־קאָלעגן, פון ייִדישן אָפּשטאַם, האָבן זיך משער געווען, אַז פון פאַך איז ער פריִער געווען אַ מעדיקער. נישט געקוקט אויף זיין אַריש אויסזען און זיין פוילישער האַלטונג און אויסשפּראַך, און נישט געקוקט אויף זיין חתונה וואָס איז פאָרגעקומען אין קאָשציאָל, האָט ער זיך עטלעכע מאָל אָנגעטראָפן אויף געפאַרן. ער איז

אָפּט געווען געצווונגען צו טוישן זיין וווינאָרט. לסוף האָבן אים געכאַפּט צוויי שאַנטאַזשיסטן אין דער ביוראָ בעת דער אַרבעט. ער האָט געמוזט גיין מיט זיי און איז שוין צוריק נישט געקומען. מ׳האָט אים אַפילו נישט געגעבן קיין צייט איבערצוגעבן די קאַסע מיט די חשבונות, ער האָט אַפילו נישט באַוויזן צו פאַרשליסן די קאַסע.

צוויי אינזשיניערן, לעמבערגער, זענען באַשעפטיקט געוואָרן דורך דער אונטערנעמונג לעבן בראַסלאַו. איינער פון זיי, מיטן נאָמען סלאוויק, האָט געאַרבעט אויף דער בוי־שטעלע צוזאַמען מיט זיין פרוי פון דער פאַמיליע פּאַרנאַס, וועלכע איז געוואָרן אַן אַריערין נאָך פּאַר אים און האָט געאַרבעט ווי אַ דינסט אין וואַרשע, ביז ס׳איז איר געלונגען אַרויסצוגע־בענען איר מאַן, מיט דער הילף פון פּאַפּירן פון אונדזער פירמע, פון דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער אין לעמבערג. זי האָט אים געבראַכט קיין וואַרשע, נישט געקוקט אויף די אַלע געפאַרן פון דעם אַרויסשמוגלען און פון דעם וועג, און פון דאָרט איז ער דורך פּאָניאַטאָוו אַריבערגעפאָרן קיין ברעסלאַו. זי אַליין איז געווען אַן אינזשיניערן, און זיי זענען ביידע געפאָרן לויט דער אָנווייזונג פון דער פירמע קיין בראַסלאַו. דאָרט האָט זי געאַרבעט ווי אַ צייכנערין צוזאַמען מיט איר מאַן (דאָס פּאָרפּאָלק געפינט זיך היינט אין מעלבורן, אויסטראַליע).

די פרוי פון אַן אַדוואָקאַט און באַרימטן פילאַטעליסט עפּשטיין האָט געאַרבעט ווי אַ סעקרעטאַרין און בוכהאַלטערין, איר נאָמען איז געווען כאָפּיאַ טאָבאָליעווסקאַ. אַ צווייטע ייִדישקע פון הויז לאַנדע פון קראָקע איז געווען באַשעפטיקט ווי אַ סאָציאַלע באַאַמטין. די דאָזיקע פרוי, מיטן נאָ־מען סאַרנעצקאַ, האָט געהאַט ביי זיך אַ קינד פון זעקס יאָר, וועלכעס האָט איר פאַרשאַפט אַ סך זאָרגן. ווי אַ לוינבוכהאַלטער האָט געאַרבעט אַ ייִד פון סטאַניסלאַוו, מיטן נאָמען ספּילאָווסקי. אַ צווייטער ייִד פון ראַדעם האָט זיך צוגעאייגנט דעם נאָמען סאָנעצקי און געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין פּאָניאַטאָוו. כמעט אין יעדער דייטשישער ביוראָ האָט מען געקאָנט געפינען ייִדן אַריער. די דייטשן, וועלכע האָבן זיי נישט דערקענט, זענען זיי געווען געטרייער צוליב זייער קענען די דייטשישע שפּראַך און זייערע פעיִקייטן.

דאָס לעבן פון די מאַראַנען אין וואַרשע און אין יעדן אַנדערן אָרט

צווישן אַריער אין פּוילן איז געווען זייער שווער, און אַמאָל זענען זייערע גייסטיקע ליידן געווען גרעסער פון די ליידן פון די געפּייניקטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

דער שעף פון דער פירמע, שניידער, האָט זיך דער עיקר באַשעפ־טיקט מיט איינאָרדענען הוליאַנקעס און אָרגיעס מיט די ס״ס־אָפיצירן, זייערע געליבטע און זיין געליבטע. פון אַ זאַכלעכן פירן די געשעפטן איז ביי אים קיין רייד נישט געווען. כאָטש די פיל בוי־שטעלעס ביי די ס״ס און דעם אַוויאַציע־מיליטער האָבן געגעבן גרויסע הכנסות, האָט שניידער תמיד געליטן פון געלט־מאַנגל און נישט געקאָנט אויסצאָלן דעם לוין פון אייגענע מיטלען. זיינע ייִדישע־אַרישע אָנגעשטעלטע פלעגן אָפט פינאַנצירן זיין פירמע, און דעריבער האָבן זיי אויך געהאַט אויף אים אַן איינפלוס.

כ׳פלעג אַמאָל בייזיין אין זיין וווינונג בעתן אויפנעמען געסט. מיין וווינונג איז געווען אין זעלבן הויז, און ער פלעגט מיך אָפט איינלאַדן נאָך האַלבער נאַכט זיך צו באַטייליקן אין דער הוליאַנקע. ער פלעגט זיך נישט דערוועגן צו מאַכן אַ געשעפטלעכע אונטערנעמונג אָן מיר. אייניקע מאָל האָב איך געמוזט פאָרן קיין מינסק, כדי צו מאַכן אַן אָפּרעכענונג מיט דער צענטראַל־בוי־לייטונג, וואָס איז אַהין אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון באָברויסק. צוויי מאָל האָב איך געמוזט פאָרן מיט אים קיין בערלין, כדי צו דערלאַנגען דעם הויפּט־ווירטשאַפטלער פון דער ס״ס אין בערלין־ליכטעפעלדע אויף קאָנטראָל און באַשטעטיקונג. ווען דער שעף האָט מיך איינמאָל בעת אַ באַזוך אין בערלין געלויבט פאַר דעם הויפּט־ווירטשאַפטלער, אַז איך בין „זיין רעכטע האַנט״, דער לייטער פון די טאַרטאַקן, דער בוכהאַלטער און ווירט־שאַפטלער גלייכצייטיק, האָט אים יענער אַ פרעג געטאָן, צי איז ער זיכער, אַז איך בין נישט קיין ייִד, ווייל ביי די פּאָליאַקן זענען אַזעלכע פעיִקייטן נישט בנמצא. שניידער איז צעטומלט געוואָרן, דערהערנדיק די אומגעריכטע פראַגע, און האָט, כדי זיך צו ראַטעווען, דערקלערט, אַז איך האָב אַ סך יאָרן געוווינט אין דאַנציק און בין וואַרשיינלעך אַ פאָלקס־דייטש.

בעת מיין אויפהאַלטן זיך אין בערלין האָב איך איינמאָל בייגעלעבט דאָס באָמבאַרדירן די שטאָט. האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט פעסטצו־שטעלן, ווי גרויס ס׳איז געווען דער פּחד פון די „העלדן״, וועלכע האָבן גע־

מאָרדעט אומבאַשיצטע ייִדן, פאַר די „טאָמיס" און „אָמיס". ווען מיר זענען געקומען, שניידער און איך, דעם 24סטן מערץ 1944 אין בערלין־ליכטע־פעלדע צו דער דערמאָנטער צענטראַלע, כדי אויפצוקלערן אַ קאָמפּליצירטן רעכענונג, האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אַלע וויכטיקע פּערזענלעכקייטן געפינען זיך אויסער בערלין. מען האָט זיך געשושקעט, אַז זיי געפינען זיך אין בודאַפּעסט, ווייל דאָרט קומט ערשט פאָר אַן ענערגישע „אַקציע" קעגן די איבערגעבליבענע ייִדן, און נאָך דער דאָזיקער „אַקציע" וועט זיין וואָס צו „אַרבן".

שניידערס פירמע פלעגט טוישן אירע דייטשישע דירעקטאָרן כמעט יעדן חודש. יעדער פון אָט די הערן האָט זיך פאַרנומען מיט זיינע טונקעלע געשעפטן, ווי שמוגל, שאַנטאַזש, שווינדל, ביז די זאַך פלעגט אויפגעדעקט ווערן, און מ'האָט אים אָפּגעזאָגט. דער שעף פון דער פירמע האָט אַפילו קיין איינעם פון די אָפּגעזאָגטע אָנגעשטעלטע נישט אָנגעקלאָגט אין גע־ריכט צוליב גנבות און פעלשונגען, ווייל אויך זיין געוויסן איז נישט ריין געווען, און ער האָט מורא געהאַט, אַז זיינע האַנדלונגען זאָלן נישט אַרויס־קומען אויף דער שיין פון טאָג.

די וווינונג פון די אָנגעשטעלטע אין וואַרשע, אויף ראַזבראַט־גאַס, וואָס אויף איר אונטערשטן שטאָק האָט געוווינט שניידער, האָט געהערט צו איינער אַ פרוי וואָס איר נאָמען איז געווען: זוליא־סאָפיאַ סיעמיאַטקאָוו־סקאַ. פון די פיר צימערן אין איר וווינונג זענען דריי צוגענומען געוואָרן פאַר דער פירמע שניידער ווי אַ קוואַרטיר פאַר די אָנגעשטעלטע וואָס האָבן געאַרבעט אין וואַרשע. אין דעם פאַרבליבענעם צימער האָט געוווינט די הויז־אייגנטימערין, וועלכע איז געווען פון דעם פוילישן אַדל. איר מאַן איז געווען דער אַדיוטאַנט פון פוילישן גענעראַל סאָסנקאָווסקי. ער און איר ברודער האָבן געדינט אין פוילישן מיליטער אין ענגלאַנד. איר צווייטער ברודער איז געווען אַקטיוו אין דעם אונטערערד. זי איז געווען אַ יונגע דאַמע, אַ געבילדעטע און בילד־שיינע. זעקס חדשים האָב איך געוווינט ביי איר, און מיר פלעגן אין די אָוונט־שעהן פירן לאַנגע וויסנשאַפטלעכע און פּאָליטישע דיסקוסיעס און אויך הערן געהיים דעם ענגלישן ראַדיאָ. איר גלייענדיקער ייִדן־האַס, אירע אוממענטשלעכע רייד וועגן די ייִדן פלעגן

מאַכן גליווערן דאָס בלוט אין מיינע אָדערן. כ'פלעג זיך באַהערשן און נישט אַנטבלויזן מיינע געפילן. פון צייט צו צייט פלעגט זי מיך איינלאַדן אויף אַן אָוונטברויט אין אַ ספּעציעלער רעסטאָראַציע, ווו ס'פלעגן אַמאָליקע צייטן באַזוכן אַדל־לייט און באַרימטע מענטשן, אָדער אין אַ זעלטענער קאָנדיטעריי צו טרינקען אַ פיינע קאַווע. זי האָט מיך זייער געאַכטעט, און די באַציִונגען צווישן אונדז זענען געווען אויפריכטיקע און פריינדלעכע. איר פריינדשאַפט און אַכטונג צו מיר האָבן אַרויסגעפלאָסן פון מיין זאַכלעכער און קולטורעלער באַנעמונג און נישט געהאַט קיין שום אַנדערן הינטערגרונט.

זי האָט מיך איינגעלאַדן אויף באַזשע נאַראָדזעניע צו טיילן מיט איר די אָבלאַטע (אַ מין מצה, וואָס מען צעטיילט אין דער משפחה, אָדער צווישן נאָענטסטע פריינד) און אום יום־טוב פּאַסכע האָט זי מיט מיר געטיילט דאָס איי, אויף וועלכן מ'האָט געשפּריצט די הייליקע וואַסער אין קאַטוילישן קאָשציאָל, צו וועלכן זי האָט געהערט. פון דער דאָזיקער דאַמע, וואָס אירע ברידער זענען פאַר דער מלחמה געווען טעטיק ווי פּוילישע דיפּלאָמאַטן אין לאָנדאָן, ריגע און אַזוי ווייטער, און וואָס זי אַליין האָט, נאָכן פאַרענדיקן איר שטודיום אין אוניווערסיטעט, פּראַקטיצירט אין אויסערן־מיניסטעריום, — האָב איך זיך דערוווּסט ווי טיף ס'איז געווען דער האַס צו ייִדן אין די הערשנדיקע קרייזן און אין דער אינטעליגענץ אין פּוילן.

די שנאה צום באָלשעוויזם האָט זיך נישט באַזירט אַזויפיל אויף דער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור פון דער דאָזיקער אָרדענונג, אָדער אויף די אַנטירעליגיעזע שטרעמונגען צווישן די קאָמוניסטן, ווי אויפן פאַקט וואָס די ייִדן אין ראַטנפאַרבאַנד זענען גלייכבאַרעכטיקט. דאָס וואָס מיר פלעגט אויסקומען צו הערן פון אַ פאָרשטייער פון דעם מיטלשטאַנד, דעם שלאָסער־מייסטער זעבזשוצקי, ממש דאָס אייגענע האָב איך געהערט פון דער פאָרשטייערין פון דעם אַדל און די הערשערישע קרייזן: „מיט די סאָוועטן וועלן מיר קאָנען קומען צו צוזאַמענאַרבעט און קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש, זיי זענען דאָך סלאַוון, אויב נאָר זיי וועלן באַזייטיקן די ייִדן". און זי האָט צוגעגעבן: „ווען איך דערמאָן זיך, ווי איך בין געווען געצוווּנגען צו זיצן ביי איין טיש מיט אַ זשידלאָק אין אַ מסיבה אין אויסערן־מיניס־

טעריום, איינגעאָרדנט לכבוד אַ רוסישער דעלעגאַציע, נעמט מיך דורך אַ פיזישער עקל". „אונדזער אומגליק — האָט זי געזאָגט — זענען געווען די ייִדן, און איך קאָן זיי נישט מיטפּילן אין זייערע גורל־ליידן. כ'בין זיך מודה, אַז כ'האָב אַ שטיקל צייט געוווילט אין ענגלאַנד און די ענגלישע געזעלשאַפט האָט מיך זייער אימפּאָנירט, אָבער מיין סימפּאַטיע ווערט צעוואַקלט, ווען איך גיב אַ טראַכט וועגן די פיל געמישטע חתונות, וואָס קומען פאָר צווישן די ענגלענדער מיט די רייכע און הויכגעשטעלטע ייִדן".

וועגן אַמעריקע האָט די דאַמע גאָרנישט נישט געוואָלט הערן, ווייל דאָס דאָזיקע לאַנד איז דאָך „פאַרשמוציקט" געוואָרן דורך די ייִדן. ווען מיר האָבן איין מאָל געהערט אין ענגלישן ראַדיאָ אַן אַרויסטרעטונג קעגן די דייטשן, האָט זי געזאָגט: „דער ספּיקער איז זיכער אַ ייִד, ווייל אַן אַריער וועט אויף אַזאַ שטייגער נישט אַרויסטרעטן קעגן דייטשלאַנד".

איין צימער פון דער וווינונג איז צייטווייליק אַריבערגעגאַנגען צו איינעם אַ לייטער פון שניידערס פירמע, קורט נוימאַן פון טילזיט אין מזרח־פּרייסן. דער דאָזיקער טיפּישער נאַצי, וועלכער האָט חושד געווען יעדן פּאָליאַק און יעדער פּאָלקע, אַז זיי זענען פאַרמאַסקירטע ייִדן, פלעגט אָפט ברענגען צום אויסדרוק זיין האַס צו די ייִדן. אין איינער פון די פיל דיסקוסיעס צווישן אים און דער דאַמע סיעמיאַטקאָווסקאַ האָבן זיך די דאָזיקע אַנטיסעמיטן קעגנזייטיק דערציילט וועגן זייער אַנטי־ייִדישער טעטיקייט. נוימאַן האָט דערציילט, אַז ער פלעגט זוכן און געפינען אין זיין יוגנט געלעגנהייטן צו שלאָגן און „ליקווידירן" ייִדן אין ספּאָרט־פאַראייניקונגען, שאַך־קלובן און אַזוי ווייטער. און זי ווידער פלעגט שילדערן ווי די אינטעליגענץ און הערשנדיקע קרייזן אין פּוילן פלעגן אונטערשטיצן די אַנטי־ייִדישע אַקציעס אין די אוניווערסיטעטן, אין די אַמטן, אין געשעפטלעכן לעבן און אויף די גאַסן. איך האָב איר דערמאָנט ווי ייִדישע סטודענטן זענען דערמאָרדעט געוואָרן אויף די אוניווערסיטעטן, ווי מ'האָט געוואָרפן באָמבעס פון אייגענער אויסאַרבעטונג אין ייִדישע געוועלבער אַריין, ווי ייִדן זענען באַזייטיקט געוואָרן פון רעגירונגס־אַמטן און האָבן נישט באַקומען קיין באַשטעלונגען פון דער מלוכה, און אויך דערמאָנט פאַלן, ווען ייִדן זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון צוגן אינמיטן גאַנג. זי האָט געזאָגט, אַז הגם פּוילן

האָט געליטן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, פון דעסט וועגן איז היטלערס ביישטייער צו ליקווידירן די ייִדן־פראַגע אַזוי איינציק־וויכטיק, אַז צוליבן דאָזיקן מאָטיוו אַליין פאַרדינט ער זיך, אַז דאָס פּוילישע פאָלק זאָל אים שטעלן אַן אייביקן דענקמאָל.

אין אַ שמועס מיט נוימאַנען האָט די דאָזיקע דאַמע גערעדט וועגן די אָנגעשטעלטע אין דער פירמע און געגעבן אָנצוהערן, אַז די סעקרעטאַרין, פרוי טאָבאָליעווסקאַ, איז אַ ייִדישקע. אַזוי האָט זי, סיעמיאַטקאָווסקאַ, געפילט, און „אירע געפילן האָבן זי נאָך קיינמאָל נישט אָפּגענאַרט". „איר פּנים געפעלט מיר נישט", — אַזוי האָט זי געזאָגט נוימאַנען אין מיין ביי־זיין. איך האָב זיך ענערגיש קעגנגעשטעלט, און זי האָט זיך צוריקגעצויגן, אָבער שפּעטער איבערגעגעבן איר איינדרוק דעם שעף שניידער.

אויך נוימאַן האָט ביי אונדז נישט מאריך־ימים געווען. אויף זיין אָרט איז געקומען דער אינזשיניער גראַבאָו. דער דאָזיקער פאַרשוין איז געווען אַ טעכנישער לייטער אין אַ דייטש־ישער גרויסער בוי־געזעלשאַפט אין לעמבערג און האָט באַשעפטיקט טויזנטער ייִדן, פון וועלכע ער האָט פאַר שיינען און באַשעפטיקן באַקומען טייערע מתנות ווי קליידער, פוטערס, טעפּי־כער, שיך, זייגערס און בריליאַנטן. זיין ווייב איז געווען אין דייטשלאַנד, און ער האָט געהאַט — ווי די מערהייט דייטשן אויפן מזרח — אַ געליבטע, זיין סעקרעטאַרין, בוכהאָלץ. די דאָזיקע פרוי איז געווען אַן אינטריגאַנטקע און האָט דערפירט דערצו מען זאָל אָפּזאָגן גראַבאָוען און אויך זי אַליין. אויס נקמה האָט גראַבאָו געמאַכט אַ פאַרצווייפלטן שריט און געמסרט שניי־דערן פאַר דער צענטראַל־בוי־לייטונג פון ס"ס, פאַר דער געסטאַפּאָ און פאַר דער נ. ס. ד. א. פּ. (נאַצישער פּאַרטיי), אַז ער (שניידער) לאָזט זיך פירן דורך פּאָליאַקן, אַז ער האָט אַ געליבטע אַ פּאָלקע, און אַז איך און די בוכ־האַלטערין (טאָבאָליעווסקאַ) קאָנען נישט פאַרטראָגן, אַז דייטשן זאָלן אַר־בעטן אין דער ביוראָ. איז פון אַ הויכן אָרט באַפוילן געוואָרן שניידערן, ער זאָל גלייך אָפּזאָגן מיך און טאָבאָליעווסקאַן, און אויב נישט וועט מען אים אָנקלאָגן אין געריכט אויך צוליב זיין געליבטע די פּאָלקע.

אין איינעם אַ ליכטיקן פרימאָרגן, דעם 30סטן אַפּריל 1944, איז שניי־דער אַריין אין דער ביוראָ און געפּאָדערט פון אונדז מיר זאָלן זי גלייך פאַר־

לאָזן. ער האָט נישט געזאָגט פאַר וועלכן מאָטיוו, נאָר פון זיינע אָנצוהערענישן האָבן מיר געמאַכט דעם אויספיר, אַז קעגן אונדז איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַ שווערע באַשולדיקונג. מיר האָבן ביידע געטראַכט, אַז ער האָט זיך דערוווּסט וועגן אונדזער אָפּשטאַמונג. ער האָט אונדז געדראָט, אַז אין עטלעכע שעה אַרום וועט זיין שפּעט. אונדזער לאַגע איז געווען האָפענונגסלאָז, בלייבנדיק אָן אַ קוואַרטיר און אָן אַן איינמעלדונג אין וואַרשע. וואָס־זשע טוט מען? מיר האָבן געבעטן שניידערן ער זאָל האַנדלען אָנשטענדיק און מיט אַ מענטשלעכער באַציִונג און אים דערמאָנט אונדז׳ער איבערגעגעבענע אַרבעט. אָבער ער האָט גאָרנישט געענטפערט און אונדז דערלויבט צו בלייבן אין דער וווינונג נאָך פערצן טעג. (טאָבאָליעווסקאַ האָט ביז דעמאָלט געהאַט אַ צימער אין דער ביוראָ און איז געווען געצווּנגען עס גלייך צו פאַרלאָזן). מיר האָבן זיך געשראָקן, אַז מיר זענען אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ און מיר זענען געווען איבערצייגט, אַז שניידער וויל אונדז דאָ האַלטן כדי איבערצוגעבן אין דער געסטאַפּאָ.

זענען אַריבער וואָכן, ביז מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די דאָזיקע אויפשוידערנדיקע סצענע איז פאָרגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פון גראַבאַוּס און בוכהאָלצס אינטריגעס. דעם גאַנצן חודש מאַי האָבן מיר פאַרבראַכט אין פּחד און אימה אין דער וווינונג פון די אָנגעשטעלטע אויף דער ראָזבראַט־גאַס 32.

ענדלעך זענען מיר געקומען אין אַ ביוראָ פאַר אַרבעטס־פאַרמיטלונג אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ־גאַס 118.

דער אייגנטימער פון דער ביוראָ, דער פּוילישער אינזשיניער טאַרטשעווסקי, האָט פאַרמאָגט יענע נעגאַטיווע אייגנשאַפטן, וועלכע די אַנטיסעמיטן שרייבן צו די ייִדן. גלייך טראַכטן האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט. אַלע זיינע האַנדלונגען זענען געווען קרומע, און אַלע מחשבות באַזירט אויף שווינדל. נאָך ערב דער מלחמה איז אים אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ צו פאַרעפנטלעכן אַנאָנסן אין דער פּרעסע, אַז ער זוכט פאַר זיינע הייזער אַדמיניסטראַטאָרן מיט ערבות־געלט. כדי צו שאַפן פאַר דעם אַ באַזע, האָט ער געפאַכטעט ביים אָרטיקן שטאָטראַט צוויי צעבראָכענע הייזער, אָנגעבנדיק אַז ער דאַרף זיי האָבן אויף אַריינצושטעלן אין זיי אַלטע מאַשינען.

די קאַנדידאַטן וואָס האָבן זיך געמאָלדן איז צוגעזאָגט געוואָרן פּאָסטנס, אויב זיי וועלן ביילייגן טויזנט זלאָטעס ערבות־געלט. ווען די ערשטע קאַנ־דידאַטן האָבן זיך דערוווּסט אַז ס׳איז דאָ באַגאַנגען געוואָרן אַ שווינדל און ענערגיש געמאָנט מען זאָל זיי צוריקגעבן דאָס געלט, האָט ער זיי געעצהט צו ברענגען אים נייע קאַנדידאַטן, כדי ער זאָל קאָנען נעמען ביי זיי געלט און אומקערן די ערשטע קאַנדידאַטן. געענדיקט האָט זיך עס מיט קרימינעלע פּראָצעסן, וואָס האָבן געדויערט ביז די מלחמה איז אויסגעבראָכן. אין דער מלחמה־צייט האָט דער דאָזיקער אינזשיניער געפירט אַ קאָמיסיאָן־געשעפט, ס׳הייסט, געקויפט און פאַרקויפט יידישע זאַכן. דער דאָזיקער פאַרשוין איז געווען איינער פון די ביטערסטע אַנטיסעמיטן. ער איז געקומען אין פאַר־קער מיט אַ סך יידן, האָט זיך דערוואָרבן זייער צוטרוי, באַקומען פון זיי אַ סך ווערטפולע זאַכן און זיי דערנאָך אויסגעליפערט דער געסטאַפּאָ, כדי די זאַכן זאָלן פאַרבלייבן ביי אים. ער האָט געקאָנט די מלאכה פון רעדן ווי אַ „מענטש״, אויסדריקן זיין „מיטגעפיל״ און זיין ווילן „צו העלפן״ און דערביי אַריינפלעכטן אין זיינע רייד שרעקלעכע אַנטיסעמיטישע באַמער־קונגען, אויסטראַכטענישן און דראָונגען.

נאָך דער ליקווידאַציע פון די יידן האָט דער דאָזיקער אינזשיניער, וועלכער האָט געהערט צו דער פּוילישער אינטעליגענץ, געעפנט אַ ווער־ביר־ביוראָ, ווו ס׳זענען געדונגען געוואָרן פּוילישע אַרבעטער־כוחות פאַר דער דייטשישער וואָפן־אינדוסטריע, און פון דאַנען האָט מען זיי געבראַכט קיין דייטשלאַנד. אין דער דאָזיקער ביוראָ האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ פאָרשטייער פון די דייטשישע מעטאַל־אונטערנעמונגען ד. מ. וו., קורט סטאַכע, וועלכער האָט אונדז דערמעגלעכט צו קומען קיין דייטשלאַנד, נישט דורכגייענדיק קיין קאָנטראָל און קיין אונטערזוכונגען.

פון וואַרשע האָב איך געמוזט אַוועק, ווייל אין דער דאָזיקער ביוראָ פלעג איך זיך טאָג־טעגלעך אָנטרעפן אויף דער געסטאַפּאָ און פּוילישע שאַנטאַזשיסטן פון אַלע מינים.

***

ס׳איז כדאי צו שילדערן עטלעכע טיפּן, וועלכע איך האָב קענען גע־לערנט אין טאַרטשעווסקיס ביוראָ. איינער פון זיי איז געווען דער גראַף

סטראָינאָווסקי, אַ זעכציק־יעריקער, אַן אינזשיניער, וואָס האָט באַנקראָ־טירט, אַ געבילדעטער און אַ פּיל ארומגערייזטער, אַן אַנטיטעמיט מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים. ער האָט נישט פאַרטראָגן, אַז פאַרדעכטיקע אַריער זאָלן צוגענומען ווערן אין טאַרטשעװוסקיס ביורא. „אַזעלכעס טאָר נישט טאָן קיין פּאָליאַק און ריינער אַריער". בעת דעם פוילישן אויפשטאַנד איז קלאָר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער פּאָליאַק איז געווען פאַררעגיסטרירט פאַר אַ פאָלקס־דייטש.

אין דעם הויז, וואָס האָט געהערט צו ייִדן וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן, אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ־גאַס 52, האָט געוווינט די פאַמיליע מאַר־טשינקאָווסקי. דער מאַן, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען אַ סוחר און אַן אַגענט פון פירמעס, האָט זיך בעת דער מלחמה באַשעפטיקט מיט שמוגל־האַנדל מיט קוילן, טאַבאַק און דאָס גלייכן. דאָס פּאָרפאָלק, יוזעף און יאַ־נינאַ, האָט קיין קינדער נישט געהאַט. די פרוי האָט געאַרבעט ווי אַ באַ־אַמטין אין דער וואַרשעווער שטאָטישער שפּאָרקאַסע. זיי זענען ביידע געווען גוטהאַרציקע מענטשן פון דער נאַטור און האָבן אַ סך געהאָלפן אַנדערע מענטשן. באַזונדערס איז ער געווען גוט און צוגעלאָזן. איך האָב באַקענט די דאָזיקע פאַמיליע דורך אַ צופאַל. ווען איך האָב זיך געראַטעוועט בעת דעם פוילישן אויפשטאַנד פון אַ ברענענדיק און איינפאַלנדיק הויז און בין געבליבן, נאָכן באַפרייט ווערן פון תפיסה, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, בין איך געגאַנגען צו זיי. דאָס פּאָרפאָלק האָט מיך און מיין קאָלעגין צו די צרות, סאָפיאַ טאָבאָליעווסקאַ, אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. ס׳האָבן שוין גע־האָט זיך ביי זיי געפונען דריי דאָכלאָזע פּליטים, צווישן זיי צוויי מאַראַנען (מאַן און ווייב) פון לאָדזש, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ דורך קאַנאַלן. זייערע ביידע נעמען זענען געווען העניאַ און קרישיאַ. זיי האָבן אונדז אויפגענומען וואַרעם און האַרציק. די זעלבע מידה פון הכנסת־אורחים האָבן זיי אָנגעווענדט אויך בנוגע אַנדערע פּליטים, און באַזונדערס זיך אָפּגעגעבן מיט העניאַן און קרישיאַן. זיי האָבן זיך געטיילט מיט אונדז מיט זייער זופּ־פּאַרציע. און אויב די גאַסטגעבערין האָט געקריגן אַ ביין פון אַ פערד פון אַ פינף־אָדער־זעקסטער האַנט, האָט זי אים געקאָכט אין דער שותּפותדיקער יויך. די דאָזיקע פרוי האָט אָפּגעהיט די ריינקייט פון איר הויז ביז קרענק־

לעכקייט. אין דער צייט ווען די הייזער אין דער געגנט זענען אָן אויפהער באָמבאַרדירט געוואָרן, האָט זי געוואַשן די פאָדלאָגעס עטלעכע מאָל אין טאָג. דער דאָזיקער חוש פאַר ריינקייט האָט איר פון דעסט וועגן נישט אָפּ־געהאַלטן פון קאָכן אין זעלבן טאָפּ, אין וועלכן ס'איז געקאָכט געוואָרן די זופּ, די אומריינע וועש, און פאַרקערט, אין דעם שמוציקן וועש־קעסל קאָכן די זופּ.

ביי די דאָזיקע מענטשן האָבן מיר געוווינט, ביז מיר האָבן פאַרלאָזט וואַרשע.

איין מאָל איז צום דערמאָנטן העניא געקומען אַ באַקאַנטער. צופעליק איז דעמאָלט געווען ביי מאַרטשינקאָווסקין איינער אַן אָפיציר פון די פוילישע אויפשטענדלער, וועלכער האָט אים געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דער גאַסט און אויך העניא און זיין פרוי זענען ייִדן, און געפרעגט, ווי קאָן אַ נאַציאָ־נאַלער פּאָליאַק איינקוואַרטירן ביי זיך ייִדן? דאָס האָט פּאַסירט אָנהייב סעפּ־טעמבער 1944. מ'האָט דעמאָלט אין וואַרשע דערוואַרט דאָס אַריינקומען פון די רוסן, וועלכע האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף פּראַגע. די גאַסטגעבערין האָט גערעכנט, אַז די ייִדן וועלן איר קאָנען העלפן אין דער סאָוועטישער אָרדענונג, „ווייל די דעה־זאָגער ביי די סאָוועטן זענען די ייִדן". דערפאַר האָט זי זיי איינגעקוואַרטירט אין איר הויז. זי האָט זיך באַראָטן מיט אונדז, און מיר האָבן איר אויפגעקלערט, אַז סוף־כל־סוף זענען זיי ביידע מענטשן און היינט קאַטאָליקן, און וועלן אפשר בלייבן קאַטאָליקן. זי האָט אויסגע־דריקט איר האָפענונג, אַז די דאָזיקע ייִדן וועלן איר זיין בייהילפיק צו קריגן אַ שיינע און גרויסע וווינונג און איר מאַן צו באַקומען אַ גוטן פּאָסטן. אין צוויי וואָכן אַרום איז קלאָר געוואָרן, אַז דער אויפשטאַנד איז דורכגע־פאַלן, און די דייטשן זענען צוריק געקומען. די צוויי גאַסטגעבער האָבן זיך אויפגעפירט ווי נידערטרעכטיקע און אַרויסגעטריבן דאָס ייִדישע פּאָר־פאָלק, דראָענדיק אַז זיי וועלן רופן די געסטאַפּאָ. די פרוי מאַרטשינקאָווסקאָ האָט געבעטן ביי אונדז אַנטשולדיקונג פאַר דעם וואָס זי האָט זיי בכלל אַריינגענומען, זאָגנדיק, אַז ווען זי וואָלט געוווסט אין אָנהייב אַז זיי זענען ייִדן, וואָלט זי זיי בשום־אופן נישט געווען טאָלערירט.

אַ גרויסער בוי־אונטערנעמער, דער פוילישער אינזשיניער סטזשי־

זשעווסקי, האָט מיר דערציילט, אַז אין ראַוואַ־רוסקאַ האָט ביי אים געאַר־בעט ביי דער בויונג אַ פּלייסיקער און טיכטיקער אינזשעניער. און ווייל ער פלעגט זיך באַנוצן מיט שטאַרק געלערנטע אויסדרוקן, האָט ער גע־טראַכט אַז ער מוז זיין אַ ייד און אים אויסגעליפערט דער געסטאַפּאָ. און אָט איז קלאָר געוואָרן, אַז זיין געפּיל האָט אים נישט גענאַרט. דער אינזשי־ניער אין ראַוואַ־רוסקאַ איז טאַקע געווען אַ ייד, און איז ליקווידירט גע־וואָרן. די ביוראָ פון דעם דאָזיקן אונטערנעמער אויף קרולעווסקאַ־גאַס 10 איז געווען אַ זאַמלפּונקט פון די אויפשטענדלער.

**
*

ביי די אַלע טראַגעדיעס אין דעם מצב פון די מאַראַנען און ביי די אַלע סכנות וואָס האָבן געלאָקערט אויף זיי אויף טריט און שריט פלעגן צייטנ־ווייז טרעפן פּאַסירונגען, אין וועלכע ס'איז געווען אַ ביסעלע הומאָר. די דאָזיקע פּאַסירונגען האָבן באַוויזן באַשיימפּערלעך, ווי נאַריש און גרונט־לאָז ס'איז געווען די נאַצישע ראַסן־לערע, וועלכע איז פאַרשפּרייט געוואָרן מיט אַלע מלוכהשע מיטלען.

ווי באַוווסט, פלעגן די מזרח־קעמפער וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט, גייענדיק פאַר די יום־טובים אויף אורלויב, באַקומען „פּירער־פּאַקעטן". אַזאַ פּאַקעט האָט אַנטהאַלטן לעבנס־מיטל, נאָך וועלכע ס'האָט געבענקט יעדע דייטשישע פאַמיליע אין דער מלחמה־צייט, ווי: מעל, פעטס, בוימל, צוקער, קאַווע, גרויפּן און נאָך גוטע זאַכן, ווי אויך אַ צוגאָב אַ פלאַש שאַמפּאַניער־ווייַן. מיט פאַראַכטונג צום טויט פלעגן זיי קעמפן אויף די געפערלעכסטע ערטער פון פראָנט און זיך אויסצייכענען, כדי איבערצוראַשן זייער פאַ־מיליע מיט דעם „פּירער־פּאַקעט" אויף יום־טוב. אין דעם פּאַקעט איז אויך געווען אַ ווונטשקאַרטל פון דעם „פּירער", אין וועלכן ער האָט געבענטשט דעם טרייען קעמפער פאַר דער נאַצישער אידייע און אים באַדאַנקט פאַר זיין בראַווקייט.

אָנהייב חודש אַפּריל 1944 האָב איך געדאַרפט פאָרן קיין מינסק אי־בערצוגעבן רעכענונגען. נאָכן איינאָרדענען די אָפיציעלע ענינים און פאַר־ענדיקן די מעדיצינישע אונטערזוכונג ווי אויך די דעזינפעקציע, האָב איך

געמוזט וואַרטן אויף דער סטאַציע אויף דער גרענעץ, ברעסט־ליטאָווסק, אויף דעם קומענדיקן צוג, וואָס וועט מיך פירן צום גענעראַל־גוווערנעמענט. אויף דער סטאַציע האָב איך באַגעגנט אַ גרופּע פּאַליאַקן פון דער בוי־שטעלע אין באַראַנאָוויטש, וועלכע זענען געפאָרן אויף פּאַסכע קיין וואַרשע. אין דער דאָזיקער גרופּע זענען געווען אויך צוויי מענער און דריי פרויען, אין וועלכע כ׳האָב דערקענט מאַראַנען. ווען מיר האָבן געזען אַז די זעלבער באַקומען „פירער־פּאַקעטן״, האָט איינער פון די מאַראַנען אַ פרעג־געטאָן אין שפּאַס, צי מיר, ווי אָנגעשטעלטע אויפן פראָנט, האָבן נישט דאָס רעכט צו באַקומען אַזאַ פּאַקעט. מיר, וועלכע האָבן געלערנט ביי היטלערן צו ריזיקירן מיטן לעבן אויף אַ סטאַבילן אופן, האָבן געפּרוווט דורך דער פאַר־מיטלונג פון דעם מאַרש־באַפעל־שטעלע צו פאַרלאַנגען אַזאַ פּאַקעט. דער אָפיציר, וואָס האָט דאָרט געדינט, האָט אונדז העפלעך געענטפערט אויף פּויליש (ער איז אַ פּנים געווען פון שלעזיע אָדער פּויזן), אַז אונדז וועט שווער זיין צו באַקומען פּאַקעטן, ווייל אַזעלכע פּאַקעטן ווערן געגעבן בלויז זעלנער וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אויפן פראָנט, און זענען רעקאָמענדירט געוואָרן. דערמונטערט פון זיין פּוילישער שפּראַך און העפלעכקייט, האָבן מיר זיך אָנגענומען מיט מוט און אים פאַרגעשלאָגן די פלעשער ווייַן צו די אָנקומענדיקע יום־טובים, אויב ער וועט פאַר אונדז — די זעקס מאַראַנען — באַקומען זעקס פּאַקעטן. נאָך אַ קורצער איבערלייגונג האָט ער דערויף מסכים געווען. נאָך דעם ווי ער האָט אין אַ פאַרבאָרגן ווינקל באַקומען פון אונדז די זעקס פלעשער, איז ער פון אונדז אַוועק מיטן וואָרט „עמך״, אַ וואָרט, וואָס האָט נישט איבערגעלאָזט קיין שום צווייפל, אַז אויך ער איז אַ מאַראַן.

ווען מיר זענען געקומען קיין וואַרשע, ציוויל געקליידט, און געטראָגן עפנטלעך די פּאַקעטן, יעדער איינער 10 קילאָגראַם די וואָג, האָבן די דייטשן געפּלאַצט פון קנאה.

און נאָך אַ פּאַסירונג: ווען איך בין איין מאָל אין וואַרשע געגאַנגען אייליק אין דער ביוראָ אין דער באַגלייטונג פון דער טאָבאָליעווסקאַ, האָט איר אַן אָפיציר פון דער ווערמאַכט געבעטן אָפּגיין אויף אַ רגע אין דער זייט. איך האָב זיך דערשראָקן און בין שנעל ווייטער געגאַנגען, כדי נישט

אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט. אין עטלעכע רגעס אַרום האָט זי מיך אָנגעיאָגט און דערציילט, אַז דאָס איז געווען אַ באַקאַנטער ייִדישער דאָקטער פון קראָקע, וועלכער האָט באַקומען פון אַ פריינד אין קאַרלסבאַד דאָקומענטן פון אַ דייטש, און ער איז פריווויליק אַריין אין דער ווערמאַכט, ווו ער אַר־בעט היינט אַלס אַ רעגימענט־דאָקטער. ער האָט איר אויך דערציילט, אַז ער איז נישט קיין איינציקער.

אַזוי האָט אין דער ווירקלעכקייט אויסגעזען די דייטשישע ראַסן־לערע!

סוף חודש מאַי 1944 האָב איך באַקומען אַ פּאָסטן אין אַן אינזשי־ניערן־געזעלשאַפט „בוישטאַב הילגענשטאַק", וועלכער האָט געאַרבעט פאַר די פאַראייניקטע דייטשישע שטאָל־אונטערנעמונגען (קרופּ) און פאַרן אַוויאַ־ציע־מיניסטעריום. איך האָב באַדאַרפט זיין דער פאַרטרויונגסמאַן און דאָלמעטשער פאַר די אויסלענדער. כ'האָב געוווינט אין אַ הויז פון דער געזעלשאַפט אין ברעסלאַו און געהאַט די געלעגנהייט צו שמועסן אויף פאַרשיידענע טעמעס מיט די באַאַמטע און אָנגעשטעלטע פון די אונטערנע־מונגען, וועלכע האָבן דאָרט געוווינט, טייל סטאַביל און טייל צייטווייליק. איך פלעג אויך פאָרן דינסטלעך קיין וואַרשע, טשענסטאָכאָוו און קראָקע צו ליקווידירן רעכענונגען. האָב איך אויסגענוצט די מעגלעכקייט וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן צו באַזוכן מיין זון, וועלכער איז טעטיק געווען ווי אַ דאָלמעטשער אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פון מלחמה־געפאַנגענע און אין עטלעכע אַרבעטס־לאַגערן אין ווילהיים, לעבן מינכען. רעכענענדיק זיך מיט זיין פּאָזיציע, האָב איך נישט געוואָלט אים זען אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ, נאָר מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו באַגעגענען אין מינכען ביי דער צענ־טראַלער באַן־סטאַציע, וועלכע איז צעשטערט געוואָרן, נאָר דער וואַרטע־זאַל איז געבליבן גאַנץ. מיר האָבן זיך באַגריסט נישט ווי אַ טאַטע מיט אַ זון, נאָר ווי צופעליקע באַקאַנטע, כדי נישט אַרויסצורופן קיין אויפמערק־זאַמקייט.

מיין זון פלעגט אויסנוצן זיין פּאָסטן, קומען אין קאָנטאַקט מיט מלחמה־געפאַנגענע און העלפן אַ סך פון זיי אַנטלויפן מיט פאַלשע דאָקומענטן קיין שווייץ דורך זינגען.

אין דייטשלאַנד בין איך אין ערגעץ נישט באַלעסטיקט געוואָרן און האָב געקאָנט אָפּרוען מיינע שוואַכע נערוון.

**

וואָס ס׳האָבן אַלץ איבערגעלעבט די מאַראַנען אין פּוילן איז בשום־אופן נישט צו שילדערן. דער קאַניבאַלישער האַס פון דער פּוילישער באַפעלקערונג צו די ייִדן איז געווען אַזוי טיף און פאַרשפּרייט, אַז ס׳זענען געווען בלויז ווייניקע אויסנאַמען.

אַ סך האָבן שוין געשטעלט די פראַגע: „פאַרוואָס זענען די ייִדן אַזוי פאַרהאַסט ביי די פּאָליאַקן?״ זיי האָבן אויך געפּרוווט אויספאָרשן די סיבות פון דאָזיקן האַס און געגלייבט, אַז ער וואָרצלט אין דערווירטשאַפט־לעכער סטרוקטור פון ייִדישן פאָלק. דערפאַר וואָס די ייִדן האָבן זיך אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט קאָנצענטרירט אין האַנדל, אינדוסטריע און פרייע באַרופן, געוואָרן אין זיי געניט און באַהאַוונט, האָבן זיי אַרויס־געשטויסן די קריסטלעכע באַפעלקערונג און דערוועקט אין איר קנאה און האַס. אַנדערע פאָרשער האָבן אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון די ייִדן איז געגאַנגען איינזייטיק און האָט ביי די אומבאַהאַוונטע און צוריקגעשטאַנענע אַרויסגערופן קנאה. אמת, די צוויי סיבות זענען פאַר זיך ריכטיקע. אָבער יעדער פּרווו צו לייזן דאָס פּראָבלעם דורך פאַרקלענערן דעם פּראָצענט ייִדן אין די דאָזיקע באַרופן אָדער פאַכן און זיי אַריבערפירן אין אַנדערע — הגם פאַר זיך זעלבסט איז עס געווונטשן — וועט די דאָזיקע שנאה נישט אַרויסרוימען.

ווי אַן „אַריער״ האָב איך געזען אַ סך שטעט אָן ייִדן, און אויך אונ־טערנעמונגס־ און האַנדלס־געזעלשאַפטן אין פּוילן און אין אַנדערע אָקו־פּאַציע־געביטן, אין וועלכע קיין ייִדן זענען קיינמאָל נישט געווען — און זיך איבערצייגט, אַז דאָס אַלץ וואָס איז צוגעשריבן געוואָרן אויפן חשבון פון די ייִדן, האָט זיך אויף די דאָזיקע ערטער אַרויסגעוויזן ביי די אַריער אַ סך מערער איידער ביי די ייִדן, איך מיין צו זאָגן: פעלערן, געזעץ־אי־בערטרעטונגען, פאַרברעכנס, שווינדל און אָפּנאַרעריי, אומפּינקטלעכקייט און געלט־גייציקייט. די אַריער אַליין האָבן געמוזט מודה זיין, אַז אויף די

געביטן אָן ייִדן האָט די ספּעקולאַציע אין דעם אַרישן האַנדל געהערשט אומבאַגרענעצט. די אַרישע געשעפטסלייט אין פּוילן, וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן פון דער ייִדישער קאָנקורענץ, האָבן געשונדן די הויט פון זייערע קונדן. ס'איז שווער געווען צו באַנעמען די אומלאָגישקייט פון זייערע קאַל־קולאַציעס, די חוצפה קעגן די קונדן, דאָס נאָכלאָזיקייט אין צושטעלן די באַשטעלטע סחורה און איר געמיינע קוואַליטעט. דער מאַנגל אין דערפאַ־רונג און אָריענטאַציע, ווי אויך די נידעריקע מאָראַלישקייט ביי די פּאָ־ליאַקן און אוקראַיִנער איז קלאָר געווען פאַר אַלעמען.

ווען מען האָט אין וואַרשע געכאַפּט בעקערס, וועלכע האָבן צוגעגרייט צו פאַרקויפן בלינצעס געפּרעגלט אויף מאַשין־אייל, האָבן זיך די שווינד־לערס פאַרענטפערט מיט דער טענה, אַז פאַר דער מלחמה האָבן די ייִדן אַלץ געבאַקן אויף מאַשין־אייל פאַר דער אַרישער באַפעלקערונג. אַנדערע זייע־רע שווינדלערייען האָבן זיי באַרעכטיקט דערמיט, אַז די ייִדישע בעקערס פלעגן פינאַנסירט ווערן פון ספּעציעלע אַמעריקאַנישע פאָנדן, כדי צו פאַר־קויפן זייערע סחורות ביליק און אַרונטעררייסן און ליקווידירן דעם אַרישן קאָנקורענט, בעת זיי, די אַריער, מוזן אַרבעטן מיט אייגענע מיטלען.

דאָס אומערלעכקייט, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם שרייבט צו די ייִדן, וועט בלאָס ווערן קעגן דער פאַרצווייגטער שווינדלערישקייט פון די אַרי־שע געשעפטסלייט אין די פּוילישע שטעט, וועלכע זענען געבליבן אָן ייִדן.

די אַריער האָבן דאָס געטאָן אומפאַרשעמט און מיט ווייניקער העמונ־גען פון דעם ייִדישן קליינהענדלער.

ז.

# די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ

ושבח אני את־המתים שכבר מתו,
מן החיים, אשר המה חיים עדנה.
וטוב משניהם את אשר עדן לא היה,
אשר לא ראה את־המעשה הרע,
אשר נעשה תחת השמש.

דערום האַלט איך די טויטע וואָס זענען שוין געשטאָרבן,
פאַר גליקלעכער פון די לעבעדיקע, וואָס לעבן נאָך.
און בעסער פון זיי ביידן איז דעם וואָס איז נאָכנישט געווען,
וואָס האָט נישט געזען די שלעכטע מעשים,
וואָס ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון.

(קהלת, ד׳, ב׳).

די וואַרשעווער ייִדן, וועלכע האָבן פריִער געוווינט אין אַלע קוואַר־טאַלן פון שטאָט, זענען אַריינגעקוועטשט געוואָרן אין איר צפונדיקן טייל, דעם שמוציקסטן און פינצטערסטן. ווי אַלע אַנדערע שטעט, האָט אויך דאָ די ס.ס. געשטיקט דאָס ייִדישע לעבן. ייִדן אָן אַ צאָל פלעגן טאָג־טעגלעך פאַרשווינדן ווי אַ פועל־יוצא פון זוכונגען, מערדערייען און פייניקונגען. די ענגשאַפט, די אוממעגלעכקייט זיך צו וואַשן און דורכלופטערן האָט גורם געווען אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן און מגפות, וועלכע האָבן זיך פאַרמערט אויך צוליבן אויספעלן פון שפּיטאַלן און מעדיקאַמענטן. דאָס אַלץ האָט פאַרקלענערט די ייִדישע באַפעלקערונג.

די ס״ס־לייט האָבן זיך מיט פלייס באַמיט אויסצופילן די צאָל וואָס איז אַלץ קלענער געוואָרן דורך אַריבערפירן ייִדן פון דער פּראָווינץ. די צאָל ייִדן אין וואַרשע איז געווען 400.000. פון דאָזיקן רעזערוואַט האָבן

געשעפּט, ווי אומעטום, די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און קרעמאַטאָריעס. עס איז מערקווירדיק וואָס יעדער דייטש האָט גערעדט וועגן דער ליקווידאַציע פון די ייִדן ווי וועגן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. קיין איין דייטש האָט נישט געהאַט קיין געוויסנפּיין צוליב די גרוילטאַטן וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרן די ייִדן. אויב ס'האָט זיך יאָ געפונען איינער וואָס האָט נישט אונ־טערגעשטיצט די דאָזיקע שאַנדטאַטן, האָט אים דערצו באַוויזן נישט קיין מענטשלעכער צוגאַנג אָדער דער מיטגעפיל צו די קרבנות, נאָר די שרעק פאַר דער קומענדיקער נקמה. די דאָזיקע „היטלערס מתנגדים" האָבן גע־טראַכט אַז אויב די דייטשן וועט זיך איינגעבן אויסצוראָטן אַלע ייִדן אויף דער וועלט, וואָלט מען אפשר די זאַך געקאָנט באַרעכטיקן. אָבער צוליב דעם וואָס בלויז די ייִדן פון אייראָפּע זענען געקומען אין באַטראַכט צו פאַרטיליקן זיי, און די איבעריקע ייִדן אין די אַנדערע לענדער וועלן בלייבן געזונט און שטאַרק, האָט דער פּלאַן אין די אויגן פון די „מתנגדים" אויס־געזען פעלערהאַפט.

נאָך דעם ווי די פּראָווינץ איז געוואָרן יודענריין, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שטורעמען דעם ייִדישן צענטער אין וואַרשע. נאָך זייער מפּלה אין סטאַלינגראַד האָבן די דייטשן באַשלאָסן אויסצוראָטן די איבערגעבליבענע ייִדן מיט דער מעגלעכסטער שנעלקייט, כדי זיי זאָלן נישט האָבן די זכיה צו זען זייער מפּלה. לויט דער זעלבער מעטאָדע, וואָס זיי האָבן געניצט אין אַנדערע שטעט, זענען געמאַכט געוואָרן גרויסע אַקציעס אויך אין וואַרשע.

עטלעכע הונדערט מענער און פרויען, פאַרצווייפלטע, אָבער דריי־סטע, האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס'איז שוין נישטאָ קיין שום האָפענונג זיך צו ראַטעווען פון זייער לאַגע, און גענומען און אָרגאַניזירט אַ באַוואָפנטן ווי־דערשטאַנד. די פּאָליציי און ס"ס, וועלכע זענען אַריינגעקומען אין געטאָ, זענען באַגעגנט געוואָרן מיט הייס געווער, מיט האַמערס און העק, מיט האַנט־גראַנאַטן און קוילנוואַרפער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שלאַכטן, אין וועלכע די ס"ס, די פּאָליציי און די ווערמאַכט האָבן געליטן אבדות אין מענטשן, אין געווער און דער עיקר אין פּרעסטיזש. די ייִדן האָבן געקעמפט פון באַהעלטענישן אַרויס, פון קעלערס און בונקערס און פון דעכער אַראָפּ. אָבער נישט געקוקט אויף דעם העלדישן ווידערשטאַנד, האָט זיך די דייטשן

איינגעעבן, נאָך עטלעכע וואָכן, צו ליקווידירן דאָס געטאָ, זיך באַנוצנדיק מיט אַלערליי וואָפן און מיט באָמבעס. די הייזער זענען צעשטערט געוואָרן. די מענטשן — אויסגעמאָרדעט מאַסנוויַיז. ייִדן וואָס זענען געכאַפּט געוואָרן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין די קרעמאַטאָריעס אָדער קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אויך אין דער ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ האָבן די פּאָליאַקן גענומען אַנטייל.

נאָכן ליקווידירן די ייִדן און צעשטערן די הייזער אין געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער הייסער סעזאָן פאַר די דייטשישע „בוי־אונטערנעמער״. מען האָט געדאַרפט פונאַנדערנעמען די שטיינער און ציגל אין געטאָ, זיי סאָרטירן און אַרויספירן פון דאָרט. די דאָזיקע „גרויסע פירמעס״, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה בישט געקאָנט עקסיסטירן און זענען געוואָקסן אין זכות פון דעם וואָס זייערע אייגנטימער האָבן געהערט צו דער פּאַרטיי, האָבן פאַרדינט מיליאָנען. דאָס פאַרדינסט איז געקומען פון דריי זאַכן: פון דעם לוין וואָס די ס״ס האָט געצאָלט פון יעדן קוביק־מעטער פונאַנדערגענומענעם מאַטעריאַל; פון די סכומים וואָס מ׳האָט באַקומען פון פאַרקויפן שטיינער, ציגל און אייזנברוך אויפן שוואַרצן מאַרק; און פון די זאַכן און ווערטפולע חפצים וואָס זענען געפונען געוואָרן אין די קעלערס פון די ייִדישע וווינונגען.

דאָס לעצטע האָט דערמוטיקט אויך די פּוילישע אַרבעטער, וועלכע זענען מאַסנוויַיז געקומען אַהער אַרבעטן, נישט געקוקט אויף דעם קנאַפּן לוין וואָס ס׳האָבן זיי געגעבן די אונטערנעמער, זייערע פאַרטרעטער און די דייטשישע און פּוילישע פאָראַרבעטער האָבן באַקומען טויזנטער זלאָטעס פון די פּאָליאַקן, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט ווי „איינטריט־געלט״.

יעדער אַרבעטער האָט טאָג־טעגלעך געפונען ווערטפולע מציאות. גאָלד־דאָלאַרן, דאָלאַרן־באַנקנאָטן, גאָלדענע רובלס, זייגערס, בריליאַנטן און אַנדערע ווערטזאַכן זענען געווען די זאַכן מיט וועלכע די אַרבעטער האָבן געהאַנדלט. אָבער די אוצרות, אַזוי לייכט ווי זיי האָבן זיי באַקומען, אַזוי לייכט זענען זיי אויך פאַרשוווּנדן. אויסצוגעבן אַ סכום פון 10.000 זלאָטעס

אויף בראַנפן — איז ביי די אַרבעטער אין געטאָ געווען אַ קלייניקייט. זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין גראָבן און נישטערן צווישן די חורבות פון די יידישע הייזער, ווו זיי האָבן געפונען און אַרויסגענומען פון די אַמאָליקע וווינונגען אַלע זאַכן, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט טוישן אויף בראַנפן.

פון די אַלע געפינסן האָבן די אַרבעטער געמוזט אָפּגעבן אַ טייל די פאַראַרבעטער און ס״ס־לייט; די פירער און אויפזעער האָבן זיך דערוואָרבן אויף אַזאַ אופן אַ גרויס פאַרמעגן.

דער אַרבעטער זאַקשעווסקי, וואָס האָט געאַרבעט אין דער פירמע שניידער, האָט זיך אין משך פון צוויי חדשים דערוואָרבן אַ הויז, מעבל, אַ שפּייז־קראָם און פינף ניי־מאַשינען, און חוץ דעם האָט ער נאָך דיספּאָנירט מיט אַ גרויסער סומע געלט.

אַ צווייטער אַרבעטער ביי שניידערן, מיטן נאָמען פּילעוויץ, האָט מיר דערציילט אַזאַ פאַל: ער איז אַריינגעקומען אין אַ יידיש הויז אין געטאָ צו נעמען פון דאָרט בעטציייג און קליידער. ווען ער האָט געוואָלט אַראָפּנעמען פון בעט אַ פּוכענע קאָלדרע, האָט ער דערפילט אַז זי איז צו עפּעס צוגע־טשעפּעט. ער האָט מיט כוח אַ ריס־געטאָן און אויפגעדעקט אַ קערפּער פון אַ פרוי. ער האָט פון קערפּער אַראָפּגענומען די רינגלעך און די גאָלדענע ציין, נישט געקוקט אויפן געשטאַנק וואָס איז אויפגעגאַנגען פון איר.

אַן אַנדער אַרבעטער, גראַזשינסקי, האָט זיך באַרימט מיט דער פאָלגנדי־קער העלדנטאַט: ער איז אַריינגעקומען אין אַ צעשטערטער יידישער ווױ־נונג. אין אַ טיפן פּאָטעל האָט ער דערזען אַ יונגן מאַן אין עלעגאַנטער קליי־דונג. די וווּנדערבאַרע שטיוול האָבן אים אַ צי־געטאָן, און ער האָט גענומען זיי אַראָפּציִען פון קערפּער. אַ צי געטאָן מיטן גאַנצן כוח, האָבן זיך די פיס אָפּגעריסן פון די קניִעס. האָט ער גענומען די שטיוול צוזאַמען מיט די פיס און געבראַכט אַהיים. מיט האַמער, דאָלאָטע און צוואַנג האָט ער צעבראָכן די ביינער, באַזייטיקט דאָס פאַרפוילטע פלייש, און אַזוי אַרום באַקומען אַ פּאָר שטיוול. מען דאַרף צוגעבן, אַז צוליבן אויספעלן פון וווינונגען האָט דער דאָזיקער אַרבעטער געוווינט אין אַ קליין צימערל מיט זיין פיר־פּערזאָ־ניקער פאַמיליע (זיין ווייב, שוויגער און צוויי קליינע קינדער), און געמוזט אויספירן זיין אַרבעט ביינאַכט. פון דעם שטיוול־אייגנטימער האָט ער אויך

צוגענומען אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ פּאָרטמאָנע, אין וועלכער ס׳איז געווען באַנקנאָטן.

נאָך דעם ווי ס׳זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אַ 300.000 יידן אין וואַרשע אַליין און צווישן זיי אַ סך באַמיטלטע מענטשן, איז שטאַרק געוואַקסן די צאָל „אַרבעטער", וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן צו דער אַרבעט ביים פונאַנדערנעמען דאָס געטאָ, און מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן אוצרות זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פון די חורבות. ס׳איז גאַרבישט צו שילדערן די זשעדנעקייט און גייציקייט פון די גרעבער. דאָס זענען געווען יענע היענעס, וועלכע האָבן תמיד באַשולדיקט די יידן אין זשעדנעקייט, אין יאַגעניש נאָך פאַרדינסטן און איינשאַפן זיך אומלעגאַלע פאַרמעגנס.

און כאָטש די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן האָבן געשעצט די ליקווידאַציע־אַקציעס קעגן די יידן און געזען אין זיי אַ ברכה, און כאָטש זיי האָבן זיך אין זיי באַטייליקט אומדירעקט און דירעקט, און כאָטש זייער אַנטי־יידישע באַציונג האָט נושא־חן געווען ביי די דייטשן, — האָבן די דייטשן נישט געלאָזן קיין שום צווייפל, אַז נאָך דער ליקווידאַציע פון די יידן, וועלן זיי זיך אַ נעם־טאָן צו די זעלבע מיטלען און בעסטיאַלע מעטאָדן קעגן דער פּוילישער באַפעלקערונג. די ס״ס־באַנדיטן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט עקסיסטירן נישט זשליאָקענדיק קיין בלוט, האָבן נאָך דער ליקווידאַציע פון די יידן געזוכט נייע קרבנות צווישן די פּאָליאַקן.

די פּאָליאַקן זענען פון אייביק אָן געווען פאַררעכנט פאַר מענטשן פון אַ נידעריקערער מדרגה אין די אויגן פון די דייטשן. ס׳איז גענוג געווען זיך איינצוהאָרכן אין אַ שמועס פון צוויי דייטשן אויף דער פּוילישער טעמע, כדי זיך צו איבערצייגן וואָס פאַר אַ שלעכטע מיינונג יעדער דייטש האָט געהאַט וועגן פּוילן, איר ווירטשאַפט, אָרדענונג און קולטור. די פּאָליאַקן איז געווען פאַרבאָטן — אין זייער אייגן לאַנד — צו פאָרן מיט דייטשן אין איין וואַגאָן פון אַ טראַמוויי אָדער צוג. אַזוי איז זיי אויך געווען פאַרבאָטן אַריינצוקומען אין די וואַרטעזאַלן און בופעטן פון אַ וואָקזאַל. איין באַפעל האָט זיי פאַרבאָטן צו פאָרן מיט דער באַן צווייטע קלאַס און מיטן שנעלצוג. ס׳זענען געווען רעסטאָראַציעס, געוועלבער און אַנדערע אַנשטאַלטן, אויף וועלכע ס׳איז געווען צו זען שילדלעך: „נאָר פאַר דייטשן", אָדער: „פאַר

פּאָליאַקן אַריינגאַנג פאַרבאָטן". כמעט יעדן טאָג זענען פאָרגעקומען רע־וויזיעס אין די גרויסע שטעט און אָפט אויך אין גאָר קלענערע ערטער. בעת די דאָזיקע רעוויזיעס פלעגן מענטשן ווערן געכאַפּט אין די גאַסן אַזוי ווי הינט און גלייך אַרעסטירט. ווען מען דאָס מזל האָט צוגעשפּילט, איז ער אַוועקגעשיקט געוואָרן ווי אַ שקלאַף קיין דייטשלאַנד, אָבער אַ גרויסער טייל פון די אַרעסטירטע איז עפּנטלעך צעשאָסן געוואָרן אין די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט. די דייטשן פלעגן מאָטיווירן דעם מאָרד דערמיט, אַז די קרבנות זענען געווען קאָמוניסטן. אין די גאַסן פלעגן ווערן אַרויסגעהאָנגען לאַנגע רשימות מיט די נעמען פון די דערמאָרדעטע, כדי אָנצווואַרפן אַ פּחד אויף דער באַפעלקערונג. אין דער אמתן אָבער זענען צווישן די קרבנות פון דעם דייטשישן טעראָר בכלל קיין קאָמוניסטן נישט געווען, אָדער ווייניק און צופעליקע. די קרבנות זענען געווען מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר, גע־כאַפּטע אין די גאַסן.

ח.

# דער פוילישער אויפשטאַנד אין וואַרשע

## (1. 8 — 3. 10. 1944)

כי שמת מעיר לגל,
קריה בצורה למפלה.

וואָרום האָסט געמאַכט פון אַ שטאָט אַ הויפן,
אַ באַפעסטיקטן כרך פאַר אַ חורבה.

(ישעיה, כ״ה, ב׳).

ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן דער פוילישער אויפשטאַנד, האָב איך זיך ווידער אויפגעהאַלטן אין וואַרשע. איך האָב נישט געקאָנט און נישט געוואָלט אַוועקפאָרן פון דאָרט, ווייל כ׳האָב געהאָפט, אַז דאָס אַריינקומען פון די רוסן איז שוין נאָענט, און כ׳וועל ווידער האָבן די זכיה צו זיין אַ פרייער מענטש.

דעם 1טן אויגוסט 1944, פינף אַזייגער נאָך מיטאָג, בין איך געגאַנגען פון האָטעל אין דער ריכטונג פון מאַרשאַלקאָווסקאַ־גאַס און האָב געהערט איינצלנע שאָסן אין עטלעכע הייזער. דאָס איז געווען דער אַלאַרם־סיגנאַל צום אויפשטאַנד. די גאַסן זענען פול געוואָרן מיט מענטשן, וואָס זענען געלאָפן אין אַלע ריכטונגען, כדי שנעל אָנצוקומען אין זייערע הייזער. אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן מיר געזען פון דעם הויז אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ 118 זיך דערנעענטערן אויטאָס פון דער ווערמאַכט און איין אויטאָ פון ס״ס. ווען די זעלנער, אָנגעטאָן אין שטאָלענע העלמען, זענען אויסגעשטיגן פון די אויטאָס, זענען אויף זיי געוואָרפן געוואָרן האַנט־גראַנאַטן און מאָלאָטאָוו־פלעשער. זיי זענען געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוציִען, איבערלאָזנדיק אַ סך געפאַלענע.

די ערשטע טעג פון אויפשטאַנד האָבן די אויפשטענדלער געהאַט קענ־טיקע נצחונות. די דייטשן זענען געווען איבערראַשט. דאָס התלהבות פון דער פּוילישער באַפעלקערונג איז געווען גרויס. מ׳האָט געקאָנט זען קינ־דער און שילערינס אויף די גאַסן ביי דער פאַרבינדונג־דינסט און אויך אויף די באַריקאַדן. ס׳האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, וואָס זייער וואָרהייט האָט זיך נישט באַשטעטיקט, אַז די רויטע אַרמיי גייט פאָרויס און וועט אינגיכן אַריין קיין וואַרשע. אָבער נאָך דעם ווי ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז די קלאַנגען האָבן זיך נישט באַשטעטיקט, און דאָס רויטע מיליטער קומט נישט, זענען די דייטשן געוואָרן ענערגישער, האָבן געבראַכט נייע דיוויזיעס און באָמבאַרדירט פון אַ פּאַנצערצוג, וועלכער האָט זיך געפונען אויפן הויפּט־וואָקזאַל, די גאַסן פון דער געגנט. איין עראָפּלאַן האָט באָמבאַרדירט יעדעס הויז און יעדער גאַס. פּאַנצער־אויטאָס, מיטן נאָמען „טיגריס״ און „גלית״, האָבן פולשטענדיק צעשטערט די הייזער. די פּוילישע באַפעלקע־רונג האָט פאַרלוירן דעם מוט. ס׳האָט אָנגעהויבן הערשן אַ הונגער. ס׳האָט אויסגעפעלט ליכט און וואַסער. די אויסגעגראָבענע ברונעמער האָבן קוים געקלעקט פאַרן געברויך פון די שפּיטעלער.

איך בין עטלעכע מאָל געלעגן פאַרשיט מיטן גרוז פון איינגעפאַלענע הייזער און בין בלויז בדרך־נס ניצול געוואָרן מיט נאָך עטלעכע בר־מזלס.

די לאַגע איז ערגער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. די האָפענונג געהאָלפן צו ווערן דורך די אַליאירטע, וועלכע איז איין אָנהייב אויפגעבלאָזן געוואָרן, איז שנעל צערונען. די סאָוועטן, וועלכע זענען פריִער געשטאַנען אויף יע־נער זייט ווייסל, האָבן זיך צוריקגעצויגן. טאָג־טעגלעך האָבן די דייטשן צוריק פאַרנומען קוואַרטאַלן און גאַסן. אַ סך זענען אַריבער צו די דייטשן. דאָס הייפל ייִדן איז געוואָרן פאַרצווייפלט, וויסנדיק וואָס ס׳דערוואַרט זיי איצטער. אין מיטן חודש סעפּטעמבער האָבן די רוסן זיך צוריקגעקערט צו דער מזרח־טייל פון דער שטאָט, צו פּראַגע, און דעמאָלט האָט ווידער אויפגעפלאַמט די האָפענונג. אָבער די אונטערהאַנדלונגען, וואָס זענען גע־פירט געוואָרן צווישן די אויפשטאַנד־פירער און דעם קאָמענדאַנט פון דער רויטער אַרמיי, זענען דורכגעפאַלן צוליב מאָטיוון, וואָס וועלן ווייטער אויפ־געקלערט ווערן. אין עטלעכע טעג אַרום זענען אויך די סאַמע אָפּטימיס־

טישע מענטשן געווען געצוווּנגען מודה צו זיין אין דער מפלה. אַ סך ייִדן און קאָמוניסטן האָבן געפּרוּווט אַריבער די ווייסל און זיך פאַראייניקן מיט די רוסן, אָבער נאָר ווייניק פון זיי האָט צוגעשפּילט דאָס מזל, ווייל די דייטשן האָבן באַזעצט דעם מערבדיקן ברעג.

גלייך נאָכן דורכפאַל פון דעם אויפשטאַנד האָט מען געקאָנט הערן פון פּאָליאַקן די מיינונג, אַז די סיבה פון דעם דורכפאַל שטעקט אין דער פּוילישער טראַדיציע. פון דער פּוילישער געשיכטע קאָן מען לערנען, אַז אַלע פּוילישע אויפשטאַנדן זענען דורכגעפאַלן. פאַריז איז אויפגעשטאַנען קעגן די דייטשישע אונטערדריקער, ווען די אַליִערטע זענען געשטאַנען פערציק קילאָמעטער פון דער הויפּטשטאָט. אויך אין פּראַג איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד, ווען די רוסן און אַמעריקאַנער זענען געשטאַנען אויף אַ מרחק פון פופציק קילאָמעטער. פון דעסט וועגן האָבן זיך דיביידע אויפשטאַנדן איינגעגעבן. דאַקעגן איז דורכגעפאַלן דער פּוילישער אויפשטאַנד, וועלכער איז אויסגעבראָכן אין אַ גינסטיקן מאָמענט, ווען דאָס דייטשישע מיליטער, די דייטשישע ציווילע פאַרוואַלטונג און באַפעלקערונג האָבן פאַרלאָזט די הויפּטשטאָט, און דער דייטשישער פראָנט איז זיך צעפאַלן אונטערן דרוק פון די רוסן ביי דער ווייסל.

די שטאָט איז צעשטערט געוואָרן ביז צום גרונט, און די פאַרלוסטן אין מענטשן האָט דערגרייכט ביז אַ 300 נפשות. די סיבה פון דער מפלה האָט געשטעקט אין די צייטן פון פאַר דער מלחמה, אין דער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1935, וואָס אירע פאַרפאַסער און שעפער זענען געווען צווישן די פאַרלייגער פון דעם פּוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין בערעזאַ קאַר־טוזקאַ.

מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט, זענען די הערשנדיקע קרייזן אין פּוילן שטאַרק באַצויבערט געוואָרן פון דעם פאַשיזם. די רעגירונגס־פּאַרטייען האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו פאַרוואַנדלען פּוילן אין אַ טאָטאַליטאַרע מלוכה. לויט דער נייער קאָנסטיטוציע איז דער פּרעזידענט אויסגעווײלט געוואָרן דורכן פאָלק, נישט אוממיטלבאַר, נאָר דורך ספּע־ציעלע עלעקטאָרן. אין סענאַט האָבן געהאַט דאָס רעכט צו ווילן און אויס־געווײלט צו ווערן נאָר אַדללייט, אַקאַדעמיקער און מיטגלידער פון די רע־

גירונגס־פּאַרטייען. דער אָפּטרעטנדיקער פּרעזידענט האָט באַשטימט די קאַנדידאַטן פֿאַר פּרעזידענט. אַלע געזעצן וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אין סיים און סענאַט האָבן געקאָנט בטל ווערן דורכן פּרעזידענט, וועלכער האָט געהאַט וועטאָ־רעכט. דער פּרעזידענט האָט געקאָנט שליסן די קאַמערן ווען נאָר ער האָט געוואָלט, נישט אָנגעבנדיק אַפילו קיין מאָטיוו. און דער פּרעזידענט האָט געקאָנט, נאָכן שליסן די קאַמערן, אַרויסגעבן פֿאַר־פֿליכטנדיקע געזעצן. דאָס אַלץ האָט צוגעגרייט אַ באָדן פֿאַר אַ דיקטאַטאָ־רישער רעגירונג, ווי ס׳איז געווען אין דייטשלאַנד און אין איטאַליע. פּוילן האָט זיך נאָכגעשלעפּט היטלערן. נישט נאָר וואָס ס׳זענען באַשטעטיקט גע־וואָרן אַנטיסעמיטישע געזעצן, און די צאָל פּאַרלאַמענטאַרישע פֿאַר־שטייער פֿון די ייִדישע און פֿון די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן איז רעדוצירט געוואָרן ביז אַ מינימום, אויפֿן יסוד פֿון אַ ספּעציעלער וואַל־אָרדינאַציע און דורך שאַפֿן נייע קינסטלעכע וואַל־קרייזן, נאָר אויך אויפֿן אינטערנאַציאָנאַלן געביט איז פּוילן צוגעשטאַנען צום פֿאַשיסטישן צד. פּוילנס שטעלן זיך אויף דער זייט פֿון דייטשלאַנד, וועלכע האָט געפֿאָדערט אַן ענדערונג אינעם ווערסאַלער טראַקטאַט, איז געווען זייער אומפֿאַרשטענדלעך, ווייל פּוילן איז דאָך אויפֿגעשטעלט גע־וואָרן אַ דאַנק דעם דאָזיקן טראַקטאַט. ס׳איז כדאי צו דערמאָנען די רעדעס פֿון פּוילישן אויסערן־מיניסטער, בעק, אין זשענעווע קעגן דער קלאַוזול צום שוץ פֿון די מינדערהייטן און די קאָלאָניעס. ווען איך פּלעג זיך דער־מאָנען ווי אין פּוילן איז געגרינדעט געוואָרן די „ים־און־קאָלאָניעס־ליגע״, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַלע שטעט מיט רעש און פּאָמפּע, און באַזונדערס אין דאַנציק און גדיניע, פּלעג איך זיך נישט קענען אָפּהאַלטן פֿון געלעכטער. די דאָזיקע ליגע האָט געלאָזט מאַרשירן איבער די גאַסן פֿון שטעט לאַסט־וועגענער באַלאָדענע מיט עקזאָטישע פּלאַנצן, ווי: פּאַלמען, פֿיגוסן און קאַקטוסן, באַגלייטע דורך מענטשן אָפּגעשוואַרצטע, וועלכע האָבן באַדאַרפֿט פֿאָרשטעלן נעגערס. אויף די שילדן איז געווען אויסגעמאָלט די לאָזונג: „מיר ווילן קאָלאָניעס!״.

דער אַנטיסעמיטישער קורס, וואָס איז געוואָרן אַן אָפֿיציעלער, נאָך דער היסטאָרישער רעדע פֿון מיניסטער סקלאַדקאָווסקי, וועלכער האָט גע־

וואָרפן די לאָזונג: „וּוירטשאַפטלעכער באָיקאָט און קאַמף קעגן די ייִדן" — האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם. די באַקאַנטע געזעצן קעגן כשרער שחיטה (פּריסטעראָוואַ, טשעטשיאַק), דער „נומערוס קלאַוזוס און נומערוס נולוס", וועלכע זענען איינגעפירט געוואָרן אין די אוניווערסיטעטן, אין די מלוכהשע מיטלשולן און פאַכשולן, זענען געווען די פאָרלויפער פון דאָזיקן קורס, וועלכער האָט זיך אַלץ מער אויס־קריסטאַליזירט. דער פלירט מיט היטלערן האָט זיך אויסגעדריקט נישט נאָר אין גערינגס באַזוך אין פוילן (דאָס געיעג אין ביאַלאָוויעזש) און בעקס באַזוך אין בערלין און בערטעכסגאַדען, נאָר זיך אויך אָנפּגעפּילט אויף אַלע לעבנס־געביטן, די פּאָליטישע, ווירטשאַפטלעכע און גייסטיקע.

ס׳וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ צו שילדערן די מעטאָדן און וועגן, וועלכע מ׳האָט באַנוצט אויף צו פאַרסמען די געזעלשאַפטלעכע מיינונג און צו מאַכן די געזעלשאַפט פאַר היטלערס אַ סימפּאַטיקערין. ס׳וועט געניג זיין צו דערמאָנען, אַז פוילן, וועלכע איז געווען היינטערשטעליק און צוריק־געשטאַנען אין גייסטיקן און ווירטשאַפטלעכן זין צום ווינציקסטן אויף פופ־ציק יאָר, האָט זיך פאַרנומען ענלעך צו דייטשלאַנד, נישט מיט בויען היי־זער און באַנען, מיט לייגן שאָסייען, מיט הייבן דעם ווירטשאַפטלעכן ניוואָ, מיט העכערן די בילדונג פון דער באַפעלקערונג, נאָר מיט דעם ייִדישן פּראָ־בלעם, ווי ער וואָלט זיין דער ברענענדיקסטער. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם איז געוואָרן געפּלעגט און אויפגעבלאָזן אין גייסט פון די נאַציס און אין נאָכ־מאַלפעווען אים. באָיקאָטן און פּיקעטן ביי די טירן פון ייִדישע געוועלבער, שלאָגן ייִדישע סטודענטן, אַרויסוואַרפן ייִדישע רייזנדע פון די צוגן, אָנ־פאַלן אויף ייִדישע פאַרבייגייער און דאָס גלייכן, — דאָס אַלץ האָט געבילדעט דעם אינהאַלט פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פוילן ערב דער מלחמה. ווען נישט היטלער, וועלכער האָט ביים אויסברוך פון דער מלחמה אויפ־געדעקט זיינע פּלענער, וואָלט פוילן באַרימט געוואָרן ווי אַ פּיאָנערין מיט איר „קעמפנדיקן אַנטיסעמיטיזם".

די אַלע זאַכן זענען געטאָן געוואָרן מיטן וויסן און דער איינשטימיקייט פונעם פּרעזידענט, וואָס לויט זיין פאַרגאַנגענהייט און פּאָזיציע אויפן ווי־סנשאַפטלעכן געביט האָט מען אים באַדאַרפט האַלטן פאַר אַ דעמאָקראַט.

עטלעכע טעג נאָכן מלחמה־אויסברוך, בעת דער מפּלה, זענען די „מעכטיקע״ אַנטלאָפן קיין רומעניע און מיט זיי אַלע רעגירונגס־מיטגלידער מיטן פּרע־זידענט בראש און אַ סך פּאָליטיקער פון די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטייען.

ווייניק מענטשן ווייסן עס אויף וואָס פאַר אַן אופן און דורך אַ וועלכן „מלוכה־אַקט״ דער נייער מלוכה־פּרעזידענט, ראַטשקעוויטש, האָט געירשנט דעם פריִערדיקן פּרעזידענט, פּראָפעסאָר מאָשטשיצקי, און פאַרוואָס מאָש־טשיצקי האָט זיך נישט אַריבערגעטראָגן קיין לאָנדאָן. צי דאָס האָט עס אַ „פּוטש״ אָדער צוויי באַוויזן דעם אַלטן פּראָפעסאָר פון דער ציריכער טעכ־נישער הויכשול מוותר צו זיין לטובת ראַטשקעוויטשן, — דאָס איז אַ ניש־טיקער ענין. אויף יעדן פאַל איז דער דאָזיקער „געזעצלעכער אַקט״ נישט דערמאָנט געוואָרן אין דער קאָנסטיטוציע, אַפילו נישט אין דער פון יאָר 1935.

אויף אַזאַ אופן האָבן די רעאַקציאָנערע עלעמענטן, וועלכע זענען אין גייסט געווען נאָענט צו די היטלער־לייט, איבערגענומען די פּאָליטישע מאַכט.

דער פאַקט וואָס די דאָזיקע „רעגירונג״ אין לאָנדאָן האָט נישט רעאַ־גירט אויף דער אויסראָטונג פון מיליאָנען פּוילישע בירגער און אויף די פיל שוידערלעכע מאָרד־טאַטן, און דאַקעגן מרעיש־עולם געווען צוליב די קלאַנגען וועגן אויסמאָרדן 8.000 מלחמה־געפאַנגענע אין קאַטין, קלאַנגען פאַרשפּרייטע דורך דער דייטשישער פּראָפּאַגאַנדע, צוליב אַ געוויסן פּאָ־ליטישן צוועק, איז נישט געווען קיין צופאַל אָדער מחמת נאַכלאַזיקייט. דאָס בלינדע קריכן אין די טריט פון דער דייטשישער פּראָפּאַגאַנדע איז געווען אַ שטערונג צו די באַציִונגען צווישן פּוילן און ראַטנפאַרבאַנד. די רעאַק־ציאָנערע פּוילישע פּאָליטיקער האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן זיין אימשטאַנד זיך צו פאַרמעסטן מיטן רוסישן ריז, דעם פאַרבינדעטן פון די ענגלענדער און אַמעריקאַנער, און געהאָפט אויף דערפאָלג. אין די מוחות פון די דאָזיקע פּאָליטיקער האָבן נאָך אויפגעפינקלט זכרונות וועגן „דעם נס ביי דער ווייסל״ אין יאָר 1920.

די פּוילישע פּאָליטיק איז תמיד געווען מער אַ פאַנטאַסטישע איידער אַ רעאַלע, אָבער די פּאָליטיק פון דער רעגירונג אין לאָנדאָן האָט צו זיך

קיין גלייכן נישט. אויך די סיבה פון דעם קאָנפליקט אַרום סאָסנקאָווסקין האָט געשטעקט אין דעם איגנאָרירן יעדע רעאַל־פּאָליטיק. מאָסקווע האָט, ווי באַוווסט, געפאָדערט, אַז אין דער שפּיץ פון דעם מיליטער וואָס קעמפט אויף דער זייט פון די אַליאירטע זאָל נישט געשטעלט ווערן קיין מענטש, וועלכער האָט איינגעזעצן דעם צוועק פון זיין לעבן אין קאַמף קעגן אייניקע פון די אַליאירטע. די דאָזיקע פאָדערונג פון מאָסקווע איז אונטערגעשטיצט געוואָרן דורך ענגלאַנד און אַמעריקע. אָבער אויך נאָך דעם ווי דער פּוי־לישער נאַציאָנאַל־ראַט האָט איינשטימיק געפאָדערט סאָסנקאָווסקיס דע־מיסיע, האָט זיך דער פּרעזידענט באַנוצט מיט זיין וועטאָ־רעכט און נישט אָנערקענט דעם באַשלוס. און נאָר אַ פאַרשטאַרקטער דרוק מצד טשוירטשילן און אידענען האָבן באַוויזן ראַטשקעוויטשן מבטל צו זיין זיין פּערזענלעכן באַשלוס און געבן דעמיסיע דעם גענעראַל.

דער פּוילישער אויפשטאַנד אין וואַרשע איז אויסגעפאַלן אין סאַמע ברען פון יענעם קאָנפליקט, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן די מלוכות. ווי אויבן איז דערמאָנט געוואָרן, איז דער מיליטערישער מצב אויף די פראָנטן און די פּאָליטישע לאַגע אין וואַרשע געווען שטאַרק גינסטיק פאַר די אויפ־שטענדלער, מען האָט אָבער באַדאַרפט אַרויסהייבן די רויטע אַרמיי פאַר דעם ערשטן פאַקטאָר אין דעם פּראָצעס פון דער באַפרייונג פון פּוילן. די באַ־פעלקערונג האָט אויפגענומען דעם אויפשטאַנד מיט התלהבות נאָר דער־פאַר וואָס זי איז געווען זיכער און איבערצייגט, אַז די רויטע אַרמיי שטייט פאַר די טויערן פון וואַרשע און וועט אין אַ צוויי־דריי טאָג אַרום אַריינ־מאַרשירן. ווען עמעץ וואָלט געוווען פּאָרויסזאָגן, אַז דער אויפשטאַנד וועט דויערן ניין וואָכן, וואָלט מען אים געהאַלטן פאַר אַ משוגענעם. און ס׳איז באמת געווען אַ משוגעת צו טראַכטן, אַז ס׳איז מעגלעך צו שלאָגן אַזאַ שטאַרקן און אכזריותדיקן שונא אָן הילף פון דרויסן, בלויז מיט די אויפ־שטענדלערישע כוחות, וואָס האָבן זיך צופעליק צונויפגעזאַמלט, אומדיס־ציפּלינירטע, נישט־געשולטע און נישט־באַוואָפנטע ווי ס׳געהער צו זיין.

גלייך אין די ערשטע טעג פון אויפשטאַנד זענען דערשינען עטלעכע צייטונגען און געשאַפן געוואָרן עטלעכע פּאַרטייען, וואָס יעדע איינע האָט געטענהט, אַז איר געהערט די בכורה אין אַרויסרופן דעם אויפשטאַנד. עס

זענען געווען עטלעכע אַרמייען: א. ק. (אַרמיאַ קראַיאָוואַ -- לאַנד־אַרמיי) און פּ. א. ל. (פּאָלסקאַ אַרמיאַ לודאָוואַ — פּוילישע לאַנדס־אַרמיי), ס׳זענען געווען פאַרשיידענע פּאָליציי־אײנהייטן; ק. ב. (קאָרפּוס בעזפּיעטשענסטוואַ — פאַרזיכערונג־קאָרפּוס) און פּ. ק. ב. (פּאָלסקי קאָרפּוס בעזפּיעטשענסטוואַ — פּוילישער פאַרזיכערונג־קאָרפּוס), — די אַלע האָבן זיך איינאַנדער באַקעמפט, אויך איינאַנדער זיך אַנטוואָפנט. די פּאַרטייען האָבן געדרוקט פּראָקלאַמאַציעס און פלוגבלעטלעך, אין וועלכע די פּאָלקס־מאַסן אין דער הויפּט־שטאָט זענען געוואָרן אויפגעפאָדערט זיך נישט צו באַציִען מיט סימפּאַטיע צו דער רויטער אַרמיי, אויב זי וועט אַריינקומען. די באַפעלקערונג איז אויפגעפאָדערט געוואָרן נישט צו באַצירן די הייזער און באַלקאָנען און נישט אַרויסהענגען קיין פענער. דאָס פאָלק איז אויפגעפאָדערט געוואָרן זיך צו דערמאָנען די קרבנות פון קאַטין און באַטראַכטן די אַריינקומענדיקע רוסן פאַר אָקופּאַנטן, מיט וועלכע מען מוז שלום מאַכן ביז דער צאַרן וועט אַריבער.

צווישן די אַכצן פּונקטן, וואָס זענען אַריין אין דעם אויפרוף פון די פּאַרטייען, וועלכע האָבן געבילדעט די לאָנדאָנער רעגירונג, איז געווען געזאָגט, אַז אין לובלינער קאָמיטעט זיצן בלויז קאָמוניסטן און יידן, וועלכע ווילן ווידער פאַרהאַנדלען דאָס לאַנד צו די יידן. ווי אַ ביישפּיל איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז אין קאָמיטעט געפינען זיך דער ציוניסט, דער אַלטער מיטגליד פון סיים, ד״ר עמיל זאָמערשטיין אַלס קאָמיסאַר פאַר קריגס־אַנטשעדיקונג און דער פירער פון דער פּ. פּ. ס. (די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי) ד״ר דראָבנער, וועלכער איז אַליין, וואָס אַן אמת נישט קיין ייִד, שטאַמט אָבער פון ייִדן, און פאַרנעמט אויך אַ שליסל־פּאָזיציע. אויך דער פּראָפּאַגאַנדע־אַמט פון דער נ. ס. ד. פּ. האָט באַוויליקט דעם דאָזיקן אויפרוף. די ייִדן וועלכע האָבן זיך נאָך געפונען אין דער „פּאַוויאַק״־תּפיסה און זענען באַפרייט געוואָרן (331 מאַן), און אַנדערע וועלכע האָבן זיך אונטערגעאיילט זיך צו אידענטיפיצידן ווי אַקטיוו־באַטייליקטע אין די גאַסן און באַריקאַדן־קאַמפן, זענען באַגעגנט געוואָרן מיט ספּעציעלע שיקאַנעס מצד מיליטער־איינהייטן. שפּאָטישע צורופן, ווי: „משה, יונה, איציק, ייִדישער חזיר״ אאַז״וו, האָט מען געהערט ווי נעכטן־אייערנעכטן, גלייך ווי גאָרנישט נישט וואָלט אין דער צווישנצייט געשען.

דער צעפאַלונגס־פּראָצעס האָט געשפּאַנט מיט ריזנטריט שוין עטלעכע טעג נאָכן „דערגרייכן די פרייהייט". אַרעסטן, געריכטן, פּאָליציי־פאַרפּאַל־גונגען, פּראָוואָקאַציעס, — דאָס זענען געווען די שטענדיקע פּאַראַגראַפן אינעם סדר־היום. יעדער איינער האָט געשטרעבט זיך אַרויסצורוקן אין דעם קליינעם באַפרייטן געביט, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט בלויז ווייניק גאַסן, און דאָס — נישט אָנצושטרענגען זיך, נישט צו ברענגען קיין קרבן, און אָן מעשים און אָן פעיקייטן.

איינער אַן אָפיציר, וועלכן כ'האָב באַקענט אין דער צייט פון אויפ־שטאַנד און וועלכער האָט זיך אָפיציעל פאַרנומען (ער האָט געהאַט אַ שריפטלעכן באַפעל פון דער הויפּט־קאָמענדאַטור) מיט רעקוויזיציעס פאַרן מיליטער, האָט פּאַקטיש באַרויבט קעלערס, מאַגאַזינען און וווינונגען, גע־גנבעט חפצים, וואָס פון מיליטערישן שטאַנדפּונקט האָבן זיי קיין שום באַ־דייט נישט, און באַקומען פאַר דעם בראָנפן. נאָך דער קאַפּיטולאַציע האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער וועט נישט גיין אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן, ווייל ער איז קיינמאָל קיין אָפיציר נישט געווען. ער האָט זיך געקליבן צו פאַרלאָזן די שטאָט ווי אַ ציווילער.

אַזעלכע „אָפיצירן" האָבן זיך אין דער צייט פון אויפשטאַנד געפונען אַ סך אין וואַרשע. די דאָזיקע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען אויסשליסלעך מיט רויב און זויפעריי, האָבן פאַרסמט די גאַנצע אויפשטאַנד־באַוועגונג. די פיל פּאָליטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן זיך קעגנזייטיק באַ־קעמפט, גלייך זיי וואָלטן טעטיק זיין אין צייטן פון שלום און רו, האָבן דעמאָראַליזירט און געהעמט די ערנסטע כוחות, אויף וויפל אַזעלכע זענען געווען.

אין דעם הויז, אין וועלכן איך האָב זיך אויפגעהאַלטן בעתן אויסברוך פון אויפשטאַנד, האָט איינער אַ פּאָליאַק, מיטן נאָמען פּוידאַק, געפירט אַ געשעפט פון מאַשינען, וואָס האָט פריער געהערט צו אַ ייִדן, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן. דער דאָזיקער פאַרשוין איז שוין דעם ערשטן אָוונט פון אויפשטאַנד געווען דער קאָמענדאַנט פון דעם הייזער־בלאָק און האָט געפאָרשט אַלע מענטשן וואָס האָבן זיך געפונען אין הויז. אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָט ער פריי פאַרקערט מיט דער געס־

טאַפּאָ און אַ דאַנק זיינע אויסגעצייכנטע פאַרהעלטענישן מיט די נאַציס זיך דערוואָרבן אַ געוועלב אין דער הויפּט־גאַס און אַ וווינונג אויפן ערשטן שטאָק אין דעם הויז.

ווען ער האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן מיין לעבן ביז היינט, האָב איך געפילט, אַז ער באַציט זיך צו מיר מיט שנאה. אין עטלעכע טעג אַרום בין איך געוואָרן אַרעסטירט אָן אַ מאָטיוו און אָפּגעשלאָסן אין אַ קליין צימערל, וואָס איז פריער געווען אַ וואַנע־צימער, מיט נאָך אַכט מענטשן. דאָס צי־מערל איז געווען אויפן 6סטן שטאָק פון אַ ריזיק הויז אויף זלאָטע־גאַס, און ס'איז דערין נישט געווען נישט קיין וואַסער, נישט קיין קלאָזעט אָדער פּלאַץ צו זיצן. נישט געקוקט דערויף וואָס דייטשישע פּילאָטן האָבן טאָג־טעגלעך און יעדע שעה געבאָמבאַרדירט די גאַס, זענען מיר נישט באַפרייט געוואָרן פון אונדזער אַרעסט אויף דעם דאָזיקן הויכן שטאָק, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ גרויסער סכנה, און מ'האָט אונדז נישט אַראָפּגעלאָזט אויפן פּאַרטער.

אויפן פערטן טאָג פון מיין אַרעסט בין איך געבראַכט געוואָרן אויף אַן אויספאָרשונג צו אַ פּראָקוראַטאָר, וועלכער האָט געטראָגן דעם פּסעוו־דאָנים „לייטענאַנט זיגמונט". דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פּוידאַק האָט מיך געמסרט, אַז איך בין אַ פאַרמאַסקירטער ייִד און האָב נישט קיין עכטע דאָקומענטן. איך האָב אים דערקלערט, אַז מיין קענקאַרטע איז אַן עכטע און געפרעגט, צי מען האָט בדעה ווידער צו שאַפן אַ ייִדן־פראַגע אין פּוילן. ער האָט מיר געענטפערט מיט די ווערטער: „צייטווייליק דולדן מיר עס, אָבער מירן נישט דערלאָזן אַז פּוילן זאָל ווידער זיין אַ ייִדישע". אויס־הערנדיק דעם דאָזיקן אורטייל, האָב איך געהאַלטן פאַר געוווּנטשענער צו שפּילן אַן אַריער אויך אין דעם „פרייען און דעמאָקראַטישן" פּוילן, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דורך די אויפשטענדלער.

צווישן מיינע אַרעסט־קאָלעגן זענען געווען פיר, וועלכע זענען אַרעס־טירט געוואָרן צוליב אַן ענלעכע „באַשולדיקונג".

מיר האָבן געמוזט אַרויפטראָגן וואַסער פון קעלער אויפן זעקסטן שטאָק פאַר די זעלנער, קאַפּראַלן, פעלדפעבלס און זייערע ווייבער, וועלכע האָבן אין אַ קורצער צייט פאַרנומען די שיינע וווינונגען. הינטער אונדז

זענען געגאַנגען צוויי פּערצן־יעריקע קונדסים באַוואָפנטע מיט הייס געווער און גומי־שטעקנס. מיר האָבן געמוזט בויען בונקערס אויף די געפּערלעכ־סטע ערטער אויף דער גאַס, און אונדזערע וועכטער זענען געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז צו די פּיס. מיר האָבן דאָ געאַרבעט אויף אַ שאָס־אָפּשטאַנד פון די דייטשישע פּאַנצער־אויטאָס, פלאַמענוואַרפער און קוילנוואַרפער.

נאָך צוועלף טעג זענען מיר אַריבערגעפירט געוואָרן ווי אַרעסטאַנטן אונטער אַ שטרענגער וואַך, אונטער רוישיקע זידלערייען מצד די צוקוקער פון גאַס, צום „צענטן קאָמיסאַריאַט" אויף פּשעסקאָק־גאַס. דאָ בין איך איינ־געשפּאַרט געוואָרן, מיט נאָך צוויי און דרייסיק אַרעסטאַנטן, אין אַ שמוציקער צעלע פון 3×5 מעטער, ווו ס'איז נישט מעגלעך געווען זיך אַנידערצוזעצן. דער לייטער פון דעם קאָמיסאַריאַט איז דאָ געווען אַ געוויסער זאַוואַדסקי. דער דאָזיקער פּאַרשוין האָט געאַרבעט בעתן מלחמה־אויסברוך אין דער פּאָליציי אין פּויזן. פון דאָרט איז ער אַנטלאָפן קיין לעמבערג, האָט זיך אַריינבאַקומען אין דער סאָוועטישער מיליץ, ווו ער האָט געדינט ביז די דייטשן זענען אַריין. דערנאָך איז ער אַנטלאָפן קיין וואַרשע און פרייוויליק אַריינגעטראָטן אין דער „גראַנאַטענער פּאָליציי" (פּוילישע פּאָליציי, וועלכע האָט געדינט די דייטשן און דער געסטאַפּאָ). דאָ האָט ער דריי יאָר געטאָן אַלץ וואָס ער איז אימשטאַנד געווען פאַרן אויסראָטן די ייִדן. ביים אָנהייב פון פּוילישן אויפשטאַנד האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ „מענטש פון דעם אונטערערד" און דער אויפשטאַנד־באַוועגונג. ער איז נאָמינירט געוואָרן פאַר דעם לייטער פון „צענטן קאָמיסאַריאַט", נאָך דעם ווי ער האָט געהאָלפן דער דייטשישער פּאָליציי פּאַרטיידיקן דעם דאָזיקן קאָמיסאַריאַט קעגן די אויפשטענדלער. ווען איך האָב אים געזאָגט אין אויפרעגונג, אַז מיר זענען באַקאַנט זיינע מעשים ביז היינט, האָט ער מיך אַרויסגעשטעלט פון דער צעלע אין אַ גרויסן האָל און געגעבן דרייסיק שמיץ מיט אַ גומי־שטעקן אַזוי, אַז מיין גאַנצער קערפּער איז עטלעכע וואָכן געווען ברוין־און־בלוי. היכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן פון דעם אויפשטאַנד, וועלכע זענען ביי־געווען בעת מיין עקזעקוציע, האָבן געקוקט דערויף מיט פאַרגעניגן און גאָרנישט זאָגנדיק.

אַ דאַנק אַ געוויסער אינטערווענץ לטובת מיר, בין איך אין 8 טעג אַרום

Odpis

Prokurator
Sądu Karnego Specjalnego
dn. 27.VIII.44r.
Nr. Zn.99/44

Do
Więzienia X. Komisar. PKB.
w Warszawie

Nr. K. D. 201/1944 r.

NAKAZ ZWOLNIENIA

Polecam zwolnić aresztanta:
1/ Imię i nazwisko...[illegible]
2/ Data urodzenia....24.I.1894 r.......
3/ Miejsce urodzenia...[illegible]
4/ Miejsce zamieszkania...[illegible]
osadzonego w tutejszym więzieniu.
Powody zwolnienia.................................

Prokurator
Sądu Karnego Specjalnego
w Warszawie
/podpis/

m.p.
Prokurator Sądu Karnego
Specjalnego w Warszawie

Zgodnie z oryginałem
[illegible]

Dyżurny podoficer
X Komisariatu P.K.B.

באַפעל פון דעם פּראָקוראָר פון דעם ספּעציעלן שטראָף־געריכט צו באַפרייען דעם מחבר

באַפרייט געוואָרן. גלייך נאָך מיין באַפרייט ווערן איז באַמבאַרדירט געוואָרן דאָס הויז אין וועלכן איך האָב זיך אויפגעהאַלטן, און איך בין געבליבן אין דעם קעלער פון דעם חרוב־געוואָרענעם הויז. ס'זענען געווען אַ סך הרוגים אין דאָזיקן צעשטערט־געוואָרענעם קעלער, נאָר איך און טאָבאָ־ליעווסקא זענען געראַטעוועט געוואָרן. מיר זענען אַנטלאָפן פון דער דאָזי־קער געפערלעכער זאָנע. אַלע הייזער פון דער הויפּט־גאַס זענען אַוועק מיטן פייער. אין די גאַסן און קעלערן האָט מען געזען בלויז שיכורע זעלנער מיט זייערע „געהילפינס", וועלכע האָבן געפּראַוועט הוליאַנקעס. מיט גרויס מי זענען מיר אָנגעקומען פאַרנאַכט אין אַ קעלער פון אונדזערער אַ באַקאַנ־טער פאַמיליע אויף כמעלניע־גאַס. הגם אויך זי איז געווען אַרומגערינגלט מיט פלאַמען, און די דייטשן האָבן זיך דערנעענטערט צו איר, האָבן מיר געהאָפט אויפצוהאַלטן זיך דאָ די נאַכט. דאָס צימער און דער קעלער זע־נען געווען פאַרנומען פון די זעלנער און די „געהילפינס". יעדער איינער פון די דאָזיקע באַוואָפנטע לייט האָט געהאַט זעק און קאַסטנס פול מיט מעל, ווורשט, בראַנפן, וויינען, פּאַפּיראָסן און קאָנסערוון, און זיי זענען געווען שיכור ביז צום פאַרלירן דאָס באַוווסטזיין.

ס'זענען נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזויפיל שיכורים אין דער דאָזיקער שטאָט.

אין פולשטענדיקן קעגנזאַץ צו דער פרעסעריי און זויפעריי פון די „אויפשטענדלער", האָט די באַפעלקערונג געליטן הונגער אין פולן זין פון דעם וואָרט. ווער ס'האָט געהאַט די זכיה צו באַקומען אַ הונט, אַ קאַץ אָדער אַ ביין פון אַ געפּגרט פערד, האָט דערמיט געשטילט זיין הונגער. מ'האָט באַדאַרפט דורכגיין אַ סך פינצטערע קעלערס און שטיין צען און מער שעה אין דער ריי, כדי אָנצושעפּן אַן עמער וואַסער. ביז דער מענטש האָט זיך מיט אַזאַ עמער אומגעקערט צו זיך אַהיים, איז שוין אין דעם פאַרבליבן נישט מער ווי אַ העלפט אָדער אַ דריטל וואַסער. די דאָזיקע פּאָרציע — פאַר דעם גאַנצן הויז צום קאָכן, וואַשן זיך און טרינקען. לעבנס־מיטלען האָט מען געקאָנט קריגן ביי די אויפשטענדלער און זייערע אַגענטן נאָר פאַר טאַבאַק, פּאַפּיראָסן און בראָנפן. ווער ס'האָט נישט פאַרמאָגט די דאָזיקע זאַכן, איז געצווונגען געווען צו הונגערן.

ווי אַ ליכטיקער שטראַל אין דער פינצטערניש האָט מיך געטראָפן די ידיעה, אַז מען קאָן ברענגען גערשטן פון דער ברויעריי „האַבערבוש און שיעלע״, וואָס איז אָפּגעברענט געוואָרן, אַ מרחק פון אַכט קילאָמעטער, פאַר די שפּיטאָלן, און אַז די טרעגער וועלן פאַר דער אַרבעט באַקומען צוואַנציק־דרייסיק פּראָצענט פון דעם געבראַכטן. אַ גרופּע פון פערציק מענטשן האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַהין, און איך צווישן זיי. דער וועג איז געווען אַ שווערער און געפערלעכער. דריי פערטל וועג האָט געפירט דורך דער אונטערערדישער קאַנאַליזאַציע, און דאָס לעצטע פערטל איז געווען אויף אַ שאָס־אָפּשטאַנד אונטערן פייער פון דער דייטשישער אַרטילעריע. אַ סך פון די טרעגער זענען געטראָפן געוואָרן פון די קוילן און געבליבן ליגן אויפן וועג. אויפן אָרט ווו מ׳האָט באַקומען די גערשטן האָט מען נישט געטאָרט הויך רעדן, ווייל די דייטשן האָבן געהאַט פּאָזיציעס נאָענט פון דעם צעשטערטן הויז. יעדער איינער האָט גענומען מיט זיך אַזויפיל וויפל ער האָט געקאָנט טראָגן ביי די געגעבענע באַדינגונגען, גייענדיק איינגעבויגן אין די אונטערערדישע פינצטערע קאַנאַלן, מיט אַ סך רערן אין זיי.

פאַר מיין טרעגערישער אַרבעט האָב איך באַקומען ניין קילאָגראַם גערשטן. כ׳האָב זיי געמאָלן אין אַ קאַווע־מילעכל און צוגעגרייט פון זיי זופּ און ברויט.

אויסער די דאָזיקע געפערלעכע גענג האָבן מיר נאָך אויך געדאַרפט בויען באַריקאַדן. אַ ריזיקע פאַרבלאָנדזשעטע קויל איז ביינאַכט געפאַלן לעבן מיין בעט. אַ צווייטע האָט פאַרטשעפּעט מיין מאַנטל און אים אויפן אָרט פאַרברענט, אָבער איך בין אַרויס בשלום.

אַ צווייט מאָל האָט מיך פאַרשיט דער גרוז פון אַן איינגעפאַלן הויז אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ־גאַס 52, און איך בין בדרך־נס אַרויס פון דעם קעלער דורכגעזאַפּט מיט גיפטיקע גאַזן און אַמאָניאַק. איך בין דעמאָלט אַריבערגעגאַנגען אין אַ צווייטן קעלער, און דאָ איז דערהאַלטן געוואָרן אַ ידיעה, אַז ס׳איז געקומען צו אַן אויסגלייך מיט די דייטשן, אַז די נישט־קעמפנדיקע באַפעלקערונג, און באַזונדערס קינדער, ווייבער און זקנים, קאָנען פאַרלאָזן די שטאָט, נישט ווערנדיק אָנגעריפן פון זיי. די דאָזיקע ידיעה איז געשטאַנען אין קעגנזאַץ מיט דער פריערדיקער דערפאַרונג, אַז אַלע וואַרשעווער

איינוווינער וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן, זענען פאַררעכנט געוואָרן פאַר אויפשטענדלער און רעוואָלוציאָנערן, און מ׳האָט זיי דערמאָרדעט.

אין קעלער, אין וועלכן מיר האָבן זיך אויפגעהאַלטן, איז אַ סך און הייס וועגן דעם גערעדט געוואָרן. טייל האָבן געגלייבט, אַז די דייטשן וועלן האַלטן דעם דאָזיקן אָפּמאַך, און אַנדערע האָבן געטענהט, אַז די כוונה פון די דייטשן מיטן דאָזיקן צוזאָג איז געווען בלויז קאַליע צו מאַכן די שטי־מונג ביים פאָלק, און מען טאָר צו זיי קיין צוטרוי נישט האָבן. איינער אַן עלטערער בירגער, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין קעלער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע און געהאַט דאָס אויסזען פון אַ באַאַמטן אָדער פאַרמעג־לעכן האַנטווערקער, האָט געזאָגט, אַז ער גלייבט נישט די דייטשן, ווייל היטלער האָט צוגעזאָגט אויסצוראָטן אַלע יידן, און אָט זענען מיר — און רעדנדיק האָט ער געקוקט אויף אונדז ביידע — אַז ער האָט דעם צוזאָג נישט געהאַלטן, און בעתן אויפשטאַנד איז קלאָר געוואָרן, אַז אַ סך יידן זענען נאָך לעבן־געבליבן. אַנדערע האָבן געלאַכט און געזאָגט, אַז זיי אַליין וועלן זיך אַן עצה טאָן מיט די דאָזיקע רעשטלעך.

אין מיטן חודש סעפּטעמבער איז באַוווסט געוואָרן, אַז דער אָנפירער פון אויפשטאַנד, וועלכער האָט פיגורירט אונטערן פסעוודאָנים „גענעראַל באָר", האָט זיך געווענדט וועגן הילף צו די אַליאירטע באַזונדער, און צום ראַטנפאַרבאַנד באַזונדער. ס׳האָבן זיך, אמת, באַוויזן עטלעכע עראָפּלאַנען פון די אַליאירטע איבער וואַרשע, וועלכע האָבן אַראָפּגעוואָרפן אַביסל גע־ווער און אַביסל קליידונג, אָבער ווי אַ מאַניפעסטאַציע פון הילף האָט עס גאָר קיין באַדייטונג נישט געהאַט. און דערפאַר האָט מען געמוזט אָננעמען, אַז די הילף פון די אַליאירטע איז נישט געגעבן געוואָרן צוליב פּאָליטישע טעמים, און די איינצלנע עראָפּלאַנען זענען נישט מער ווי אַ פּריוואַטע עקס־קורסיע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך פּריוואַטע סימפּאַטיקער.

די סאָוועטן האָבן אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז די רויטע אַרמיי איז גרייט צו הילף צו קומען מיט דעם באַדינג, ס׳זאָלן פאַרעפנטלעכט ווערן די אמתע נעמען פון די אָנפירער, און אַז זיי — מיטן גענעראַל באָר־קאָמאַ־ראָווסקי בראש — זאָלן געשטעלט ווערן פאַר אַ געריכט. פון דער דאָזיקער

סאָוועטישער פאָדערונג האָט מען געקענט קומען צום אויספיר, אַז די סאָ־וועטן האָבן גוט געקענט די לאַגע וואָס האָט געהערשט אין וואַרשע און גע־האַלטן, אַז דער אויפשטאַנד איז אָרגאַניזירט געוואָרן, מער ווי קעגן די דייטשן, קעגן די סאָוועטן. גלייך מיטן פאַרעפנטלעכן די כוונות און דעם ציל פון דעם אויפשטאַנד און מיטן אַרויסגעבן דעם דערמאָנטן אויפרוף פון די פּאַרטייען, האָבן די רוסן געמאַכט זייערע אויספירונגען, און די רויטע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן אַ פינף און דרייסיק קילאָמעטער פון וואַרשע.

אַזוי־אַרום איז פאַר די דייטשן געוואָרן מעגלעך אויסצופילן די דורכ־ברוכן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן ביי דער ווייסל, מיט דער הילף פון צו־געבראַכטע ס.ס.־דיוויזיעס און דריקן אויף די אויפשטענדלער. די סאָוועטן האָבן אויך גענומען אין חשבון די קאָנפליקטן און רייבונגען מיט דער באַ־וואָפנטער וואַרשעווער באַפעלקערונג, און דאָס האָט זיי דעמאָלט נישט גע־שמייכלט.

ווי אַן ענטפער אויף דעם סאָוועטישן באַדינג, צו שטעלן די אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָרן פון אויפשטאַנד פאַר אַ געריכט, פאַרן אויפהייבן אַ רע־אַקציאָנערן אויפשטאַנד געווענדט קעגן ראַטנפאַרבאַנד, האָט דער ראַדיאָ אָנ־געגעבן אָפיציעל, אַז דער פרעזידענט פון דער פוילישער רעפובליק אין לאָנדאָן האָט דעם גענעראַל באָר־קאָמאַראָווסקי, וועלכן די סאָוועטישע רע־גירונג האָט אָנגערופן שונא פון ראַטנפאַרבאַנד און פאַררעטער פון זיין פאָלק, נאָמינירט פאַר דעם אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָר פון אויפשטאַנד, ווי דעם נאָכפאָלגער פון גענעראַל סאָסנקאָווסקי, וועלכער איז דעמיסיאָנירט גע־וואָרן אונטערן דרוק פון ראַטנפאַרבאַנד און אירע פאַרבינדעטע.

יעדער בר־דעת האָט פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע נאָמינאַציע האָט נישט קיין שום ממשותדיקן האפּט, ווייל דער נייער פוילישער מיליטערי־שער אָנפירער געפינט זיך אין וואַרשע און קען נישט באַטרעטן זיין אַמט אין לאָנדאָן אָדער אויף די פראָנטן פון די אַליאירטע. און אַז דאָס איז גע־מאַכט געוואָרן בלויז ווי אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דער סאָוועטישער רעגי־רונג. די דאָזיקע דעמאָנסטראַציע האָט שטאַרק פאַרשאַרפט די געשפּאַנט־קייט צווישן ראַטנפאַרבאַנד און דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. אויב די דאָזיקע זאַך איז נישט געווען קיין טאַקטיק וואָס איז פון פאָרויס באַ־

שטימט און פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך די אַליאירטע, כדי דאָס זאָל די־נען פאַר אַן אויפרייס־שטאָף אין אַ געוויסן פּאַסיקן מאָמענט, דאַרף מען דאָס באַטראַכטן פאַר אַ קורצזיכטיקייט און אַפילו פאַרברעכן מצד דער פּוי־לישער רעגירונג.

גלייך נאָכן באַקאַנט מאַכן די נאָמינירונג איז גענעראַל באָר־קאָמאַ־ראָווסקי געקומען צו אַן אויסגלייך וועגן די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטו־לאַציע און אַריבער מיט „זיינע באַוואָפנטע כוחות" אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן.

די וואַרשעווער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין דעם אויפשטאַנד פאַר־לוירן איר גאַנץ פאַרמעגן און געהאַט אַן אבידה פון טויזנטער געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע, האָט געמוזט מיט אַן אָרעמען באַגאַזש אויף די פּלייצעס אַוועקוואַנדערן אין פאַרשיידענע זאַמל־לאַגערן, ווי פּרושקאָוו, אורסוס און גראָדזיסק.

דאָס איז געווען דער סוף פון אויפשטאַנד, וועלכער האָט אין אָנהייב צוגעזאָגט אַ גרויסן נצחון און זיך פאַרענדיקט מיט אַ מפּלה צוליב קורצ־זעוודיקע פּאָליטיקער, צעפּרעסענע פון האַס און שווינדלער.

ט.

# דער טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד

על כן כל־ידים תרפינה
וכל לבב אנוש ימס.

דערום וועלן אַלע הענט שלאַף ווערן
און איטלעך האַרץ פון אַ מענטשן וועט צעגיין.

(ישעיה, י״ג, ז׳).

אין הסכם מיט די קאַפּיטולאַציע־באַדינגונגען האָט די באַפעלקערונג, וואָס האָט פאַרלאָזט וואַרשע נאָך דער קאַפּיטולאַציע, נישט געהאַט קיין שוועריקייטן. די מענטשן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין דעם דורכגאַנגס־לאַגער אין פּרושקאָוו.

איך בין נישט פעיִק צו שילדערן די וווינונג־באַדינגונגען און דעם היגיענישן צושטאַנד אין יענעם לאַגער. אין גרופּעס פון 10.000 פּערזאָן, מענער, פרויען און קינדער, אויסגעמאַטערטע דורך דעם אויפשטאַנד, זענען אַריינגעפירט געוואָרן, ווי חזירים אין אַ שטאַל, אין גרויסע מאַשי־נען־האַלן. מיר האָבן געמוזט אין אַ קאַלטער האַרבסט־נאַכט ליגן אויף די פּאָדלאָגעס פון בעטאָן, וואָס זענען פאַרשמוציקט געוואָרן פון די פריִערדי־קע איינוווינער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט ווו אַנדערש אָפּצוטאָן זייערע באַדערפענישן. די מענטשן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט די טעג פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, זענען אַוודאי נישט באַ־שענקט געוואָרן מיט גוטע היגיענישע און באַקוועמע באַדינגונגען, דאָך קען מען זיי נישט פאַרגלייכן צו יענע וואָס אין פּרושקאָוו.

אויפן צווייטן טאָג זענען די פּליטים געסאָרטירט געוואָרן. יונגע מע־נער און פרויען זענען באַשטימט געוואָרן אַרויסצושיקן זיי קיין דייטש־

לאַנד, אַנדערע האָבן געדאַרפט פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און אַנדערע שטעט, ווו זיי וועלן ווידעראַמאָל סאָרטירט ווערן, ווער אויף אַרבעט און ווער אויף „זומער־וווינונג", וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר זקנים און קראַנקע. דער „זומער־וווינונג־לאַגער" האָט, אַ פּנים, געזאָלט זיין אַשוויענטשים. אין דער סאָרטירונג האָבן זיך באַטייליקט צוויי אונטעראָפיצירן און איין אָפיציר פון דער ווערמאַכט, וועלכע האָבן אַנטשיידן ווער ס'זאָל געשיקט ווערן קיין דייטשלאַנד און ווער אין אַ לאַגער אין פּוילן. איך בין בייגעווען ווי פאַרן אָפיציר האָט זיך געשטעלט אַ מאַנצביל מיט אַ קינד אויף די הענט. דער אָפיציר האָט גענומען פון טאַטנס הענט דאָס קינד — וואָס זיין מאַמע איז געהרגעט געוואָרן בעתן אויפשטאַנד — און עס איבערגעגעבן דעם עולם, און דעם טאַטן געשיקט אין אַ לאַגער אין דייטשלאַנד. ביז היינטיקן טאָג זע איך די אויגן פון דעם פאַרצווייפלטן טאַטן, ווי זיי האָבן אַרומגעזוכט דעם מענטשן, וואָס האָט גענומען זיין קינד.

נעמענדיק אין באַטראַכט מיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד, צוליב וועלכן כ'האָב אויסגעזען ווי אַן אַלטער, בין איך פאַראורטיילט געוואָרן צו בלייבן אין לאַנד. אָבער איך האָב זיך געמאָלדן פרייוויליק צו פאָרן קיין דייטש־לאַנד, ווייל כ'בין געווען זיכער, אַז די סכנה פאַר מיר איז אַ קלענערע אין דייטשלאַנד איידער אין פּוילן, ווו איך קען אויף טריט און שריט באַגעג־נען באַקאַנטע און שאַנטאַזשיסטן, וועלכע האָבן נאָכגעשפּירט די ייִדן.

מיר האָבן באַקומען אַ זופּ פון גרינצייג און געוואַרט מען זאָל אונדז אַוועקפירן.

טייל האָבן געגלייבט, אַז מיר פאָרן קיין פּויזן, און אַנדערע האָבן גע־זאָגט אַז אונדזער ציל איז האַמבורג. קיינער האָט נישט געוווּסט אויף זי־כער וווהין מען וועט אונדז שיקן.

נאָך מיטאָג האָט מען אונדז באַפוילן זיך אויסצושטעלן אין רייען זאַל־בעפערט און מאַרשירן צו דער באַן־סטאַציע. דאָרט איז געשטאַנען אַ לאַנ־גער צוג פון פּופציק וואַגאָנעס, באַשטימטע פאַר פי. אונדז האָט באַדאַרפט אויפנעמען די לאַגער־פאָליצייַ, וועלכע איז ספּעציעל געשיקט געוואָרן פון דייטשלאַנד. אין יעדן וואַגאָן האָבן זיך באַדאַרפט צונויפשטיקן פופציק מענטשן מיט זייער באַגאַזש. צו זיצן איז נישט מעגלעך געווען. ווען מיר

זענען צוגעקומען — מיין לײדנס־קאָלעגין, טאָבאָליעווסקאַ, און איך — צום אַכצנטן וואַגאָן, האָבן מיר געבעטן דעם דײטש וואָס איז דאָרט געשטאַנען, ער זאָל אונדז אַרײנפירן אין ווײטערדיקן, ווײל דער איז שוין געווען פול, און מיר האָבן געוואָלט פאַרנעמען אַן אָרט ווי די ערשטע אין דעם נײנצנטן, אָבער יענער האָט אונדז געענטפערט, אַז ער האָט באַקומען אַ בפירוש באַפעל אַרײנצופירן אין יעדן וואַגאָן פופציק מענטשן, און אין אַכצנטן זענען איבערגעבליבן צוויי „פלעצער". שטופנדיק זיך מיט די פויסטן, ביי געשרייען און קריגערייען, זענען מיר אַרײן אין פולן וואַגאָן.

אין וואַגאָן איז אַרײנגעוואָרפן געוואָרן ברויט, פאַר יעדע צוויי מענטשן אַ ברויט, זיך נישט רעכנענדיק דערמיט ווער ס'האָט עס געכאַפּט.

דער צוג איז געשטאַנען ביי אַ צוים, וואָס אויף זײן צווייטער זייט האָבן זיך געזאַמלט די דאָרפסלײט און פאַרקויפט ווורשט, ברויט און עפּל פאַר זייער טײערע פּרײזן. פאַר אַ קילאָ ווורשט האָט מען געצאָלט זעקס הונדערט זלאָטעס, פאַר אַ קילאָ ברויט זעכציק זלאָטעס, און פאַר אַ קילאָ עפּל הונדערט זלאָטעס. דאָס געלט האָט מען באַדאַרפט אַריבערוואַרפן פון יענער זייט צוים, און ערשט דערנאָך האָט מען דערלאַנגט די סחורה. אין אַ סך פאַלן זענען די פליִענדיקע לעבנס־מיטלען געכאַפּט געוואָרן דורך אַנדערע, וועלכע האָבן געטענהט, אַז אויך זיי האָבן געוואָרפן געלט. אָפט מאָל האָט געטראָפן, אַז די פאַרקויפער פון דער צווייטער זייט האָבן געלייקנט זיי זאָלן האָבן באַקומען געלט. מיר האָט דאָס מזל נישט געשפּילט, און אויף אַזאַ אופן האָב איך פאַרלוירן די זעקס הונדערט זלאָטעס וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך.

די ענגשאַפט אין צוג איז געווען אַ שרעקלעכע, און מענטשן האָבן בײנאַכט געחלשט אָדער זענען אײנגעפאַלן. דער וואַגאָן איז פאַרקלאַפּט געוואָרן און נאָר מיט גרויסער מי האָבן מיר געקענט טאָן אונדזערע באַדערפענישן אויף די צווישן־סטאַציעס.

צוליב דעם וואָס איך האָב געקענט די ליניע וואַרשע־לאָדזש־ברעסלאַו, האָב איך זיך פאַרטאָג איבערצײגט אַז מיר פאָרן אין דער ריכטונג פון ברעסלאַו. ס'איז דערין געווען פאַר מיר אַ שטראַל האָפענונג, ווײל איך האָב געגלייבט, אַז די פירמע אין וועלכער איך האָב געאַרבעט וועט מיך

באַפּרייען. עטלעכע סטאַציעס פאַר ברעסלאַו, ביי דעם איבערגאַנג־לאַגער פון דעם אַרבעטס־אַמט אין ברעסלאַו, איז דער צוג שטיין געבליבן, און דווקא די ערשטע אַכצן וואַגאָנעס זענען דאָ געוואָרן אָפּגעטשעפּעט, און די איבעריקע אָוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון פויזן. דאָס איז געווען אַ גליקלעכער צופאַל, וואָס מיר זענען אין פּרושקאָוו אַריינגעשטופּט געוואָרן דורכן פאַראַנטוואָרטלעכן דייטש אין דאָזיקן וואַגאָן און ער האָט אונדז נישט געלאָזט אַריין אין דעם ווייטערדיקן. אַזוי אַרום זענען מיר פאַרבליבן אין ברעסלאַו און האָבן נישט געמוזט אָוועקוואַנדערן אין אַ פרעמדער סביבה.

בעתן אַרויסגיין האָבן מיר ווידער באַקומען דעם באַפעל זיך אויסצושטעלן זאַלבעפערט און וואַרטן באַלאַדנטע מיטן באַגאַזש, ביז אַלע פּאַרערס וועלן אויסשטייגן פון צוג. דערנאָך זענען מיר געגאַנגען אַ מהלך פון פינף קילאָמעטער. פון דער זייט לאַגער האָבן מיר געדאַרפט דורכמאַכן אַ דעזינפעקציע און מעדיצינישע אונטערזוכונג. הגם איך בין שוין אַ סך מאָל אונטערגעזוכט געוואָרן אויף אַזאַ אופן און אַרויס בשלום, האָב איך נישט געוואָלט זיך נאָכאַמאָל שטעלן אין געפאַר אויף דער דייטשישער ערד און געזוכט אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן.

פון פאַרבייפאָרנדיקע דייטשן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די לעצטע טראַמוויי־סטאַציע פון ברעסלאַו איז ווייט פון אונדז דריי קילאָמעטער. סאָפיאַ טאָבאָליעווסקאַ און איך האָבן זיך פאַמעלעך־פאַמעלעך דערווייטערט פון קריכנדיקן צוג און זיך געלאָזן בגניבה, יעדער איינער באַזונדער, אויף אַ זייטיקן וועג. ס'איז געווען זונטיק. פאַרשמוציקטע, אין צעקנייטשטע בגדים, באַלאָדנט מיט אַ שווערן באַגאַזש, האָבן מיר זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון דער טראַמוויי־סטאַציע מיט איינאייניציקן ווילן נישט דורכצופאַלן. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַ סך לאַסט־אויטאָס, וועלכע האָבן געפירט אין שטאָט אַריין אונדזערע מיטרייזנדע אויף דעזינפעקציע און מעדיצינישער אונטערזוכונג און זיי צוריקגעפירט פון דאָרט. מיר האָבן געציטערט פון גרויס פחד, שיער געחלשט פון אימה און דעם שווערן באַגאַזש. זיך אָפּשטעלן האָט מען נישט געטאָרט.

סוף־כל־סוף האָבן מיר זיך געפונען אין אַ טראַמוויי. צו באַצאָלן פאַרן בילעט האָבן מיר נישט געהאַט. צו אונדזער גליק האָבן מיר געטראָפן אַ

באַן־אַרבעטער, וועלכער פלעגט צייטנווייז פאָרן קיין פּוילן, און ער האָט אונדז אויסגעטוישט פינף זלאָטעס אויף אַ האַלבן מאַרק. אין טראַמוויי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די אָדער־גאַס, ווו איך האָב געוווינט און איבער־געלאָזט מיינע זאַכן פאַרן אוויפשטאַנד איז פאַריקע נאַכט באָמבאַרדירט גע־וואָרן. אָבער געקומען אין שטאָט אַריין, האָבן מיר געטראָפן דאָס הויז שטיין אויפן אָרט. מיינע אַרבעטס־קאָלעגן האָבן מיך אויפגענומען פריינדלעך. פון זיי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער דירעקטאָר האָט שוין עטלעכע מאָל באַזוכט דעם איבערגאַנגס־לאַגער כדי מיך אויפצוזוכן און פון דאָרט אַרויס־נעמען.

מיר האָבן זיך אַרומגעוואַשן, אויסגערוט און זיך געפילט גליקלעכע. אַזוי האָט זיך מיר איינגעגעבן זיך אַרויסצודרייען פון דער דעזינפעקציע און פון דער מעדיצינישער אונטערזוכונג אין אַרבעטס־אַמט, וועלכע וואָלטן מיר געקאָנט שטעלן אין סכנה. כ׳האָב זיך טעלעפאָניש פאַרבונדן מיטן די־רעקטאָר און זיך דערוווּסט, אַז איך וועל געשיקט ווערן אויף אַרבעט אויף דער בוי־שטעלע אין בלאַנקענבורג, צופוסנס פון די האַרץ־בערג, און מיין באַגלייטערין, פּרוי טאָבאָליעווסקאַ, איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף דער בוי־שטעלע אין מאַרקליזע (זי געפינט זיך היינט מיט איר מאַן אין מעל־בורן, אויסטראַליע).

## י.

# מיינע איבערלעבונגען ווי אַן אַריער אין דייטשלאַנד

נפשנו כצפור נמלטה מפח יוקשים;
הפח נשבר ואנחנו נמלטנו.

אונדזער זעל איז אַנטרונען געוואָרן ווי אַ פויגל
פון די פאַנגערס פּאַסטקע;
די פּאַסטקע איז צעבראָכן געוואָרן,
און מיר זיינען אַנטרונען געוואָרן.

(תהלים, קכ״ד, ז׳)

צוליב דעם וואָס מיין שעף האָט נישט געקאָנט באַשליסן ביי וועלכן אַמט מיך צו באַשעפטיקן, און די בוי־שטעלעס אין פוילן זענען נאָך נישט ליקווידירט געוואָרן, האָט ער מיך געפרעגט, צי בין איך נישט גערן צו פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו און קראָקע מיט אַ מאַרש־באַפעל פון דער אַוויאַציע. דעמאָלט האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז די דייטשן וועט זיך נישט איינגעבן איינצוהאַלטן זייערע פּאָזיציעס אויפן מזרח. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס וועט זיין מיין לעצטע רייזע קיין פוילן, דערפאַר בין איך גערן געווען אויסצונוצן די דאָזיקע געלעגנהייט כדי צו זען מיין טאָכטער. כ׳האָב מסכים געווען.

דער מאַרש־באַפעל האָט באַדאַרפט באַשטעטיקט ווערן דורך דער גע־סטאַפּאָ. ווען איך האָב געזען, אַז דאָס באַקומען די באַשטעטיקונג פאַרהאַלט זיך, האָב איך גענומען זיך שרעקן, אפשר איז צו דער געסטאַפּאָ דערגאַנ־גען וואָס ס׳איז מיט מיר געשען אין פּשעמישל.

אין צווישנצייט האָט מיר דער שעף פאַרגעבן די אויפגאַבע צו אינטער־ווענירן ביי דער געהיים־פּאָליציי לטובת די פוילישע אַרבעטער, וועלכע זע־נען אַנטלאָפן, געכאַפּט געוואָרן אויפן צוג און האָבן געמאָלדן אַז זיי אַרבעטן ביי אונדז, און זיך באַמיִען מען זאָל זיי באַפרייען. דאָס איז געווען אַן אויפ־

גאַבע וואָס אַנטשפּרעכט זייער אַ ייִדן! כ׳האָב נישט געקאָנט נישט מסכּים זיין, בין איך געגאַנגען צו דער תּפיסה, געשמועסט מיט די אַרבעטער און זיך געווענדט צו דער געהיים־פּאָליציי. כ׳האָב מצליח געווען, און די פּאָליאַקן זענען באַפרייט געוואָרן. אין דער פרי האָט מען טעלעפאָנירט פון דער געסטאַפּאָ, איך זאָל אַליין קומען צו קריגן אַ תּשובה. כ׳האָב זיך געשראָקן טאָמער האָט מען פאַרלייגט פאַר מיר אַ פּאַנג־נעץ, כ׳האָב זיך פאַרגעשטעלט אַז זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ באַריכט פון דער געסטאַפּאָ, וואָס איז געקומען פון פּוילן. נאָר ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין אויסרייד צו באַ־רעכטיקן מיין אָפּזאָג צו גיין אַהין, האָב איך ריזיקירט און בין געגאַנגען. די זאַך צוליב וועלכע כ׳בין אויפגעפאָדערט געוואָרן צו קומען איז געווען פאַרבונדן מיט נישט וועזנטלעכע פאָרמאַליטעטן.

כ׳האָב באַקומען די באַשטעטיקונג אויפן מאַרש־באַפעל און בין גע־פאָרן מיט אַ מיליטערישן צוג קיין פּוילן. די צוגן זענען אויפן וועג נישט קאָנטראָלירט געוואָרן, ווייל זיי האָבן געפירט זעלנער. די לעצטע וואַגאָ־נעס זענען באַשטימט געווען פאַר ציווילע, און אין יענע זענען דורכגעפירט געוואָרן רעוויזיעס דורך דער גרענעץ־פּאָליציי. אין לאָדזש (ליצמאַנשטאַט) זענען די ווערמאַכט־לייט אַוועק באַקומען אַפּראָוויזאַציע, און איך בין צוגע־שטאַנען צו זיי. צוריקגעקומען, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער צוג איז איבערגעפירט געוואָרן אויף אַ צווייטער ליניע, און כּדי צו קומען צו יענער ליניע דאַרף מען דורכגיין אַ צאָל־רעוויזיע.

ווען איך האָב דערלאַנגט דעם צאָל־באַאַמטן דעם מאַרש־באַפעל, האָט ער גענומען מיינע דאָקומענטן און דערלאַנגט דעם געסטאַפּאָניק. יענער האָט אָנגעשריבן אויף די דאָקומענטן מיט אַ רויטן בלייפעדער די אותיות ג. פּ. או. דאָס דערזען, האָט מיר גענומען שווינדלען פאַר די אויגן, דערמאָנענדיק זיך די רוסישע געהיים־פּאָליציי, וועלכע ווערט אויך אַזוי גערופן. דערנאָך איז צוגעקומען אַ צווייטער געסטאַפּאָניק און מיך אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער צימער, ווו איך האָב געדאַרפט אַראָפּציִען מיינע אייבערשטע קליידער, און ער האָט באַטאַפּט און געזוכט אין אַלע קעשענעס. ער האָט מיר אויך באַ־פוילן אַראָפּציִען די שיך. ווייל איך האָב געהאַט באַהאַלטן אין לינקן שוך באַנקנאָטן, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אים אַ פרעג געטאָן,

װעלכן שוך איך זאָל אַראָפּציִען, און ער האָט אַ װײַז געטאָן אויפֿן רעכטן. האָט אין אים אַריינגעקוקט און גאָרנישט נישט געפֿונען. כ׳האָב אים גע־פֿרעגט, צי איך דאַרף אַראָפּציִען אויך דעם צװייטן, און ער האָט געענט־פֿערט נעגאַטיװ. אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט די קאָנטראָל, און װײַל ער האָט ביי מיר גאָרנישט נישט געפֿונען, בין איך באַפֿרייט געװאָרן. ערשט איצט האָב איך זיך דערװוּסט אים פֿרעגן װאָס עס באַטייטן די אויבנדערמאָנטע דריי אותיות, און כ׳האָב באַקומען דעם ענטפֿער: גרינטלעכע, פּערזענלעכע אונטערזוכונג.

דערװײַל האָב איך פֿאַרשפּעטיקט דעם צוג און בין געװען געצװוּנגען צו װאַרטן עטלעכע שעה אין ליצמאַנשטאַט, לאָדזש. די דאָזיקע שטאָט, דאָס פּױלישע מאַנטשעסטער, װעלכע האָט פֿריער געװימלט מיט ייִדן, איז פֿאַר־אייניקט געװאָרן צום דײַטשישן רײַך, און נאָר דײַטשן האָבן געמעגט װוינען אין איר. אין יענער צײַט איז שוין געװען ליקװידירט דאָס געטאָ, װאָס איז געװען פֿון די לעצטע. פֿון די אַכט הונדערט ייִדן װאָס זענען דאָרט איבער־געבליבן, איז אַ טייל געבראַכט געװאָרן קיין דײַטשלאַנד און דער צװייטער טייל אומגעבראַכט.

די באַגעגעניש מיט מײַן טאָכטער אין קראָקע האָט אונדז ביידן פֿאַר־שאַפֿט אַן אָנגענעמע איבעראַשונג, װעלכע איז װערט געװען די אָנשטרענ־גונגען פֿון דער רייזע.

אין טשענסטאָכאָװ האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו קויפֿן װירגיניע־טאַ־באַק און בראָנפֿן פֿאַר מײַנע דײַטשישע אַרבעטס־קאָלעגן און אויך פֿאַר מײַן שעף, און אַ דאַנק דעם האָב איך זיך דערװאָרבן זייער פֿריינדשאַפֿט. מײַן פּאָזיציע איז געװאָרן פֿעסט און מ׳האָט מיך באַשטימט פֿאַר אַ בוכ־האַלטער אויף אַ גרויסער בוי־שטעלע. דער שעף האָט אינטערװענירט פֿאַר מיר אין װירטשאַפֿטס־אַמט און מען האָט מיר געגעבן װי אַ קרבן פֿון װאָר־שעװער אויפֿשטאַנד, טאַלאָנען צו באַקומען נייע בגדים, װעש, שיך און אַפֿילו שלייקעס און שניפּסן. כ׳האָב אויך באַקומען אַ באַזונדער צימער, האָב געגעסן אין רעסטאָראַציעס צוזאַמען מיט די דײַטשן, און די באַציִונג צו מיר איז געװען ממש װי צו אַ דײַטש. און הגם אין מײַן דאָקומענט איז גע־װען פֿאַרצייכנט, אַז איך בין אַ פּאָליאַק, האָב איך באַקומען דײַטשישע שפּײַז־

VDM LUFTFAHRTWERKE AKTIENGESELLSCHAFT
BÜRO BRESLAU

DRAHTWORT: LUFA BÜRO BRESLAU | FERNSPRECHER | FERNSCHREIBER

BANKKONTO: DRESDNER BANK, BRES
POSTSCHECKKONTO: BRESLAU

VDM LUFTFAHRTWERKE A.-G., BRESLAU 13, CHARLOTTENSTRASSE

Bescheinigung.

BRESLAU 13,
CHARLOTTENSTRASS
10.10.1944

IHRE ZEICHEN | IHRE NACHRICHT VOM | UNSERE NACHRICHT VOM | UNSER HAUSRUF | UNSER ZEICH
58 | Po.

BETRIFFT:

Wir bescheinigen hiermit, dass Herr Taddäus Stanis
geb. 24.1.1896, bei unserem Baustab Hilgenstock an
stellt ist.

VDM-Luftfahrtwerke A.G.
Büro Breslau
i.V. i.V.

באַשטעטיקונג, אַז דער מחבר אַרבעט אין אַ דייטשער בוי־פירמע נעבן ברעסלוי
(היינט ווראָצלאַוו)

קאַרטלעך. כ׳בין באַפרייט געוואָרן פון טראָגן די אָפּצייכענונג פּ. אויף דער ברוסט (וואָס פּאָליאַקן האָבן זי געמוזט טראָגן לויטן באַפעל) און איך האָב אויך געהאַט אַ שטייערן־שיין, וואָס האָט מיך באַפרייט פון צאָלן די פּופּצן פּראָצענט צוגאָב צום הכנסה־שטייער, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די אַרבעטער געקומענע פון מזרח. צו דער דאָזיקער האַנדלונג האָב איך זוכה געווען צוליב דעם אָנזען ביי מיין שעף, אינזשיניער הילגענשטאָק, צוליב מיין באַהערשן די דייטשישע שפּראַך און צוליבן טאַבאַק און דעם בראָנפן וואָס איך האָב געהאַט.

אויף דער בוי־שטעלע, ווו איך בין געווען באַשעפטיקט, אין בלאַנקענבורג־עזינג לאָוסעבערגע, האָבן געאַרבעט אַרעסטאַנטן פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן, רוסן, פּאָליאַקן, יוגאָסלאַוון און האָלענדער. ס׳האָבן זיך דאָרט אויך געפונען דייטשישע ייִדן פון געמישטע חתונות. די לעצטע האָט מען גערעכנט פאַר מענטשן פון אַ נידעריקער מדרגה. זיי איז געווען פאַרבאָטן אַריינצוגיין אין די ביוראָען און זיך באַנוצן מיט די טעלעפאָנען. דאָס־אַ פלעגט אין מיר אַרויסרופן געפילן פון חוזק־געלעכטער. איך בין אַ הונדערט־פּראָצענטיקער ייִד און אַ בוכהאַלטער, אַ קאָרעספּאָנדענט און האָב אַ צוטריט צו אַלע ביכער, געשעפטלעכע בריוו, פּלענער און טעלעפאָן, און אונטער מיין האַנט געפינען זיך די מאַגאַזינען און די קאַסע. און זיי, די צוביסלעך־ייִדן, איז פאַרבאָטן דער צוטריט צו די דאָזיקע זאַכן.

איך פלעג הערן אַ סך זאַכן, וואָס דאָס וויסן זיי האָט פאַר אַן אויסלענדער און באַזונדערס פאַר אַ ייִדן געהייסן: טויט. אין מיין בייזיין פלעגן געפירט ווערן פּאָליטישע דיסקוסיעס מיט די ס״ס־לייט און די „טאָדט״־לייט, מיט הויכראַנגיקע אָפיצירן בוי־ראַטגעבער. כ׳האָב געוווסט אַ סך סודות. אויפן דאָזיקן פּאָסטן האָב איך זיך געפילט רויק און זיכער, און נאָך אַ ביסל וואָלט איך פאַרגעסן, ווער איך בין.

איין מאָל זענען אָנגעקומען אַהער אָנגעקומען קריגס־געפאַנגענע, עטלעכע הונדערט פון די פּוילישע אויפשטענדלער אין וואַרשע. און הגם איך האָב זיך באַמיט אויסצומיידן צו קומען מיט זיי אין באַרירונג און צוגיין נאָענט צו זייערע וווינונגס־באַראַקן, האָב איך איינמאָל דערהערט, פאַרבייגייענדיק דעם לאַגער: „כ׳קאָן זיך מיט דיר וועטן, אַז דאָס איז אַ ייִד!״. די דאָזיקע „פרייהייט־

קעמפּער" זענען גרייט געווען אַנצוווייזן אויף מיר ווי אויף אַ ייִדן, כאָטש זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז אַזאַ מסירה הייסט מאָרד. פון דעמאָלט אָן האָב איך געטאָן אַלץ כדי אויסצומיידן אַזעלכע באַגעגענישן.

אין עזינג־לאַוסעבערגע זענען געווען עטלעכע דייטשישע אָנגעשטעל־טע, וועלכע האָבן געהאַט צו זאָגן איבער די שקלאַפן (אויסלענדער און אַרעסטירטע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן), דאָס זענען געווען: אַ בוי־לייטער, עטלעכע בוי־פירער און אויפזעער. אַלע זענען זיי געווען היט־לערס חסידים און גערעדט וועגן דעם „פירער" ווי וועגן אַ מאַכט וואָס קאָן אַלץ און ווייסט אַלץ. ווען ס'איז קלאָר געוואָרן די דייטשישע מפּלה, און דער בראָך האָט שוין אויסגעזען ווי אַ זיכערקייט, האָבן די דאָזיקע לייט געטענהט באמונה־שלמה, אַז דער „פירער" וועט סוף־כל־סוף גובר זיין, און זיך אַזוי אויסגעדריקט, אַז זיי האָבן מיטלייד מיט אים, ווייל ער ווייסט נישט וועגן די מעשים וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין זיין נאָמען.

איינער פון זיי, אַ געוויסער קורט סטאַכע, וואָס איך האָב אים באַקענט אין וואַרשע און וועלכער האָט מיר געהאָלפן אַריבערצופאָרן קיין דייטש־לאַנד, איז פאַר דער צייט פון היטלערס הערשאַפט אַרויפגעשטיגן פון דעם שטאַפּל נול ביז צו אַ פעסטער ווירטשאַפטלעכער פּאָזיציע און האָט גע־שאַפן אין ווילהעלמסהאַפען אַ פירמע פון אַפּלאָדעוווען סחורות און עקספּע־דירן. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַראָפּברענגען שקלאַפן און זיי באַ־האַנדלען. ער איז געווען דער שעף פון די אַרבעטער פון דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט" און האָט שפּעטער אָנגעפירט מיט אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר ייִדן אין עסטלאַנד. ער האָט מיר דערציילט ווי ער פלעגט „צוגעבן חשק" מיט גראָבע מיטלען ייִדישע פּראָפעסאָרן, געלערנטע און אינטעליגענטן צו טאָן שווערע אַרבעטן אין וואַלד און ביי בוי. ווער ס'איז נישט געווען מסוגל צו אַרבעט, אָדער האָט נישט געוואָלט אַרבעטן, איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער „וווּרשט־פאַבריק". זיין הונט „יעקי" איז געווען אויסגעדרעסירט צו דערקענען אַ ייִדן זיין ספּעציעלן גערוך. ווען דער הונט האָט דער־פילט אַ ייִדן — אַזוי האָט מיר סטאַכע דערציילט — איז ער אויף אים אַרויפגעשפּרונגען און האָט אים צעפּליקט. די שפּורן פון די ייִדן, וואָס זע־נען געוואָרן צעפּליקט אָדער אויף אַן אַנדער אופן ליקווידירט, האָב איך

געזען ביי אים אין געשטאַלט פון די גאָלדענע זייגערס און אַנדערע ווערט־פולע זאַכן, וואָס ער האָט געהאַט אין וואַרשע און אויך אין בלאַנקענבורג, און וואָס ער פלעגט זיי פאַרטוישן אויף טאַבאַק, בראָנפן און פעטס. ער פלעגט אויך געבן אַזעלכע זאַכן צו פאַרקויפן אויפן שוואַרצן מאַרק אין וואַרשע, און פאַר דעם געלט קויפן די אויבן־אויסגערעכנטע זאַכן.

זיין געשעפט אין ווילהעלמסהאַפען האָט געפירט זיין פרוי, און ער איז אַוועק אַרבעטן, כדי זיך אַרויסצודרייען פון מיליטער־דינסט, אויף די בוי־שטעלעס אין ברעסלאַו און בלאַנקענבורג, ווי אַ ספּעציאַליסט פאַר אויס־לענדישע אַרבעטער. שפּעטער, ווען ס׳האָבן אויפגעהערט אָנצוקומען אַר־בעטער פון אויסלאַנד צוליב די מיליטערישע ריקצוגן, איז ער געווען באַ־שעפטיקט ווי אַ לייטער ביי בויונג. זיין הונט „יעקי״ האָט אים אומעטום באַ־גלייט. סטאַכע פלעגט זיך באַציִען צו אויסלענדער באַזונדערס שלעכט, און די אַרעסטירטע פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון בעלגיע, פראַנקרייך און האָלאַנד, וועלכע זענען אין זייערע היימלענדער געווען אַדוואָקאַטן, לערער, גלחים, באַראָנען און אינדוסטריעלער, פלעגט ער געבן די שמוציקסטע און שווערסטע אַרבעטן. פאַרויסזעענדיק, אַז אין פאַל פון אַ מפּלה וועט ער האָבן אַ פינצטערן סוף, האָט ער געדריקט אויף זיין שעף ער זאָל אים באַצייטנס אַריבערפירן קיין ווילהעלמסהאַפן.

אויך די אַנדערע בוי־פירער, בראַקעמייער, בעקמאַן, מילער, שטיר־מער, לינדענבערג, זענען געווען פאַרטייער און היטלערס געשוואָרענע אָנ־הענגער. זיי האָבן געהאַסט אַלץ וואָס האָט נישט געהערט צו דער פאַרטיי. דאָס ביסל זאַכן וואָס איז געשיקט געוואָרן פאַר די אויסלענדישע אַרבעטער האָבן זיי צוגענומען פאַר זיך און פאַרקויפט פאַר בראָנפן.

ווען אין מיטן חודש פעברואַר 1945 איז דורכגעבראָכן געוואָרן דער מזרח־פראָנט, און אַ סך אָנגעשטעלטע פון אונדזער פירמע זענען אַנטלאָפן צוליב דער אָקופּאַציע פון שלעזיע, איז אַ טייל פון זיי אָנגעקומען קיין בלאַנקענבערג. צווישן זיי איז געווען איינער אַן אוקראַיִנער מיטן נאָמען טרעטיאַק, וואָס איז, לויט זיינע רייד, געווען אַן אינזשיניער אין קאָוולע. ער איז געווען געטריי דער נאַצישער אָרדענונג און האָט געטענהט אַז איי־ראָפּע קאָן געראַטעוועט ווערן נאָר דורכן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם. די סאָ־

וועטן — האָט ער געזאָגט — זענען נישט אַזוי באַרבאַריש, נאָר די ייִדישע קאָמיסאַרן העצן די רויטאַרמייער צו גרוילטאַטן, לויט זיי זענען געשילדערט געוואָרן דורך דער געבעלסשער פּראָפּאַגאַנדע. זיין טרוים איז געווען אַ גרויס־אוקראַיִנע אונטער דער שוץ פון היטלערן און ער האָט געהאָפט, אַז ער אַליין וועט דאָרט שפּילן אַ גרויסע פּאָליטישע ראָל.

ווען ער האָט סוף חודש מערץ דערהערט וועגן דעם ריקצוג פון די דייטשן, איז ער ווייס געוואָרן ווי קאַלך און האָט זיך באַמיט צו טרייסטן די דייטשן און זיי דערמוטיקן. דער דאָזיקער פּאַרשוין האָט געגלייבט באמונה־שלמה אין דעם נצחון פון די דייטשן.

ווען איך בין שפּעטער, ביים אַריינקומען פון די אַמעריקאַנער, נאָמינירט געוואָרן פאַר אַ קאָמענדאַנט פון אַ לאַגער פון אויסלענדער, איז צו מיר געקומען איינער פון די ערשטע דער דאָזיקער טרעטיאַק בכבודו ובעצמו מיט אַ פּאַספּאָרט פון פאַר דער מלחמה. פון דאָזיקן פּאַספּאָרט איז קלאָר געוואָרן, אַז זיין נאָמען איז נישט טרעטיאַק, נאָר טשעציאַק, און ער איז אַ פּאָליאַק פון רוימיש־קאַטוילישן גלויבן. ער איז געווען אַ קרוב פון דעם אַנטיסעמיט און ייִדן־פרעסער, אַ מין פּוילישער שטרייכער, דעם קשאַנדז טשעציאַק.

אויף דער בוי־שטעלע, ווו ס׳האָבן געאַרבעט אַ סך אויסלענדער, אַרעסטאַנטן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, מישלינגען און מלחמה־געפאַנגענע, זענען אויך געווען באַוואָפנטע געסטאַפּאָ־אַגענטן, ס״ס־לייט און אַ סך זעלנער פון דער ווערמאַכט.

אָנהייב חודש אַפּריל יאָר 1945 איז אין קאָנצענטראַציע־לאַגער געבראַכט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט אַרעסטאַנטן, צווישן זיי מער פון הונדערט ייִדן. אַלע אַרעסטאַנטן, וואָס זייער צאָל איז געווען טויזנט און זענען אַריבערגעפירט געוואָרן פון אַנדערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, זענען באַשעפטיקט געוואָרן ביים פאַרריכטן די גראָבנס אין די אונטערנעמונגען פון קלאָסטער־ווערקע אין בלאַנקענבורג. אויפן וועג צו דער בוי־שטעלע האָב איך באַגעגנט די דאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן־סקעלעטן. פאַר זיי האָבן געשפּאַנט די ס״ס־פּאָסטנס און די זאַטע קאַפּאָס. אין דער זייט און פון הינטן

זענען געגאַנגען אַנדערע ס״ס־פּאָסטנס מיט אָנגעלאָדן געווער, באַגלייטע פון דרעסירטע הינט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען אַ דיזשורירנדיקער פּאָליציי־אונטעראָפיציר צו אונדזער טעלעפאָן און האָט אונדז, וואַרטנדיק אויף אַ טעלעפאָנישער פאַרבינדונג, דערציילט, אַז אַלע אַרעסטאַנטן פון די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן וועלן צוגענומען ווערן פון בלאַנקענבורג צוליב דער פאַררעגערטער מיליטערישער לאַגע. נאָר אַ צוויי הונדערט קראַנקע און פול־שטענדיק אומפעיִקע צו אַרבעט דאַרפן בלייבן אין דער אָרטיקער פּאָליציי, וועלכע האָט באַקומען אַ באַפעל זיי צו ליקווידירן. דער דאָזיקער מענטש האָט זיך זייער אויפגערעגט און געשאָלטן די ס״ס, וואָס האָט אויף זיי אַרויפ־געלייגט אַזאַ אויפגאַבע.

דעם 10טן אַפּריל 1945 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אָפיציעלע פאַראָרדענונג פון דער געסטאַפּאָ, אַז אַלע אויסלענדער דאַרפן פאַרלאָזן בלאַנקענבורג. אויך די מישלינגען האָבן געדאַרפט אַוועק (דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער הויפּט־קאָמאַנדיר איז צו יענער צייט געקומען קיין בלאַנקענבורג). צוליב דעם וואָס איך האָב געוווינט אין שטאָט, און נישט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, האָב איך אייליק פאַרלאָזט די בוי־שטעלע און געבליבן אין שטוב. דורך מיין פענצטער האָב איך געקאָנט זען דעם גאַנצן טאָג דעם לאַנגן צוג פון די אויסלענדער, וועלכער האָט זיך פּאַמעלעך גע־צויגן אויף מזרח. כ׳האָב געציטערט פאַר פּחד טאָמער קומט מען מיך נע־מען. אָבער דער תוהו־ובוהו איז געווען אַזוי גרויס, אַז קיינער האָט נישט קיין טראַכט געטאָן וועגן יענע וואָס וווינען אין פּריוואַטע הייזער.

די שטאָט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פאַר אַ פעסטונג. ס׳איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרלאָזן די שטאָט, און מען האָט אויך קיינעם אין איר נישט אַריינגעלאָזן. מ׳האָט אויפגעבויט אָקאָפּעס און שוץ־ווענט. די שטאָט איז פול געוואָרן מיט העכערע מיליטער־ און ס״ס־פירער; די אָבערקאָמאַנדע פון דער ווערמאַכט, די אָרגאַניזאַציע שפּעער, דאָס קריגס־מיניסטעריום און אַנדערע וויכטיקע אינסטאַנצן זענען אַנטלאָפן אין די האַרץ־בערג. צוויי טעג פאַרן אַריינמאַרש פון די אַליִירטע האָט דער קרייז־לייטער אַוועקגע־שטעלט אין צענטער שטאָט אַ תליה, באַשטימט פאַר יענע וועלכע וועלן זיך אָפּזאָגן צו פאַרטיידיקן די שטאָט.

נאָכן אַריינקום פון די אַלייִרטע האָט מען געפונען יענעם קרייז־לייטער אָן אויסבאַהאַלטענעם אין גיפּס. ער האָט געטראַכט זיך צו ראַטעווען מיטן דאָזיקן טריק. די שרעק פון די דייטשן פאַר די אַמעריקאַנער איז געווען זייער גרויס. אַ סך וואָכן פריִער האָט מען די דייטשן געשפייזט מיט גרויל־מעשיות. די אָפיציעלע פּראָפּאַגאַנדע האָט דערציילט, אַז די אַמעריקאַנער שענדן די פרויען און באַנוצן זיי צו שווערע אַרבעטן, ווי רייניקן די מיליטערישע קלאָזעטן, שטופּן וואַגאָנען און טראָגן שווערע משאות, און אַלע מענער וועלן טראַנספּאָרטירט ווערן קיין רוסלאַנד.

בלאַנקענבורג, אַ שטעטל וואָס האָט פאַר דער מלחמה פאַרמאָגט צוועלף טויזנט איינוווינער איז ביז יענער נאַכט פאַר דעם אַריינמאַרש פון די אַמע־ריקאַנער געשוינט געוואָרן. פון דעם צוועלפטן אַפּריל אָן איז זי געווען אַרומ־גערינגלט. די נאַציסטישע אינסטאַנצן האָבן באַשלאָסן צו פאַרטיידיקן יעדעס הויז און יעדן טראָט ערד. אמת, די באַפעלקערונג האָט נישט אַזוי געטראַכט, אָבער צו איר מיינונג האָט זיך קיינער נישט צוגעהערט.

ביינאַכט פאַר דעם צוואַנציקסטן אַפּריל האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנ־גריף אויף דער שטאָט. מ׳האָט געשאָסן פון אַלע זייטן, און ס׳זענען אויך געווען באָמבאַרדירונגען. ס׳האָבן אויסגעבראָכן שרפות און ס׳זענען פאָר־געקומען אויפרייסן. די פאַרמיטאָג־שעהן זענען פאַר די בלאַנקענבורגער איינוווינער געוואָרן אַ גיהנום. אין מיינע אויערן האָבן די דאָזיקע הילכן גע־קלונגען ווי הימלשע מוזיק. מיין בונקער איז נישט געווען זיכער. דער גרעס־טער און וויכטיקסטער האָטעל איז אַוועק מיטן פייער און אויך די זומער־וווינונג. אין די גאַסן האָט מען געזען טויטע קערפּערס. אַמעריקאַנישע עראָ־פּלאַנען־איינהייטן האָבן געקרייזט איבער דער שטאָט.

איך האָב זיך געפונען אין דער נאָענט פון דער באַן־סטאַציע. דאָס אָרט איז געווען געפערלעך, נאָר איך האָב נישט געוואָלט אַנטלויפן אין דעם גרויסן בונקער אין באַרג, ווייל דאָרט האָבן זיך געפונען טויזנטער מענטשן. די מיליטערישע און פּאָליציייִשע קאָנטראָל איז פאַר מ׳יר געווען געפער־לעך, און כ׳האָב נישט געוואָלט אַריינפאַלן אין דער פאַנג־נעץ ממש אין לעצטן מאָמענט. זיצנדיק אין בונקער, האָבן מיר געהערט דעם גרויסן גע־רויש פון די מאָטאָרן. מיר האָבן אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און דערזען,

אַז די אַמעריקאַנער זענען אַריין אין שטאָט און האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אונדזער הויז. אינגיכן זענען עטלעכע יונגע אַמעריקאַנער אַריינגעקומען אין שטוב, און איך בין אַרויסגעגאַנגען מיט זיי זוכן פון הויז צו הויז באַהאַל־טענע זעלנער און געווער.

מיטן אַריינמאַרש פון די אַמעריקאַנער איז בטל געוואָרן דער טויט־אורטייל, וואָס האָט תמיד געדראָט די אנוסים. אויך די שאַנטאַזשיסטן האָבן שוין מער נישט געקאָנט דראָען. אָבער די פרייהייט, אויף וועלכער מיר האָבן געהאָפט, איז נאָך געווען ווייט. ס׳האָט געפעלט נישט נאָר די פרייהייט פון צוואַנג און נויט, נאָר אויך די פשוטע פערזענלעכע פרייהייט.

די דייטשן האָבן געהאַט געכאַפּט צוועלף מיליאָן אַרבעטער פון אויס־לאַנד און געבראַכט קיין דייטשלאַנד זיי צו פאַרקנעכטן אין דער אינדוסטריע און אין די שאַכטן, און געשיקט די דייטשישע אַרבעטער אויפן פראָנט. כאָטש די דאָזיקע צוואַנג־אַרבעטער זענען געווען געפּלאָגט, דערנערט אויפן ערגסטן אופן און געקליידעט אין שמאַטעס, האָבן זיי פון דעסט וועגן גע־האַט דאָס געפיל פון רעלאַטיווער זיכערקייט. עמעצער האָט פאַר זיי גע־זאָרגט, אָדער צום ווינציקסטן געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער זאָרגט פאַר זיי. די באַראַקן און די פּראָסטע בעטן האָבן זיי געדינט פאַר אַ נאַכטלעגער, די קיכן אין די אונטערנעמונגען מיט זייער זויערער זופּ האָבן זיי געגעבן אַ באַשפּייזונג, וואָס פאַרדינט זיך קוים אויף אַזאַ נאָמען, די אָפּגעשליסענע בגדים פון די דערמאָרדעטע יידן האָבן צוגעדעקט זייערע אויסגעצערטע קערפּערס. די טושן און פּעריאָדישע דעזינפעקציעס האָבן זיי אין אַ געווי־סער מאָס געשיצט קעגן מגפות און אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן. אָבער וואָס זאָל ערשט טאָן די דאָזיקע מענטשן־מאַסע, וואָס האָט זיך גענומען אַ ריר טאָן? ווו קוואַרטירט מען איין די אומגליקלעכע מענטשן, די דאַכלאָזע, הונ־געריקע, האַלב־נאַקעטע, אויפגערעגטע, נקמה־דורשטיקע אָן מאָראַלישע העמונגען? ווי באַשפּייזט מען זיי און ווי באַקליידט מען זיי? אַלע אַרבעטן האָבן זיך מיטאַמאָל אויסגעלאָזן. ס׳איז שוין מער נישט געווען קיין מלחמה־אינדוסטריע! קויפן האָבן זיי גאָרנישט געקאָנט, אַפילו יענע וואָס האָבן נאָך פאַרמאָגט אַ ביסל פעניגן. ס׳איז נאָך נישט געווען קיין מעגלעכקייט זיך אומצוקערן אין די לענדער פון וועלכע מען שטאַמט, צוליב די קאַליע־

געוואָרענע וועגן און דעם איבערבייס אין דעם פּאַרקער און דעם המשך פון די שלאַכטן. די פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד, אַפילו מיט די נאָענטע ערטער, איז לחלוטין איבערגעריסן געוואָרן.

די ערשטע דערשיינונגען וואָס האָבן באַגלייט די מאַסן וואָס האָבן זיך געריזט פון אָרט, זענען געווען רויבערייען און גוואַלדטאַטן. יענע וואָס זענען נישט מסוגל געווען זיך צו באַטייליקן אין די דאָזיקע אַקציעס, זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער. אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען זענען אויסגעשטאָרבן אַ 25.000 ייִדישע קאַצעטניקעס, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון די גאַז־קאַמערן און זענען באַפרייט געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער, ווייל די הילף און די לעבנס־מיטלען זענען נישט אָנגעקומען צו דער צייט.

כדי אויסצומיידן אַ פולשטענדיקן כאַאָס, האָבן די אַמעריקאַנער אויפגעזאַמלט די פרעמדע אַרבעטער, וועלכע זענען גרופּעסווייז באַפרייט געוואָרן, און זיי אַריינגעבראַכט אין די פריִערדיקע קאַזאַרמעס און באַזאָרגט מיט אַן אָרעמע באַשפּייזונג.

אין בלאַנקענבורג, ווו איך בין באַפרייט געוואָרן, זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן מער פון 2.500 אַזעלכע „באַפרייטע" אין דער ריזיקער קאַזאַרמע בערגענשטיין. דער אַמעריקאַנישער קאָמענדאַנט האָט מיך באַשטימט פאַר לייטער פון דאָזיקן לאַגער, וואָס זיינע באַוווינער זענען באַשטאַנען פון רוסן, פּאָליאַקן, מענטשן פון די באַלטישע לענדער, בעלגיער, פראַנצויזן, האָלענדער, בולגאַרן, יוגאָסלאַוון און גריכן. די מאָראַל פון די דאָזיקע מענטשן איז געווען אַ שפּלדיקע. אַ סך פון זיי האָבן זיך באַטראַכט פאַר פריי צו באַגיין פאַרברעכנס. דער באַגער זיך נוקם צו זיין אין די דייטשן האָט געברענט אין זיי. יעדער גנב, רויבער און מערדער, וועלכן מ'האָט געכאַפּט ביי דער האַנט, האָט זיך פאַרענטפערט דערמיט, אַז די דייטשן האָבן אין זייער היימלאַנד געטאָן אַ סך ערגערע זאַכן. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז זיי אַליין האָבן זיך באַטייליקט אין די דייטשישע שאַנד־טאַטן און אין דעם באַרויבן דאָס ייִדישע פאַרמעגן. זיי האָבן געוואָלט אָננעמען דעם זעלבן סיסטעם וואָס די דייטשן, דעם סיסטעם פון „קאָלעקטיווער אחריות", כדי אים אויסצונוצן פאַר זייערע פּריוואַטע צילן. די ציווילע באַפעלקערונג האָט יעדן טאָג מיט־

געטיילט וועגן אַנדערע רויבערייען, און איך האָב געדאַרפט קלאָר מאַכן מיט די אַמעריקאַנישע אָקופּאַציע־אָרגאַנען נישט נאָר די פראַגע פון אַפּראָוויזאַציע און וווינונג פאַר די פּליטים, וואָס אַלע טאָג זענען צוגעקומען נייע, און דאָס אַריבערפירן זיי אין זייערע היימלענדער, נאָר אויך דעם ענין פון די אָפטע איבערפאַלן, אויסצופאָרשן זיי און זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי.

דאָס אַריינקומען פון יעדן איינעם אין לאַגער און דאָס אַרויסגיין פון אים איז שטרענג קאָנטראָלירט געוואָרן דורך ספּעציעלע וואַכן און מיט דער הילף פון פּאַסיר־שיינען. פון דעסט וועגן איז בעת אַ דורכגעפירטער רעוויזיע אין לאַגער געפונען געוואָרן אין אַ צימער אויפן דריטן שטאָק אַ פעל פון אַ גרויסער קו מיט די פיס, דעם עק און דעם קאָפּ. מ׳האָט אין צימער אויך געפונען די שפּורן פון דער שחיטה און דער באַאַרבעטונג.

איך בין געשטאַנען מיטן אַמעריקאַנישן קאָמענדאַנט אין די בעסטע באַציִונגען און האָב זיך באַמיט צו באַנייען דעם קאָנטאַקט מיט מיינע קינדער און מיינע קרובים אין אויסלאַנד, אין דער האָפענונג, אַז זיי זענען לעבן געבליבן; נאָר לאַנגע וואָכן נאָך דער באַפרייונג איז דאָס נישט מעגלעך געווען. די אַמעריקאַנישע קאָמענדאַנטן האָבן זיך נאָכאַנאַנד געטוישט, ווייל זיי האָבן געדינט נישט אין אָקופּאַציע־איינהייטן, נאָר אין קאַמפּס־איינהייטן, וועלכע האָבן מאַרשירט ווייטער. די דאָזיקע אומבאַשטימטע לאַגע האָט זיך געצויגן חדשים, און אַט אין דער גאַנצער צייט איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן. אַ פּאַסיר־שיין אויף אַ שטרעקע פון פופציק קילאָמעטער איז געווען אַ חלום, וואָס נאָר איך האָב דערצו זוכה געווען, ווי דער לאַגער־קאָמענדאַנט.

דער צוועק פון אָקופּירן דייטשלאַנד דורך די אַליִירטע איז נישט געווען בלויז דאָס באַפרייען די אויסלענדער, און די אָקופּאַציע־אָרגאַנען האָבן זיך באַמיט צו קומען אין באַרירונג מיט דער דייטשישער באַפעלקערונג. פאַרשטענדלעך, אַז גלייך האָבן זיך אומעטום געפונען מענטשן, וועלכע האָבן עפנטלעך דעקלאַרירט זייער אַנטיפאַשיסטישע אָנשויונג און פאַרגעלייגט די אַמעריקאַנער זייער מיטאַרבעט. אַ טיפּ פון אַזאַ „אַנטיפאַשיסט" איז געווען איינער מיטן נאָמען בראַנדט, פון האַמבורג, וועלכער האָט געוווינט עטלעכע יאָר אין אַמעריקע און אַפילו איינגעהיט ביי זיך דעם אַמעריקאַנישן פּאַס־

פּאַרט. ווי איך האָב זיך דערוווּסט, האָט בראַנדט, צוליב זיין אָנגעהערן צו דער פּאַרטיי ווי „אַ דייטש אַן אויסלענדער", אָנגעפירט מיט עטלעכע פּאַבריקן, אויפגעבויטע אין בריק, טשעכיע, דורך יידן, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן. ער האָט זיי זיך „דערוואָרבן" אָפּקויפנדיק זיי. ווען די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן, האָט בראַנדט פונאַנדערגענומען די פּאַבריקן און זייערע מאַשינען און אַריבערגעטראָגן זיין פּאַרטייישע טעטיקייט קיין מאַגדענבורג און בלאַנקענבורג.

בעת דער אַמעריקאַנישער אָקופּאַציע האָט ער אַרויסגענומען דעם אַמעריקאַנישן פּאַספּאָרט פון באַהעלטעניש, זיך פאַרפולקאָמט אין דער ענגלישער שפּראַך און פאַרעפנטלעכט זיין אַנטינאַציזם. אויף אַזאַ אופן האָט ער געוווּנען דאָס האַרץ פון דעם אַמעריקאַנישן קאָמענדאַנט, וועלכער האָט אים נאָמינירט פאַרן בירגערמייסטער. דעם דאָזיקן בירגערמייסטערס ערשטע טעטיקייט איז געווען צו העצן דעם קאָמענדאַנט קעגן די אויסלענדער. לויט בראַנדטס ביטע האָט דער אַמעריקאַנישער קאָמענדאַנט, קאַפּיטאַן טרעגלע, פאַראָרדנט אַז דייטשן זאָלן באַוואַכן די לאַגערן און אַז די קיכן און מאַגאַזינען זאָלן געפירט ווערן דורך דייטשן. ס'האָט געקאָסט אַ סך מי און אויפרעגונג, ביז די דאָזיקע פאַראָרדענונג איז אָפּגעשאַפט געוואָרן.

הער בראַנדט האָט געהאַט אַ סעקרעטאַרין, וועלכע האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט ווי אַ „נאַציאָנאַלע פּאָלקע". אויף מיין פראַגע פון וואַנען זי שטאַמט, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי איז פון „ליצמאַנשטאַדט" און איר פאַמיליען־נאָמען איז קינדעל, און אַז זי האָט חתונה געהאַט פאַר איינעם אַ נוימאַן, אַ ס"ס־מאַן, וועלכער איז נעלם געוואָרן. אַזעלכע „נאַציאָנאַלע פּאָליאַקן" זענען דעמאָלט געווען אַ סך. די מערהייט זענען געקומען פון שלעזיע, פּאָמערן און האָבן געדינט ווי פּרייוויליקע אין ס"ס, ס"אַ און אין דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט". זיי האָבן אַ סך געדינט די דייטשן מיט שפּיאָנאַזש פאַר דער מלחמה און שפּעטער געהאָלפן זיי ביים אויסראָטן די יידן. ערשט האָבן זיי צעעפנט זייערע פּוילישע געמבעס און אויפגעשפּילט אַ שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַל־פּויליש לידל. ווען אַזאַ פּאָליאַק פלעגט קומען צו מיר זיך איינשרייבן אין לאַגער, איז זיין ערשטע פראַגע געווען, צי איך בין באמת אַ „נאַציאָנאַלער פּאָליאַק".

בעת דעם נאַציאָנאַלן פּוילישן יום־טוב, דעם דריטן מאַי, האָב איך אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט, צונויפגערופן די לאַגערניקעס און גע־רעדט צו זיי וועגן דעם צושטאַנד פון פּוילן ביים היינטיקן טאָג, און וועגן די אויפגאַבן פון די פּוילישע פּאַטריאָטן ביים אויפבויען זייער לאַנד.

בעת ס'איז צושטאַנד געקומען די דאָזיקע פאַרזאַמלונג, האָבן צוויי מי־ליטערישע דעלעגאַטן פון דער רויטער אַרמיי באַזוכט אונדזער לאַגער, כדי צו שמועסן וועגן דעם אומקער אין היימלאַנד און פאַררעגיסטרירן יענע וועלכע ווילן זיך אומקערן. איך האָב געבעטן איינעם פון די דעלעגאַטן, ער זאָל רעדן צו די רוסן אין זעלבן גייסט, וואָס איך האָב גערעדט און זיי וואָ־רענען קעגן רויב און מאָרד. גלייך ווי איך האָב פאַרענדיקט מיין רעדע, האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי אויפן לאַגער־הויף. דורך די פענצטער האָט מען געקאָנט זען פיר פאַנצער־אויטאָס אויפן גרויסן הויף, וועלכע האָבן געשאָסן אָן איבעררייס אין אַלע ריכטונגען. מיר זענען געווען זיכער, אַז אַ גרופּע ס"ס־לייט האָט זיך אויסבאַהאַלטן, פאַרבלאָנדזשעט און געקומען אַהער. ס'איז געוואָרן אַ גרויסע פּאַניק. צום סוף האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס זענען געווען אַמעריקאַנער וועלכע האָבן געוואָלט אויף אַזאַ אופן פאַרבעטן די מענטשן צו פאַרלאָזן די וווינונגען און אַרויסקומען אויפן הויף. אייניקע האָבן זיך דערוועגט — און צווישן זיי אויך איך — אַרויסצוגיין אויפן הויף אונטערן קוילן־רעגן. ענדלעך האָבן זיך די שיסערייען איינגע־שטילט, און אַלע איינוווינער זענען אַרויסגעקומען אויפן קאַזאַרמע־הויף. דאָ זענען מיר אַלע אויסגעשטעלט געוואָרן אין אַ ריי, און אויך איך צווישן זיי, און מ'האָט אונדז אויף אַ גראָבן אופן רעווידירט. מ'האָט ביי אונדז צוגענומען מעסערס, מעסערלעך, צינדערס און אַנדערע זאַכן.

שפּעטער האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז צוויי יונגע דייטשן זענען באַפאַלן געוואָרן דורך עטלעכע רוסן און צעשטאָכן מיט מעסערס. דער וועל־ליסאָפּעד וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך איז צוגעגנבעט געוואָרן. זייער פאָטער האָט זיך געווענדט צו בראַנדטן, און יענער האָט באַווירקט דעם קאַ־פּיטאַן טרעגלע, ער זאָל רעזשיסירן דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל. בעת דער אַמעריקאַנישער „פּאַציפיקאַציע" זענען בייגעווען די צוויי יונגעלייט, וועלכע האָבן געדאַרפט אידענטיפיצירן די מעסער־שטעכער, אָבער יענע זענען נישט געכאַפּט געוואָרן. זיי זענען געווען, ווייזט אויס, פון אַן אַנדערן לאַגער.

אַזאַ פֿאַל איז געווען נישט קיין איינציקער. בראַנדט האָט ווייטער גע־העצט קעגן די פֿרעמדע, און דאָס האָט זיך אים איינגעגעבן, ווייל דער קאָ־מענדאַנט טרעגלע האָט אָפּגעשטאַמט פֿון דייטשלאַנד, און האָט אין בלאַנ־קענבורג געהאַט באַקאַנטע פֿון אַמאָל.

***

די רויב־ און מאָרד־אָנפֿאַלן האָבן זיך געמערט. ס'איז געקומען דער־צו, אַז פֿינף פֿון די איינוווינער פֿון אונדזער לאַגער זענען באַשולדיקט גע־וואָרן אין אַ באַוואָפֿנטן איבערפֿאַל צוליב רויב. לויט די געזעצן פֿון די אָקו־פּאַציע־אָרגאַנען האָט די רויבער דערוואַרט אַ שטראָף פֿון צען־פֿופֿצן יאָר תּפֿיסה. צום געריכט אין בלאַנקענבורג זענען געשיקט געוואָרן די באַאַמטע פֿון דעם מיליטערישן געריכט אין ברוינשווייג. איך בין איינגעלאַדן געוואָרן דורך דעם מיליטערישן געריכט, ווי דער לאַגער־קאָמענדאַנט, צו זיין דער פּאַרטיידיקער פֿון די באַשולדיקטע. מיר צו הילף איז געקומען אַן אַדוואָ־קאַטין, אַ פּאָלקע פֿון ברוינשווייג, פּרוי קאַזאַבאָווסקאַ, וועלכע איז צופֿעליק געבוירן געוואָרן אין כאַרבין. איך האָב געמוזט אָפּפֿרישן מיינע יורידישע קענטעניש, וואָס כ'האָב זיך דערוואָרבן אין די אוניווערסיטעטן אין שוויי־צאַריע און ווין מיט פֿינף און צוואַנציק יאָר צוריק בערך, כדי אַרויסצוטרעטן פֿאַר דעם מיליטערישן געריכט. נאָכן אויסהערן די דייטשישע עדות, איז דער ענין איבערגעגעבן געוואָרן דעם אויבער־געריכט אין ברוינשווייג.

דערוויל איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די רוסן וועלן פֿאַרנעמען בלאַנקענ־בורג. לויט אַ פֿאַראָרדענונג פֿון דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן זענען אַלע פּאָליאַקן באַפֿוילן געוואָרן צו פֿאַרלאָזן בלאַנקענבורג און פֿאָרן אויף מערב.

אויף אַ קורצער צייט האָבן די ענגלענדער פֿאַרטוישט די אַמעריקאַנער אין דער פֿירונג פֿון דער שטאָט. די ענגלישע מיליטערישע אינסטאַנצן זע־נען געווען העפֿלעכער און צוגעלאָזענער פֿון די אַמעריקאַנישע, און אויך די דערנערונג פֿון די פּליטים האָט זיך פֿאַרבעסערט. מ'האָט געשמועסט וועגן דער אָרגאַניזאַציע „אונראַ", אַז פֿון הייַנט אָן און ווייטער וועט זי זיך מטפּל זיין מיט די פּליטים.

כ׳האָב באַקומען די דערלויבעניש צו פאָרן קיין ברוינשווייג, האַנאָ־ווער, האַמבורג, בערמאַן און ווילהעלמסהאַפן. אין האַמבורג האָב איך באַזוכט די ייִדישע קהילה. אין איר שפּיץ איז געשטאַנען אַ מישלינג, ד״ר היינעמאַן. קיין „פולע״ ייִדן זענען נישט געווען בנמצא. דאָקטער היינעמאַן איז בשעתו נאָמינירט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ פאַרן „יודען־עלטסטן״. ער האָט באַדאַרפט צונעמען ביי די ייִדן זייער האָב־און־גוטס און זיי אַוועק־טראַנספּאָרטירן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אַ דאַנק זיין דאָזיקער נאָמינאַציע איז ער היינט געווען דער פאָרזיצער פון דער ייִדישער קהילה אין האַמבורג. אַלע „ייִדן״, וואָס זענען צו דער צייט געווען אין האַמבורג האָבן אָנגעהערט צו דער קאַטוילישער אָדער פּראָטעסטאַנטישער קירך. אויסער זיי זענען דאָרט געווען אַרעסטאַנטן אָפּשטאַמיקע פון פוילן און אונגאַרן, וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. מיט זיי האָבן זיך פאַרנומען די דייטשישע ציווילע אינסטאַנצן דורך דער פאַרמיט־לונג פון דער ייִדישער קהילה. זיי האָבן באַקומען 1.200 קאַלאָריעס אַ טאָג. די דאָזיקע אומגליקלעכע האָבן נישט באַקומען קיין שום צוגאָב צו די דאָ־זיקע הונגער־פּאָרציעס. זייערע „באַשיצער״ זענען געווען די דייטשן. פאַר מיין אויפהאַלטן זיך אין האַמבורג איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן מיט אָפיצירן פון ס. ס. (זיכערהייט־פעלד־דינסט), צווישן זיי דריי ייִדן. פון זיי האָבן איך זיך דערוווּסט, אַז די ענגלענדער האָבן זיך באַצויגן צו די דייטשן מיט ווייטגייענדיקער טאָלעראַנץ. ענגלאַנד האָט געשטרעבט אויפן דאָזיקן אופן איבערצודערציִען דאָס דייטשישע פאָלק.

פון האַמבורג בין איך אַרויסגעפאָרן קיין ווילהעלמסהאַפן. כ׳האָב זיך געוואָלט דערוויסן צי מיין ליידנס־קאָלעגין אין וואַרשע, טאַבאָליעווסקאַ, לעבט נאָך און צי זי האָט באַשלאָסן ווייטער לעבן ווי אַן אַריערין. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט האָב איך אויך געוואָלט באַלייגן אַן אָנקלאַגע ביי דער אָרטיקער ענגלישער מאַכט קעגן דעם צו שאַנד באַרימטן קורט סטאַ־כען, וועלכער האָט זיך איינגעאָרדנט אין ווילהעלמסהאַפן. און ווייל „ס׳האָבן מיר געפעלט קאָנקרעטע באַווייזן״ וועגן זיין טעטיקייט, און זיינע אייגענע דערציילונגען פאַר די גערעכטלעכע אַנשטאַלטן האָבן נישט געגעבן קיין גענוגנדיקן גרונט אים צו באַשולדיקן, האָב איך געמוזט רעזיגנירן און אים לאָזן זיין אַ מקורב צו די אָקופּאַציע־אינסטאַנצן.

צוריקקומענדיק פון האַמבורג און ווילהעלמסהאַפן, זענען מיר געווען געצוווּנגען איינצופּאַקן אונדזערע זאַכן און פאַרלאָזן בלאַנקענבורג, ווייל דאָס אַריינקומען פון די רוסן איז געווען נאָענט. מיר זענען אַריבערגעפאָרן קיין לעבענשטאַדט, נאָענט פון וואָלפענביטעל און ברוינשווייג. דאָרט זענען געווען די באַרימטע „גערינג־ווערקע", אין דעם נייעם קוואַרטאַל וואַטענשטאַדט, ווו ס'זענען אין דער מלחמה־צייט באַשעפטיקט געווען 600.000 פרעמדע אַרבעטער. די דאָזיקע אַרבעטער זענען נאָך דער באַפרייוּנג איינגעאָרדנט געוואָרן דורך די ענגלענדער אין איין און פופציק פּליטים־לאַגערן, און „אונרא" האָט זיך מיט זיי מטפּל געווען. דער מערהייט געקומענע פון מערב־אייראָפּע איז געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט זיך אומצוקערן אין זייער היימלאַנד. און אויך די רוסן האָבן די מערהייט זייערע פאָלקס־זין אַריבערגעפירט אַהיים. אַזוי אַרום זענען אין די לאַגערן פאַרבליבן נאָר די פּאָליאַקן, די געקומענע פון די באַלטישע לענדער און אַ געוויסע צאָל יוגאָסלאַוון. אין מיין לאַגער, וואָס האָט זיך ערשט געפונען אין לעבענשטאַדט, זענען איבערגעבליבן אַ טויזנט צוויי הונדערט מאַן.

זיך רעכנענדיק מיט דער גרויסער צאָל פּליטים־לאַגערן אין דער דאָזיקער געגנט, האָבן געמוזט זיצן אין לעבנשטאַדט און וואָלפענביטעל ספּעציעלע מיליטערישע געריכטן, כדי אַכטונג צו געבן אויף די פאַרברעכער און פאַרברעכנס, וואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק געמערט.

די פאָרשטייער פון דער פּוילישער מיליטערישער דעלעגאַטור, די הויפּטלייט קולאשא, קלעבאַן און פּיאַטראָווסקי, אין דער באַגלייטונג פון דער אַדוואָקאַטין קאָזאַבאָווסקאַ, האָבן מיר באַזוכט אין מיין וווינונג און געבעטן איך זאָל זיין דער שטענדיקער פאַרטיידיקער פון די פּאָליאַקן פאַר דעם ענגלישן מיליטערישן געריכט. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט מיטן אויסרייד, אַז דער הויפּטמאַן טורנעל, וועלכער איז געווען אַ סך יאָרן דער מלוכהשער פאַרטיידיקער, איז פּאַסיקער פאַר דער דאָזיקער אויפגאַבע. צוליב דעם וואָס מיינע אַרגומענטן האָבן זיך זיי נישט געלייגט אויפן שכל, האָבן מיר די דאָזיקע הערן און די מאַדאַם פּשוט געצוווּנגען צו נעמען אויף זיך ציטווייליק און ווי אויף אַ פּראָבע די מיסיע פון פאַרטיידיקער, ווי דער פאַרטרעטער פון דעם פּוילישן אַדוואָקאַט, יורקעוויטש, וועלכער איז געווען

טעטיק אין וואָלפּענביטעל. נאָך מיין איינשטימען האָב איך באַקומען אַ באַפּולמעכטיקונג פון דעם מיליטערישן געריכט צו באַזוכן אַלע אַרעסטאַנטן אין די תפיסות.

דאָס מיליטערישע געריכט פלעגט אָפּהאַלטן זיינע זיצונגען יעדן טאָג און האָט געהאַט פולע הענט אַרבעט. די געוויינלעכע פאַרברעכנס זענען געווען גניבות, רויבערייען, טרייבן בראַנפן, שוואַרצע שחיטה, שוואַרצער האַנדל, האַלטן געווער, פירן אויטאָס אָן אַ דערלויבעניש און אַזוי ווייטער. אין די דריי חדשים פון מיין טעטיקייט אין לעבענשטאַדט איז מיר אויסגעקומען צו פאַרטיידיקן 271 פאַרברעכנס.

מיין פּאָזיציע ווי דער לאַגער־קאָמענדאַנט איז געווען פעסט, און די לאַגערניקעס האָבן מיר זייער געשעצט און געשטאַלצירט מיט זייער פאַרטיידיקער. צום געבורט־טאָג, ריכטיקער געזאָגט, צום נאָמענסטאָג, לויטן קאַטוילישן נאָמען, האָט מען מיר אונטערגעטראָגן אַ דאָקומענט, געשריבן דורך אַ יונגער פּוילישער שרייבעריך, אַ לאַגעריסטיק, און אונטערגעשריבן דורך אַלע לאַגערניקעס, אין וועלכן איך און מיינע מעשים ווערן געלויבט.

צווישן די ענגלישע מיליטערישע אינסטאַנצן און דער פּוילישער מיליטערישער דעלעגאַטור האָט אויסגעבראָכן אַ שאַרפער קאָנפליקט, און די ענגלישע מיליטער־לייט האָבן געפּרוווט שיקאַנירן די פּוילישע דעלעגאַטן.

אין די פיל לאַגערן איז געווען אַ ספּעציעלע פּאָליציי, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען אַ פּוילישער אָפיציר, בורקאַצקי. דעם דאָזיקן פּאָליציי־קאָמענדאַנט האָט געכאַפּט אַן ענגלישער קאָמענדאַנט פירן אַן אויטאָ אָן אַ דערלויבעניש. בעת דער אויספאָרשונג איז אויפגעקלערט געוואָרן, אַז זיינע דאָקומענטן שטימען נישט, אַז אַפילו זיין נאָמען איז אַן אויסגעטראַכטער. מ׳האָט איינגעזעצן בעשיימפּערלעך, אַז נישט בלויז דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, נאָר די גאַנצע פּוילישע דעלעגאַטור, וועלכע האָט זיך פאַרהאָסט געמאַכט ביי די ענגלענדער צוליב איר אַראָגאַנץ, זיצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. דער פּראָצעס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין לעבענשטאַדט. דאָס אויסהערן די עדות האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. ווען די פאַרהאַנדלונגען זענען געקומען צו זייער סוף, האָב איך פאַר דעם ענגלישן מיליטערישן געריכט און דער גאַנצער פּוילישער דעלעגאַטור געהאַלטן די דאָזיקע פאַרטיידיקונגס־רעדע:

„הויך געריכט! דאָס וועט נישט זיין קיין פּאַראַדאָקס און נישט קיין צופאַל, וואָס איך וועל אָנהייבן מיין פאַרטיידיקונגס־רעדע מיט אַ באַשולדיקונג. די דאָזיקע באַשולדיקונג איז געווענדט קעגן דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט. פּוילן, וועלכע האָט די ערשטע דערפילט די לאַסט פון דעם דייטשישן מיליטאַריזם, וואָס אירע זין האָבן מקריב געווען זייער לעבן אויף די שלאַכטפעלדער פון אַפריקע, איטאַליע, פראַנקרייך, האָלאַנד און דייטשלאַנד, און איר העלדישקייט אויף דער יבשה, אויפן ים און אין דער לופט איז אַ היסטאָרישער פאַקט, — פּוילן איז די איינציקע צווישן די פאַראייניקטע פעלקער, וואָס זייענדיק אַ שותף מיט גלייכע רעכט מיט דער גרויסער בריטאַניע, האָט זי פאַרשפּילט די מלחמה.

אָט דאָס פּוילן, אין וועלכן ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין לאַוואַל, קיין קוויסלינג, קיין אכצע אָדער אַ דיגרעל אין די פינף מיט אַ האַלב יאָרן אונטעריאָכטקייט, אָט דאָס פּוילן, וואָס איר גענעראַליסימוס האָט זיך אין איר ווי אַריינגעגנבעט פון אויסלאַנד, כדי מלחמה צו האַלטן פאַר זיין פאָטערלאַנד קעגן אַן אַריינדרינגלער, אַ שטאַרקן און אכזריותדיקן, און איז אין די דאָזיקע שלאַכטן אומגעקומען, — אָט דאָס דאָזיקע פּוילן האָט נישט געשאַפן קיין רעגירונג, וועלכע זאָל מיטאַרבעטן מיט די דייטשן, אַפילו נישט דעמאָלט ווען די שענדלעך באַרימטע דייטשישע פּראָפּאַגאַנדע האָט זיך באַמיט צו מאַכן דעם ענין־„קאַטין״ פאַר אַ וועלט־פּראָבלעם.

ס׳איז אַוודאי נישט פאַראַן קיין מענטש אויסער פּוילן, וועלכער זאָל האָבן אַ קלאָר בילד וועגן דער גאַנצער פּיין, די עינויים און שאַנדטאַטן, וואָס די בירגער פון פּוילן האָבן געליטן פון די דאָזיקע באַרבאַרן. די פּוילישע בירגער זענען געוואָרן דערשטיקט, דערניידעריקט און אויסגעראָטן אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן, אַ דאַנק דער צו שאַנד באַרימטער דייטשישער אָרגאַניזאַציע־פעיקייט. דער ראַדיאָ און די צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט רעדן וועגן דאַכאַו, בוכענוואַלד און טערעזיענשטאַדט. אָבער די דאָזיקע נעמען וועלן פאַרבלאַסט ווערן קעגן אָשוויענטשים, מיידאַנעק, טרעבלינקע, בעלזשעץ, פּאָניאַטאָוו. אין די דאָזיקע ערטער

אין פוילן זענען דערמאָרדעט געוואָרן נאָך גרויליקע טאָרטורן מיליאָ־נען פוילישע בירגער, נאָך דעם ווי מ׳האָט באַרויבט זייער גאַנץ פאַר־מעגן, וואָס איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. אַפילו די שקאַר־פעטקעס פון די דערמאָרדעטע זענען געבראַכט געוואָרן קיין דייטשלאַנד לויט דער לאָזונג: „אַלטער שטאָף איז רוישטאָף״. די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע איז אין פוילן נישט געווען קיין שול. די פּאָליאַקן האָבן געמעגט פאָרן נאָר אין ספּעציעלע צוגן און טראַמווייען. לעבנס־מיטל־און קליידער־קאַרטן איז זיי נישט צוגעטיילט געוואָרן. הונדערטער און טויזנטער בירגער זענען געכאַפּט געוואָרן, ווי הינט, טאָג־טעגלעך אין די גאַסן און עפנטלעך דערשאָסן, אָן אַ פּראָצעס, אָדער געהאָנגען, כדי צו שפּאָרן קוילן. אין פוילישן אויפשטאַנד זענען אומגעקומען מער פּאָ־ליאַקן ווי אַמעריקאַנער אויף אַלע פראָנטן, אין אייראָפּע, אַזיע און אַפ־ריקע. די אינטעליגענץ איז פולשטענדיק אומגעבראַכט געוואָרן. פון אַכצן טויזנט אַדוואָקאַטן זענען איבערגעבליבן בלויז אַ זעקס. אַפּיצירן זענען געוואָרן דערמאָרדעט אָדער אַריינגעפירט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דעם 22סטן אַפּריל 1942 האָט היינריך הימלער געשריבן אין אַ לייטאַרטיקל אַזעלכע ווערטער: „אויף די געביטן, אויף וועלכע ס׳האָט געטראָטן דער דייטשישער זעלנער, טאָרן נישט וווינען קיין אַנדערע מענטשן אויסער ריינע דייטשן״.

די צאָל מענטשן, וואָס זענען געוואָרן געכאַפּט אין פוילן און גע־בראַכט קיין דייטשלאַנד, שטייגט איבער די צאָל פון דער שווייץ און פינלאַנד צוזאַמענגענומען. די שקלאַפּן — שקלאַפּן אין פולן זינען פון וואָרט — זענען איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין די פּרימיטיווסטע וווי־נונגען און אין סכנותפולע געביטן. זיי האָבן געמוזט טאָן די שווערסטע אַרבעטן, און האָבן באַקומען די ערגסטע דערנערונג. זיי האָבן די גאַנצע צייט געמוזט זיך קליידן אין יענע קליידער, וועש און שיך, אין וועלכע זיי זענען אַרעסטירט געוואָרן. די באַציִונג צו זיי איז געווען ווי צו מענטשן פון אַ נידעריקער מדרגה און זענען אָפּגעצייכנט געוואָרן מיטן בוכשטאַב „פּ״. דער פּוילישער אינטעליגענץ איז דערלויבט געוואָרן צו אַרבעטן אין דייטשלאַנד נאָר ביי פיזישער אַרבעט. די פוילישע שקלאַפּן

איז געווען פאַרבאָטן צו פאָרן אין צוג און אין טראַמוויי, אַריינצוגיין אין די ווײַן־הײַזער, אין די רעסטאָראַנען און קינאָס, דאָס הערן ראַדיאָ און לייענען צייטונגען.

צי איז עס דעריבער אַ וווּנדער, וואָס אין די דאָזיקע מענטשן האָט זיך דערוועקט דאָס לעכצן נאָך נקמה און פאַרגעלטונג? ס׳איז נישט קיין סוד, אַז ביי די באַדינגונגען וואָס האָבן געהערשט, האָבן מיליאָנען מענטשן געראַטעוועט זייער לעבן אין פאָטערלאַנד און אין די געביטן, וואָס זענען דורך די דייטשן אָקופּירט געוואָרן, מיט דער הילף פון גע־פעלשטע דאָקומענטן און אויסגעטראַכטע נעמען. די אָנגענומענע באַ־גריפן וועגן געזעצלעכקייט און אָרדענונג זענען אין יענע צייטן געווען דורכויס אַנדערע. די לאָזונג פון פראַנץ מאָר: „זאָל זיך ראַטעווען ווער עס קאָן, און דער גלאָמפּ זאָל אונטערגיין” — איז געוואָרן אַ פעסט גע־באָט.

זעקס יאָר זענען געגנוג געווען ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען צו מאַכן פון אַ פּראָסטן מענטשן אַ געלערנטן. אין די זעקס גרויל־יאָרן האָט זיך די דייטשישע באַרבאַרן איינגעגעבן צו מאַכן פון געלערנטע פאַר־ברעכער. די באַגריפן פון אָרדענונג און געזעץ, וועלכע זענען געוואָרן אַקסיאָמעס אין ענגלאַנד און אַלע קולטור־לענדער, זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון די הערצער פון די פּוילישע בירגער. דער מאָסשטאַב פון ענגלאַנד קאָן נישט גילטן בנוגע די דאָזיקע מענטשן, וועלכע זענען קראַנק געוואָרן זעליש און מאָראַליש. מען דאַרף זיי היילן ווי קראַנקע און נישט באַהאַנדלען ווי פאַרברעכער.

די ווייניקע אינטעליגענטן, וואָס זענען נאָכן אויפשטאַנד געקומען קיין דייטשלאַנד אָדער באַפרייט געוואָרן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָבן, נישט געקוקט אויף זייער דערשלאָגנקייט און קערפּערלעכער און גייסטיקער אָפּגעשוואַכטקייט, געטאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך צו העלפן די אומבאַשיצטע, די באַפרייטע שקלאַפן. ס׳זענען אייליק אויפגעשטעלט געוואָרן שולן, איינגעאָרדנט רעפעראַטן און טעאַטער־פאָרשטעלונגען, אָרגאַניזירט אַנדערע קולטור־אַקציעס, און יעדער מאַן און פרוי וועלכע האָבן זיך פרייוויליק אָנגעשלאָסן צו די דאָזיקע אַרבעטן, זענען מיט

סימפּאַטיע אויפגענומען געוואָרן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן ביים אויספעלן פון מיטלען. אַלע האָבן דאָס געטאָן אָן געצאָלט, נאָר פון פּאַט־ריאָטישן און מענטשלעכן געפיל.

ס׳איז נאָך נישט פאַראַן קיין לאַנד אויף דער וועלט, ווו ס׳זאָלן נישט זיין קיין תפיסות. און ס׳איז נישטאָ קיין לאַנד אָן פאַרברעכנס. אויך אין פוילן זענען געווען תפיסות און פאַרברעכער. בעתן אויסברוך פון דער מלחמה זענען אין פוילן געווען אַ 60.000 אַרעסטאַנטן. טייל זענען באַ־פרייט געוואָרן דורך די דייטשן, און אַ טייל זענען געכאַפּט געוואָרן צו צוואַנג־אַרבעט. אַזעלכע פאַרברעכער, וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן אויפן זעלבן אופן און אין דער זעלבער צייט, וואָס עס איז באַפרייט גע־וואָרן די גאַנצע באַפעלקערונג דורך די אַליִירטע — זענען פאַרשוווּנדן צווישן די מאַסן, און ס׳איז נישט מעגלעך זיי אָפּצוגעפינען.

אָבער אויך דער דאָזיקער קליינער פּראָצענט פאַרברעכער, וואָס איז לעבן־געבליבן, אַרבעט אין זיין פאַך אויף אַ ספּעציעלן אופן. דאָס רוב פאַרברעכנס איז פאַרבונדן מיט דערנערונג. פלייש־גניבות, גריצ־צייג־גניבות, קאַרטאָפל־גניבות, דאָס אומגעזעצלעכע איינשאַפן זיך די דאָזיקע לעבנס־מיטלען — זיי בילדן דעם אינהאַלט פון די פּראָצעסן. צי איז דאָס נישט פון די צייכנס פון דער צייט? סימבאָליזירט עס נישט די ספּעציפישע פאַרהעלטענישן? די מענטשן, וועלכע זענען יאָרן אויס־געהונגערט געוואָרן, גאָרן עסן, אַ סך עסן.

בורקאצקי, דער היינטיקער באַשולדיקטער, געהער צו דער וויניקער אינטעליגענץ וואָס האָט זיך געראַטעוועט. אויך ער איז געווען געצוווּנ־גען, ווי אַ געוועזענער אָפיציר און מלחמה־געפאַנגענער, זיך צו באַנוצן מיט אַלע וועגן צו ראַטעווען זיין לעבן. אויך ער האָט געליטן פון די באַדינגונגען וועלכע האָבן געהערשט. כ׳האָב שוין דערמאָנט, אַז מיליאָ־נען מענטשן האָבן געהאַט פאַלשע דאָקומענטן, און אין זייער זכות זע־נען זיי געראַטעוועט געוואָרן. איז זיך דעריבער נישט צו וווּנדערן, וואָס אַ סך האָבן בכלל נישט קיין דאָקומענטן. אָבער די דאָזיקע מענטשן טאָר מען נישט באַטראַכטן פאַר פאַרברעכער״.

נאָכן אויפקלערן די פינף פּונקטן פון דער באַשולדיקונג און אָפּוואַרפן

מיט דער הילף פון עדות די גאַנצע באַשולדיקונג, האָב איך געבעטן ביים געריכט דעם אָנגעקלאָגטן פרייצושפּרעכן.

נאָך אַ לאַנגער באַראַטונג איז דער באַשולדיקטער בוּרקאצקי געוואָרן פרייגעשפּראָכן.

מיין רעדע און דער אורטייל וואָס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן נאָך איר איז געוואָרן די טעמע פון שמועסן צווישן די פּאָליאַקן און באַזונדערס אין די קרייזן פון דער פּוילישער דעלעגאַטור. אויך דער פאָרזיצער פון געריכט, קאָלאָנעל פלאונט, און דער מלוכה־פּאַרטיידיקער, קאַפּיטאַן אָסבאָרן, האָבן מיר אויסגעדריקט זייער אַכטונג און יעדן טאָג פאַרבעטן אויף אַ גלעזל טיי.

אָבער די פּאָליאַקן האָבן געזאָרגט דערפאַר, אַז מיר און דעם געריכט זאָל נישט אויספעלן קיין אַרבעט. ס׳האָט פּאַסירט אַן איבערפאַל פון דרייצן פּאָליאַקן אויף אַ פּאָליציי־פּאָסטן אין לעבענשטאַדט, אַ מאָרד איבער אַ דייטש אין זאַלצגיטער, אַ גנבה פון האָז, אַן אומגעזעצלעך טרייבן בראַנפן. אין יעדן לאַגער האָט טאָג־טעגלעך עפּעס פּאַסירט. די קליענטן זענען געווען די פאַמיליע־מענטשן און פריינד פון די אַרעסטירטע, און זיי פלעגן מיך ממש באַלאַגערן.

נאָך דער אויבן־באַשריבענער רעדע מיינער האָב איך זיך געפילט נישט געהויבן. איך, וואָס כ׳האָב אַזוי גריטנלעך געקאָנט פּוילן, ווי בין איך פּעזק געווען צו אַזאַ פּאַטריאָטישער פּאַרטיידיקונג־רעדע? וואָס איז געווען די סיבה פון דער דאָזיקער ליגנעריי? וואָס האָט עס גורם געווען צו מיין נשמה־טאָפּלטקייט? אמת, אין מיין רעדע האָב איך גערעדט וועגן די פּאָליאַקן, אָבער יעדער האָט געקאָנט פאַרשטיין, אַז כ׳האָב געטראַכט וועגן די ייִדן. אָבער פאַרוואָס האָב איך נישט אָראָפּגעריסן די מאַסקעס און נישט אויפגעדעקט די פאַרברעכנס? וואָס האָט מיך געהאַלטן צווישן די דאָזיקע פאַרברעכער? די פיל באַקוועמלעכקייטן? דאָס האָבן די מאַכט איבער דעם דאָזיקן שמוץ פון מענטשלעכן מין? די ווערטער פון אַכטונג און חניפה? דאָס אַלץ האָט מען מיר דאָך געגעבן נאָר כל־זמן די דאָזיקע לייט וויסן נישט ווער איך בין אין דער אמתן.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, און איך האָב באַקומען די געלעגנהייט אויפצודעקן און אַרויסזאָגן מיין מיינונג וואָס איך טראַכט וועגן די פּאָליאַקן.

כ׳בין איינמאָל אַרייַנגעגאַנגען אין דער ביוראָ פון דעם ענגלישן קאָמענ־דאַנט און דערזען ווי ס׳שטייט פאַר אים אַ יונגער און פעסטער מאַן און דערקלערט אים עפּעס אויף דייטש. דער קאָמענדאַנט האָט מיך געבעטן צוגיין און פרעגן דעם מענטשן וואָס ער פאַרלאַנגט, ווייל ער האָט פון יע־נעמס רייד פאַרשטאַנען בלויז דעם אויסדרוק ס״ס און אים חושד געווען אַז ער איז אַ געוועזענער ס״ס־מאַן. מיט מיר צוזאַמען איז געקומען דער קאַ־טוילישער קשאַנדז פון אונדזער לאַגער, קאַטולא, וועלכער האָט מיך געבעטן זיך צו פאַראינטערעסירן ביים קאָמענדאַנט וועגן אַ ספּעציעלער הוספה פאַר אים ווי פאַר דעם נשמה־פּאַסטעך פון די מלחמה־געפאַנגענע. ווען איך האָב געפרעגט דעם בלאָנדן יונגנמאַן אויף דייטש ווער ער איז, האָט ער מיר גע־ענטפערט, אַז ער איז אַ ייִד, זיין נאָמען איז פּאָזנאַנסקי, פון דער שטאָט אי־נאָווראָצלאַוו, ער איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט ווי אַ פּוילישער זעלנער, אָבער אין זיינע מיליטערישע דאָקומענטן איז נישט געווען דער־מאָנט אַז ער איז אַ ייִד, האָבן אים די דייטשן צוליב זיין פּוילישן נאָמען אַנגענומען פאַר אַ פּאָליאַק און געגעבן אַרבעט פון אַ שאָפער ביי אַן ס״ס־מאַן; ווען די אַליִירטע זענען אַריין, איז דער ס״ס־אָפיציר אַנטלאָפן, און ער געפינט זיך היינט אין מיין לאַגער, נאָר ער וויל פון אים אַרויס, ווייל זיינע עלטערן געפינען זיך אין ענגלאַנד. דער ענגלישער קאָמענדאַנט האָט צוגע־זאָגט פּאָזנאַנסקין, אַז ער וועט זיך באַמיִען צו באַקומען פאַר אים די פאַר־לאַנגטע פאַרבינדונג מיט זיינע עלטערן.

בעתן מיטאָג־עסן, ביי וועלכע ס׳זענען געזעסן דער קשאַנדז, עטלעכע אינטעליגענטן פון די לאַגערניקעס און איך, האָט דער קשאַנדז דערציילט וועגן דעם פאַל מיט פּאָזנאַנסקין און צוגעגעבן: „איך בין געווען איבער־צייגט, אַז קיין ייִדן זענען נישט געבליבן ביים לעבן, און אָט האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אַפילו אין אונדזער לאַגער געפינט זיך איינער". האָבן אַנדערע געמאַכט אַ באַמערקונג: „מיר וועלן געפינען אַן עצה צו דעם ביסל לעבנ־געבליבענע אַפילו אין אונדזער לאַגער". נאָך די ווערטער האָב איך אַ פרעג געטאָן: „וואָס וואָלט איר געזאָגט, ווען איר דערוויסט זיך, אַז אייער קאָ־מענדאַנט און פאַרטיידיקער איז אַ ייִד?". „וואָלטן מיר אים אויפן אָרט דער־שטיקט!".

כ׳האָב זיך אויפגעהויבן, אַ שפּיי־געטאָן אין זייערע פּרצופים און פאַרלאָזט דעם לאַגער.



זיך אומקערן צוריק קיין פּוילן, ווי אַנדערע — דאָס וואָלט זיין אַ שטות פון מיין זייט. דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם איז איינגעוואָרצלט אין דער נשמה פונעם פאָלק.

נאָך דעם דאָזיקן פאַל בין איך געגאַנגען צום פאָרזיצער פון געריכט, קאָלאָנעל פּלאָונט, און אים דערציילט, אַז איך בין אַ ייִד און טראָג אַן אויסגעטראַכטן נאָמען, און אַז די דאָזיקע שפּיל איז מיר נמאס געוואָרן. ערשט האָט ער פאַרשטאַנען מיין רעדע וועגן געפעלשטע דאָקומענטן און אויסגעטראַכטע נעמען. איך האָב אים מיטגעטיילט, אַז איך באַפריי זיך פון צו זיין פאַרטיידיקער און לאַגער־קאָמענדאַנט און פאַרלאָז לעבענשטאַדט.

איך בין געפאָרן אין דער אַמעריקאַנישער זאָנע, כדי צו זוכן מיין זון. פון דאָרט האָב איך זיך אומגעקערט קיין ברוינשווייג, וווּ ס׳איז שוין אַנטשטאַנען אַ ייִדישע קהילה און ס׳האָט זיך געהאַלטן ביי גרינדן אַ ייִדישער קאָמיטעט. דאָ האָב איך געלעבט און געאַרבעט ווי אַ ייִד צווישן ייִדן, ביז וואַנען כ׳האָב זיך פאַראייניקט מיט מיינע קינדער, און מיר האָבן צוזאַמען עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

# דאָס פּױלישע ייִדנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּױלישע ייִדן
אין אַרגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָװ

פאַרלאַג־לײטער: אַבֿרהם מיטלבערג


## ביז איצט דערשינען:

31) שמחה פאליאקיעוויטש — א טאג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער — אין די פאבריקן פון טויט (אויספארקויפט)
33) אברהם נחתומי — אין שאטן פון דורות
34) יחיאל לערער — מיין היים (אויספארקויפט)
35) יוסף וואלף — לייענענדיק פרצן...
36) צפורה קאצענעלסאן־נאכומאוו — יצחק קאצענעלסאן
37) י. הירשהויט — פינצטערע נעכט אין פאוויאק
38) נחום סאקאלאוו — פערזענלעכקייטן
39) רחל קארן — היים און היימלאזיקייט (לידער)
40) א. אלמי — מאמענטן פון א לעבן
41) מנשה אונגער — פשיסכע און קאצק (אויספארקויפט)
42) מ. בורשטין — איבער די חורבות פון פלוינע
43) מ. קיפניס — הונדערט פאלקס־לידער (אויספארקויפט)
44) ז. סעגאלאוויטש — מיינע זיבן יאר אין תל־אביב (אויספארקויפט)
45) ד״ר ה. שאשקעס — א וועלט וואס איז פארביי... (אויספארקויפט)
46) שלמה וואגא — חורבן טשענסטאכאוו
47) אברהם זאק — יארן אין וואנדער (לידער)
48־49) ש. איזבאן — פאמיליע קארפ (אויספארקויפט)
(פרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראטור־פאנד, מעקסיקע 1950)
50) ד״ר א. מוקדוני — מיינע באגעגענישן (זכרונות)
51) ר. שושנה־קאהאן — אין פייער און פלאמען (אויספארקויפט)
52) י. י. טרונק — די יידישע פראזע אין פוילן
53) יאנאס טורקאוו — אין קאמף פארן לעבן (אויספארקויפט)
54) יצחק פערלאוו — די מענטשן פון „עקזאדוס 1947" (ראמאן)
55) פנחס ביזבערג — שבת־יום־טובדיקע יידן
56־57־58) שלום אש — פעטערבורג — ווארשע — מאסקווע
59) ד״ר פיליפ פרידמאן — אשוויענטשים
60) ב. ראזען — טלאמאצקע 13
61־62) דוד פלינקער — אין שטורעם (ראמאן)
63) יאנוש קארטשאק — משהלעך, יאסעלעך, ישראליקלעך (אויספארקויפט)
64־65) מרדכי שטריגלער — „ווערק צע״ (אויספארקויפט)
(פרעמירט דורכן האפנער־לייב ליטעראטור־פאנד ביים יידישן קולטור־קאנגרעס, בוענאס־איירעס, 1951)
66) חיים גראדע — שיין פון פארלאשענע שטערן
67) רבקה קוויאטקאווסקא — פון לאגער אין לאגער
68) יואל מאסטבוים — מיינע שטורמישע יארן (זכרונות)
69) אליהו טראצקי — גלות דייטשלאנד
70) ד״ר י. שאצקי — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה (אויספארקויפט)
71) נחמן מייזיל — געווען אמאל א לעבן... (אויספארקויפט)
72) י. י. טרונק — סימכע פלאכטע פון נארקאווע (אויספארקויפט)
(פרעמירט דורכן צבי־קעסעל־פאנד, מעקסיקע, 1951)

73) יהודה עלבערג — אונטער קופערנע הימלען (אויספארקויפט)
(פרעמירט דורכן ליטעראטור־פאנד אין סאן־פאולא, בראזיל, 1951)
74) ד״ר א. מוקדוני — אויסלאנד
75) זיגמונט טורקאוו — פראגמענטן פון מיין לעבן
76) יהושע פערלע — יידן פון א גאנץ יאר
(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן און ליטעראטור־פרעמיע פון „בונד״ אין פוילן, ווארשע, 1937
77) יעקב לעשצינסקי — ערב חורבן
78) דניאל טשארני — ווילנע
79) ז. סעגאלאוויטש — דער לעצטער לאדזשער ראמאן (אויספארקויפט)
80) יזכור־בוך — בעלכאטאוו (אויספארקויפט)
81) מ. י. שעליובסקי — אויף א פולער וואך
82—83) יצחק פערלאוו — דער צוריקגעקומענער (ראמאן)
84) יוסף אקרוטני — דאס בוך פון די עלנטע
85—86) מרדכי שטריגלער — גורלות (אויספארקויפט)
87) ד״ר יוסף טענענבוים — גאליציע — מיין אלטע היים
88) זלמן שזר — שטערן פארטאג (זכרונות)
89) משה דוד גיסער — דאס געזאנג פון א לעבן (אויספארקויפט)
90) ז. י. אנכי — ר׳ אבא און אנדערע כתבים
91—92) עמנואל רינגעלבלום — קאפיטלען געשיכטע
93) שמעון הארצנטשיק — אין געדויש פון מאשינען (ראמאן)
94) גרשם באדער — מיינע זכרונות (קראקע)
95—96) יאנאס טורקאוו — פארלאשענע שטערן (אויספארקויפט)
(פרעמירט דורכן צבי קעסעל ליטעראטור־פאנד, מעקסיקא 1954).
97—98) אלטער קאציזנע — שטארקע און שוואכע (ראמאן)
99) פועה ראקאווסקי — זכרונות פון א יידישער רעוואלוציאנערין
100) מארק טורקאוו — די לעצטע פון א גרויסן דור (אויספארקויפט)
101) י. הירשהויט — יידישע נאפט־מאגנאטן
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאליאר־ליטעראטור־פאנד, ביי „די אידישע צייטונג״, בוענאס־איירעס, 1955).
102) משה זאנשיין — יידיש ווארשע
103) פ. מינץ (אלעקסאנדער) — די געשיכטע פון א פאלשער אילוזיע
104) י. י. טרונק — די וועלט איז פול מיט נסים (ראמאן)
105־106־107) מיכאל בארוויטש — ארישע פאפירן
(פרעמירט דורכן ניימאן־פאנד, פאריז, 1958).
108—109) מרדכי שטריגלער — געארעמט מיטן ווינט (ראמאן)
110—111) ד״ר א. מוקדוני — ווארשע און לאדזש
(פרעמירט דורכן האפער־לייב ליטעראטור־פאנד, ניו־יארק, 1956).
112) ברוך האגער — מלכות חסידות
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאליאר־ליטעראטור־פאנד, בוענאס־איירעס, 1956).
113) ב. שעפנער — נאוואליפיע 7 (אויספארקויפט)

114) פּנחס שטיינוואַקס — ייִדן צום געדענקען
115) ק. צעטניק — דאָס הויז פון ליאַלקעס (אויספאַרקויפט)
116) מאַקס ווײַנרײַך — פון בײדע זײַטן פּלויט
117) אליעזר וויזל — און די וועלט האָט געשוויגן
118) ש. בערלינסקי — ירושה
(פּרעמירט דורכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1957)
119) ד״ר יוסף טענענבוים — צווישן מלחמה און שלום
120) יוסף אָקרוטני — סוף קאַפּיטל
121) זיגמונט טורקאָוו — טעאַטער־זכרונות פון אַ שטורמישער צײַט
122) בער י. ראָזען — פּאָרטרעטן
123) אברהם טענענבוים־ארזי — לאָדזש און אירע ייִדן
124—125) משה קאַגאַנאָוויטש — די מלחמה פון ייִדישע פּאַרטיזאַנער
126—127) אברהם זאַק — קנעכט זענען מיר געווען
(פּרעמירט דורך דער באָריס סוראַוויטש־פּרעמיע, ניו־יאָרק, 1957)
128) יעקבֿ גלאַטשטיין — ווען יאָש איז געפֿאָרן
129—130) דוד פלינקער — נײַע צײַטן (ראָמאַן)
(פּרעמירט דורך דער מרדכי סטאָליאַר־פּרעמיע, בוענאָס־איירעס, 1958)
131) משה יודל שעליובסקי — אין דער וועלט אַרײַן
(פּרעמירט דורך דער האָפּער־לײב־פּרעמיע, ניו־יאָרק, 1958)
132) ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט — צווישן בײדע וועלט־מלחמות
133) לעאָן לענעמאַן — דער חשבון בלײַבט אָפֿן
134) שלמה פראַנק — טאָג־בוך פון לאָדזשער געטאָ
135) מ. באַקאַלטשוק — זכרונות פון אַ ייִדישן פּאַרטיזאַן
136) פּנחס וועלנער — אין יענע טעג
137) אלימלך ראַק — זכרונות פון אַ ייִדישן האַנטווערקער־טוער
138) הירש אַבראַמאָוויטש — פֿאַרשוווּנדענע געשטאַלטן
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־פֿאָנד, מעקסיקע 1959)
139) ב. טערקעל — צווישן שאַקאַלן
140) י. ל. וואַלמאַן — פּוילישע ייִדן (ראָמאַן)
141—142) נ. שמן — דאָס געזאַנג פון חסידות (אויספאַרקויפט)
143—144) צבי כהן — שטורמישע דורות (ראָמאַן)
145) יאָנאָס טורקאָוו — נאָך דער באַפרײַאונג
146) העלענאַ שערעשעווסקאַ — צווישן צלם און מזוזה (אויספאַרקויפט)
147) פּנחס שטיינוואַקס — ייִדישע מאַמעס צום געדענקען
148) וואָלף מערקור — די וועלט איז כעלעם (אויספאַרקויפט)
149) ראובן בן־שם — פּוילן ברענט...
150) יצחק טורקאָוו־גרודבערג — פּנימער און מאַסקעס
151) שלמה פּריזאַמענט — בראָדער זינגער
152) דוד לעדערמאַן — פון יענער זײַט פאַרהאַנג (אויספאַרקויפט)

153) שיינע־מרים בראָדערזאָן — מיין ליידנס־וועג מיט משה בראָדערזאָן
154) פּאָלאַ אַפּענשלאַק — יאַנוש קאָרטשאַק
155) שלמה בריינסקי — מענטשן פון זשעלעכאָוו
156) זיגמונט טורקאָוו — די איבערגעריסענע תקופה
157־158) אינזש׳ דוד דאַווידאָוויטש — קונסט־געשיכטע פון שולן אין פוילן
159) א. אַלמי — זאַמלבוך
160) ד״ר יצחק לעווין — ייִדן אין אַלטן פוילן
161) מלך ראַוויטש — דאָס מעשה־בוך פון מיין לעבן
(פרעמירט דורך דער צבי־קעסעל־פרעמיע, מעקסיקע 1962)
162) ישראל עמיאָט — פאַרדעקטע שפּיגלען
163־164) הערשל ה. וויינרויך — קאָמיסאַרן (ראָמאַן)
165) ישעיה טרונק — געשטאַלטן און געשעענישן
166) אברהם זאַק — אין אָנהייב פון פרילינג
167) שלמה שאַפּירא — זכרונות פון אַ מאַראַן

## עס גרייט זיך צום דרוק:

ב. טערקעל — די זון פאַרגייט ביים אמור
מלך ראַוויטש — צווייטער באַנד פון זכרונות
נינאַ טענענבוים — מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף
נ. קאַנטאַראָוויטש — פאַרשווונדענע ישובים
ד״ר ל. וואָלמאַן — ייִדישע דאָקטוירים אין פוילן
יעקב צינעמאַן — די שטאָט ביים טייך סאַן

## פּרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

**ישׂראל עמיאָט שרייבט וועגן דעם בוך פון יצחק טורקאָוו־גרודבערג „פּנימער און מאַסקעס“ („קענעדער אָדלער“, מאָנטרעאָל, 1960):**

מיט „פּנימער און מאַסקעס“, דאָס בוך דערציילונגען און סקיצן פון יצחק טורקאָוו־גרודבערג, האָט דער פאַרלאַג פון פּוילישן ייִדנטום פאַרענדיקט אַרויסגעבן דאָס הונדערט פּופציקסטע בוך. פאַר דער צייט וואָס איך בין אין דער מעגלעכקייט צו לייענען ביכער וואָס דערשיינען אין די אַמעריקעס, האָב איך שוין אַוודאי אַ גוט פערטל ביכער פון דעם פאַרלאַג דורכגעלייענט און יעדעס בוך, סיי דאָס ריין דאָקומענטאַלע, סיי דאָס וואָס פּרעטענדירט אויף קינסטלערישקייט, האָט אין זיך מיט וואָס צו לאָקן דעם לייענער. דעם אמת געזאָגט, האָט די גרויל־תקופה אין אונדזער געשיכטע אַרויסגערוקט אַזעלכע טאַלאַנטן, אַזעלכע פּיטנים פון שוידער, אַז ריין דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן זענען אָפּטמאָל דערהויבן געוואָרן צו הויכער קונסט. גענוג צו דערמאָנען מרדכי שטריגלערס „אין די פאַבריקן פון טויט“, יהודה עלבערגס „אונטער קופּערנע הימלען“, אברהם זאַקס „קנעכט זענען מיר געווען“, און זייער פיל אַנדערע.

יצחק טורקאָוו־גרודבערג איז נישט מיט אָט דעם לעצטן בוך „פּנימער און מאַסקעס“ אַריין אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט נאָך אין פּוילן זייענדיק, אַרויסגעגעבן אייניקע ביכער, צווישן זיי אַ בעלעטריסטיש בוך, „וואַרשעווער פּורים־שפּילער“, אָבער דאָך האַלט איך, אַז דאָס לעצטע בוך איז קינסטלעריש דאָס רייפסטע. גרודבערג פאַרמאָגט דעם סוד־הצמצום. ער דערגייט נישט די יאָרן דעם לייענער מיט אַ סך רייד און מיט „מעשׂיות בתוך מעשׂיות“, ער האָט די מעלה, וואָס ער לאַנגווייליקט נישט. ער שפּאַלט טאַקע נישט קיין הימלען מיט נייע בילדער. ער געהערט אויך נישט צו די וואָס קענען אַרום מינדסטן עפּיזאָד שאַפן אַטמאָספער און קאָלאָריט. ער וואַרעמט זיך אַליין אָן ביי פאַקטן (מעגן זיי געבוירן ווערן אין זיין פאַנטאַזיע) צו וועלכער ער איז נישט גלייכגילטיק און דאָן געווינט ער די מיטלען וועלכע זענען נייטיק צו שאַפן אַ פאַסירונג פאַר אַ קינסטלערישע דערציילונג.

אַממייסטן ביי זיך אין דער היים איז יצחק טורקאָוו־גרודבערג ווען ער שרייבט וועגן טעאַטראַלן. די פיר דערציילונגען פון אָט דעם ציקל זענען פּסיכאָלאָגיש די פאַרטיפכטע. יצחק טורקאָוו איז אַליין אַ טאַלאַנט־פולער אַרטיסט און ער פעלשט נישט ביים איבערגעבן סיטואַציעס אַפילו פון קאָנצענטראַציע־לעבן פון אַרטיסטן, ווו ער אַליין איז נישט געווען.

זייער פּשוט, ערלעך, געוויסנהאַפט און מיט אַ גוט אויג געזען, זענען די דערציילונגען פונעם ציקל „וואַנדערונגען“, וואָס שילדערן דאָס לעבן פון ייִדישע פּליטים פון פּוילן און סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין דעם דאָזיקן ציקל, געלינגט עס אָפּט דעם מחבר אַ

בליץ צו טאָן אַפילו מיט פּאַטעטישע בילדער ווי „די נאַכט האָט זיך אומבאַמערקט געענ־דיקט מיט טאָג און זיך צוריק אַריינגעלע־כערט אין טאָג״, און אַ ריי אַנדערע. די דאָ־זיקע בילדער גיבן די דערציילונגען צו קאָ־לאָריט, זייער גוטער נאַראַטיוווקייט.

זייער רירנדיק און כאַראַקטעריסטיש פאַרן היינטיקן פּוילן איז די דערציילונג „די פרוי וואָס זוכט זיך אַליין״ פונעם ציקל „אַפּטרי־ניקע״. עס איז אייגנטלעך נישט קיין אַפּ־טריניקע, נאָר איינע פון טויזנטער אַזעלכע קינדער, וועלכע די מאַמעס האָבן בעתן שווערן גזר־דין אויסבאַהאַלטן ביי פּוילישע באַקאַנטע, און דערוויסנדיק זיך אַז זיי זע־נען יידישע, זוכן זיי דעם וועג צו זייער שטאַם.

אין סך־הכל — איז יצחק טורקאָווס בוך, אויסער קינסטלערישער שטאָף, נאָך אַ דאָ־קומענט פון דער תקופת־השואה, נאָך אַן אינטערעסאַנט בוך וועגן חורבן פון פּוילישן יידנטום.

**יוסף פּאַפּאָווסקי** האָט געשריבן וועגן דעם בוך פון פּ. מינץ „די גע־שיכטע פון אַ פאַלשער אילוזיע״ אין זיין אַרטיקל „אַ בוך פון די שטור־רעם־ און דראַנג־יאָרן״ („די נייע צייט״, בוענאָס־איירעס, 17טער דע־צעמבער 1954):

דאָס בוך פון פּ. מינץ (אַלעקסאַנדער) איז אַ טאָפּלטע רעוועלאַציע. איינע, וועגן מינץ דעם מענטש, וועלכער, ווי ער דריקט זיך אַליין אויס, איז געשטאַנען ביי דער סאַמער קיך ווו מען האָט געפּראַוועט דאָס געקעכץ. (לויט לענינס צוואה האָט עס דער קוכער געדאַרפט צופּראַווען שטאַרק געפּעפּערט, אָבער ווי מיר ווייסן איז עס אויך אַרויס־געקומען שטאַרק בלוטיק...) צווייטנס, גייט דורך דעם בוך פאַרביי ווי דורך אַ קאַליי־דאָסקאָפּ, אַ גרויסע ריי פון טיפן און גע־שטאַלטן, וועלכע האָבן געשפּילט אַזאַ מעכ־טיקע און שטאַרקע ראָל אין דער רעוואָלו־ציאָנערער וועלט פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ביז צו דער סאַמע צווייטער.

ווי אויף אַ קינאָ־לייוונט זעען מיר זיך רעטראָספּעקטיוו מיט אַ דרייסיק יאָר יינגער. עס איז נאָך דער גרויסער רוסישער רעוואָ־לוציע. די וועלט האָלט אין דעם אָטעם. מיר זעען די טיטאַנען פון ערשטן לעניניס־טישן צ״ק, דעם מאַרש אויף וואַרשע, וועל־כער דאַרף אויף די באַגנעטן פון דער ער־שטער הונגעריקער און באָרוועסער רויטער אַרמיי, ברענגען די באַפרייונג פון דער וועלט. די מפּלה און דער ריקצוג. מיר באַ־געגענען דאָרט, די נעמען פון די העלדן פון דער ערשטער טשעקאַ (טשערעזוויטשייקא). און זייערע פאַרגייערס, די קריסטאַל־ריינע רעוואָלוציאָנערן פון פּוילישן „פּראָלעטאַר־יאַט״ (אַ פּאַרטיי וועלכע האָט עקסיסטירט און געווירקט אין דער זעלבער צייט פון די „נאַראָדאָוואָלצעס״). מיר זעען דאָרט די אַל־טע עסדעקאַפּעלאָווצעס, די חברים פון ראָזאַ לוקסעמבורג, לענסקי און וואַדסקי מיט זיי־ער אומבויגזאַמע ריינקייט און אמתן גלויבן אין דער רעוואָלוציע. די גרויסע אַדלערס

פונעם קאַמאַינטערן, וועגן וועלכן אַ יוגנט האָט אין חלום געזען ווי נישט־צוטריטלעכע לעגענדאַרע פּערזענלעכקייטן און מיט זייע־רע נעמען אויף די ליפּן געגאַנגען אָן מורא אין די תפיסות און אויף עשאַפאָטן. ווען דו לייענסט דאָס בוך זעסטו זיך ווידער אין יענער שטורעם־ און דראַנג־עפּאָכע און אירע פלאַם־פייערדיקע דעמאָנסטראַציעס מיט צע־פלאַטערטע רויטע פאָנען; דו זעסט ווידער די ביז צו וואַנזין פאַרשיכורט־באַגייסטערטע פּאָעטן, וועלכע זינגען:

— פאַרשטומט איר אַלטע גרילן,
עס וועט געשען אונדזער ווילן;
עס גייט אַ נייער העלד
אויף אייער גאָט, אויף אייער וועלט.

און די צעכראַסטעטע „כאַלאַסטריאַנער״, וועלכע זינגען אין אַ צעפלאַמטער יוגנט אַריין:

— אויף די פיס צוויי צילינדער
און אויפן קאָפּ אַ שטיוול מיט אַ
רויטן שטערן,
און פלי אַ טעלעגראַם
פון אויספירקאָם פון קאָמאינטערן.

**
*

פ. מינץ האָט די־אָ לעגענדאַרע העלדן מיט אייגענע אויגן געזען. ער איז אין מאָסקווע פון דעמאָלט, געווען עטלעכע מאָל. עס איז די עפּאָכע ווען אין אַלע אַר־בעטער־פאַרטייען און אויף אַלע גאַסן גייען אָן הייסע דיסקוסיעס:

— טעזע איינס, טעזע צוויי, טעזע דריי.

אָננעמען די איין און צוואַנציק פּונקטן, זיך שפּאַלטן אָדער בלייבן אין דער אַלטער פּאַר־טיי, דאָרט וווּ מען האָט מיטגעמאַכט לײדן און פריידן, קאַמפן און נצחונות און אַזוי־פיל שיינע יאָרן. —

די טרייע, די ערלעכע, די — קלמן קאַמאַ־שנמאַכערס, — ווען די בירגערלעכע זשורנאַליסטן האָבן אַזוי אויסגעלאַכט און מיט חוזק־נעמען אָנגערופן, — זענען אַרומ־געגאַנגען שווינדזוכטיקע אָבער מיט פלאַמיק־באַגייסטערטע בליקן. די קעשענעס אויסגע־פולט און אָנגעפּראָפּט מיט „ליטעראַטור״. געלעבט מיט ברויט און הערינג. אָבער תמיד פאַרוויקלט אין די גרויסע וויכוחים. שעהן גאַנצע געשטאַנען אויף די פיס נישט פילנ־דיק קיין מידקייט, אין די פאַררויכערטע אַרבעטער־לאָקאַלן, אין די קאָרידאָרן און אַפילו אויף די שטיגן, האָבן זיי נישט באַ־מערקט ווי גיך עס פאַרגייט די צייט. וויר־דיקע אייניקלעך און דירעקטע נאָכקומערס פון די ערשטע אומבאַפלעקטע און אומקאָ־רומפּירבאַרע חסידים־מאמינים זענען זיי ווי זייערע זיידעס גרייט געווען צו גיין אויף קידוש־השם, פאַר זייער גלויבן און פאַר זייער משיח...

**
*

איך בין געווען אַ יונג יינגל, ערשט נאָר־וואָס אַריין אין דער „באַוועגונג״, מיט דער גאַנצער ראָמאַנטיק און הייסן גלויבן אין די נייע וועלט־דערלייזערס. און אָ, איראָניע פון גורל! די ערשטע „ליטעראַטור״, וועלכע מיר האָבן באַקומען צו לייענען אויף דינעם פּאַ־פּיר מיט קליינטשינקע אותיותלעך פון דער געהיימער „טעכניק״, איז געווען די בראָשור „די פוילישע פראַגע אויפן פינפטן קאָנגרעס פון קאָמאינטערן״. מיר, וועלכע האָבן גע־האָפט און געגלייבט צו געפינען דעם גאָל־דענעם שליסל צו אונדזערע נשמה־צאַפּלע־נישן, זענען אָפּגעגאָסן געוואָרן ווי מיט אַ

כוואַליע פון ברודיקן שוים, פון די ברוטאַלע דיסקוסיעס און קליינלעך־„סעקטאַנטישע” פראַקציע־קאַמפן, מיט געשיכטעס וועגן „לינקע”, „אויסגעלינקטע” און „אולטראַלינקאַטשעס”, מעשיות וועגן גרופּעס און גרופּקעלעך: רוט פישער, שאָלעם, קאַץ און ראָזנבערג (אַלע, אגב, מאחינו בני ישראל) וועלכע האָבן דרייענדיק מיטן גראָבן פינגער געפירט מיטאַנאַנדער סכאָלאַסטישע האָרשפּאַלטערישע דיסקוסיעס וועגן וועלט־רעוואָלוציע און אַריינגעלייגט זייערע חושים און דעם גאַנצן טאַלאַנט זייערן אין אַ „קוצו של יוד” פון לענינס תורה ווי אַמאָל, להבדיל, בית שמאי און בית הלל. שוין נישט רעדנדיק וועגן די אומברחמנותדיקע קעגנזייטיק זיך אויפפרעסנדיקע פראַקציע־קאַמפן אינערהאַלב דער פוילישער קאָמפּאַרטיי.

מיר, די באַגייסטערט־גלייביקע יוגנט, וועלכע האָבן אַלץ אַוועקגעגעבן: אונדזער קאַריערע, אונדזער יונג זיין, אונדזער געזונט און לייב און לעבן; מיר, וועלכע זענען געשטאַנען בדחילו ורחימו אויפן וואַרשעווער טעאַטער־פּלאַץ און אַנדערע פּלעצער, שיעור נישט מיט דער זעלבער פלאַמיקער האַרץ־קלאַפּעניש ווי אונדזערע אָבות אבותינו אונטערן באַרג סיני, און אונדזערע הערצער זענען אונדז שיעור נישט אַרויסגעשפּרונגען פון באַגייסטערונג ווען מיר האָבן דערזען די גרויסע רויטע פאָנען מיט די דריי ווייסע אותיות:

— ק. פּ. פּ., וועלכע זענען אין געהיים געהאָפטן געוואָרן פון איידעלע מיידל־פינגער.

מיר, וועלכע האָבן מיט אונדזערע אייגענע לייבער ווי מיט אַ שוץ־מויער אַרומגערינגלט די העלדישע פירער אונדזערע, דעם גרייז־גרויען רעוואָלוציאָנער אַדאָלף האַדסקי (וואַרשאַווסקי), דעם שוואַרץ־האָריקן אינטעליגענט יעזשי סאָכאַצקי און אַלע אומצייליקע פירער און אָנפירערס אונדזערע; מיר, וועלכע האָבן אין די נעכט ביי גראַשנדיקע ליכטלעך און נאַפט־לעמפּלעך, מיט האַרץ־קלאַפּעניש אין די קעלערס און פּאַציאַטקעס געלייענט אויף דינער ביבולע די „מעזן” און די געוואַלטיקע דיסקוסיעס וועגן „מערהייט” און „מינדערהייט” און געקענט אויף אויסנווייניק די נעמען: פידלער, סעווער־פּרוכניאַק, בראָנקאָווסקי, קאָסטשעוואַוואַלעצקי אאַז״וו; מיר, וועלכע האָבן ממש אויף די הענט געטראָגן אונדזערע אַבאָס, דעם ווייסן אבאָ און דעם שוואַרצן אַבאָ; די יצחק גאָרדינס און גרשון דואס; אונדז, די דאָזיקע, וועלכע האָבן זיך אויפגעצויגן אויף זייערע תורהס, האָט מען עס געוואָלט איינרעדן אַז זיי אַלע, די אַלע אָנפירערס און רביים אונדזערע: — וואדסקי, סאָכאַצקי, זדזשאַרסקי און אויך די לינקע פּאָעטן — וואַנדורסקי און ברונאָ יאַשענסקי וועלכע האָבן אויסגעהאַמערט אין דער פוילישער שפּראַך די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּס־סטראָפן (ווי אויך זייערע אומצייליקע אויף יידיש־שאַפנדיקע חברים), אַז זיי, אויך די קאָמ־סיים־דעפּוטאַטן, ווי אויך פון די ווייס־רוסישע „הראָמאַדע” פאַר וועמען מיר האָבן אַזוי הייס אַגיטירט און אין די טורמעס געגאַנגען — זענען נישט מער ווי מיאוסע „פּראָוואָקאַטאָרן”, פאַרקויפטע דעם שונא פאַר דרייסיק קלינגנדיקע יודאַש־גילדן.

אַז זיי, די אַלע לערערס און וועגווייזערס אונדזערע איבער וועמענס ביכער מיר זענען נעכט גאַנצע אויפגעווען, זיך און אַנדערע זייערע תורהס געלערנט (ללמוד וללמד), אַז זיי — טראָצקי, בוכאַרין, זינאָוויעוו און ראַדעק (און די אַנדערע, וועלכע מען האָט שטילערהייט ליקווידירט, ווי ריאַזאַנאָוו וכדומה) זענען פשוטע „משוגענע הינט” און „געפערלעך גליטשיקע שלאַנגען”...

אין דעם בוך פון פּ. מינץ קומען זיי אונדז װידער צו חלום, זיי װערן װידער, אַזוי צו זאָגן, לעבעדיקע מענטשלעכע געשטאַלטן.

די בלויזע רשימה פון די נעמען פון די־אַ אַלע מענטשן, װעלכע האָבן געשאַפן די אָקטאָבער־רעװאָלוציע און באַפעסטיקט די ראַטנמאַכט. זיי אַלע װעלכע מען האָט אויף אַזאַ מיאוס־מאוימדיקן אופן גייסטיק און פיזיש פאַרניכטעט און נאָך פאַרן טויט זיי געצװונגען זיך צו װאַלגערן אין קויט און בלאָטע, און אַזוי פאַרשמוציקטע און פאַרגאַװערטע זיי דערשאָסן װי משוגענע הינט. — בלויז די ליסטע אַליין פון די נעמען פון די אַלע אומגעבראַכטע און „פאַרשװוּנדענע", אָן אַ שום צוגאָבן און קאָמענטאַרן איז שוין אַ געװאַלטיקער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן די שענדערס פון די שענסטע טרוימען פון דער מענטשהייט. װאָרום נישט נאָר לענינס ערשטער „פּאָליט־ביוראָ", זיינע טרייעסטע חברים אין מיטקעמפערס, די ערשטע גענעראַלשטאָבן פון דער רויטער אַרמיי, נייערט דעם גאַנצן קאָמאינטערן האָט מען גייסטיק און צום גרעסטן טייל אויך פיזיש ליקווידירט; פונאַנדערגעיאָגט אויף אַלע פיר װינטן די ראָמאַנטישע פוילישע ק. פּ. פּ., די דירעקטע נאָכקומער פון דער רומפולער ס. ד. ק. פּ. ל. און „פּ. פּ. ס. לעװיצע"; די דייטשע פּאַרטיי־פירערס און טעאָרעטיקער װי היינץ נוימאַן, למשל, מיט זיינע חברים, װי די אומצייליקע פירערס פון אַלע אַנדערע קאָמ' פּאַרטייען, װעלכע האָבן פאַרענדיקט זייערע קאַריערעס אין די סיבירער טונדרעס און טייגעס.

עס װאָלט נייטיק געװען אַ נייער עמיל זאָלאַ מיט אַ שפּאָגל־נייעם „זשאַקוז" — און אַ פרישן אַנאַטאָל פראַנס, װעלכע זאָלן פאַראייביקן פאַר די שפּעטערדיקע דורות די דאָזיקע גראַנדיעז־טראַגישע עפּאָפּייע פון אונדזער יאָרהונדערט. אַ נייער „װען די געטער זענען דורשטיק" און „די רעװאָלוציע, װעלכע פרעסט אויף אירע אייגענע קינדער" װאַרט נאָך אויף אונדז.

אין דעם־אַ זין איז דאָס בוך פון פּ. מינץ — נאָר װאָס דערשינען — אַ גרויסער צושטייער פאַר דעם קינפטיקן היסטאָריקער און עפּיקער װעלכער װעט דאַרפן געבן אַ תיקון און געשטאַלטיקן די פיגורן־טיטאַנען פון אונדזער ראָמאַנטיש־בלוטיקער צייט.

מיט 37 יאָר צוריק האָט אונדזער גרויסער איציק מאַנגער געזונגען:

רוסלאַנד פיבערט אויס אַ פרילינג;
קומט אַרויס דעם פרילינג הערן.
אמת, ס'פאַלן געלע בלעטער,
אָבער ס'בליִען רויטע שטערן.

און ערשט נישט־לאַנג צוריק האָט אונדזער איציק, דער דיכטער פון שטערן, נאַכט און װינט, אויפן אומבאַקאַנטן קבר פון זיין יונג־פאַרשטאָרבענעם ברודער נטע, ערגעץ אויף רוסלאַנדס סטעפּעס, אין איינעם פון זיינע שענסטע לידער און אפשר פון דער יידישער פּאָעזיע בכלל, מעלאַנכאָליש געזונגען:

די שטערן, די זילבערנע ממזרים,
האָבן מיליאָנען אָפּגענאַרט —
װאָס האָבן מיט גלויביקע אויגן
אויף משיח בן־דוד געװאַרט.

און אפשר דערפאַר הייסט דאָס בוך פון פּ. מינץ:

— „די געשיכטע פון אַ פאַלשער אילוזיע".

## הרב ד״ר מאיר שוואַרצמאַן שרייבט וועגן נ. שמנס צוויי־בענדיקן ווערק „דאָס געזאַנג פון חסידות״ („דאָס יידישע וואָרט״, וויניפעג, דעם 11טן דעצעמבער 1959):

אַלע געזאַנגען זענען הייליק. אַלע דרכים און וועגן וועלכע פירן צו דער ריינער אמונה זענען קודש. דאָס געזאַנג פון חסידות — דער וועג פון שמחה און פרייד, דער דרך פון ענווה און הצנע לכת איז קודש קדשים...

אַזוי האָט מען געלערנט אין קאָצק: יעלזו חסידים בכבוד ירננו על משכבותם (תהלים, מ״ט). וואָס איז דער חידוש אַז מען זינגט בשעת מען האָט פון כל־טוב? דער חידוש איז ווען מען זינגט און מען איז זיך משמח, אַפילו ווען מען איז „צוגעלייגט״ על משכבותם, מ׳האָט גאָרנישט, מ׳לעבט אין דחקות און אָרעמקייט, ווען מ׳קאָן זיך דאַן דערהייבן און אַרויסגיין אין פייערלעכן ריקוד מיט שירות ותשבחות, דאָס איז אַ מדרגה...

איז אויב איר ווילט דווקא איז דאָס דער תמצית, דער תוך, דאָס האַרץ און די גאַנצע ריינע און הויכע נשמה פון חסידות...

נחמן שמן, דער באַרימטער שרייבער, געלערנטער און פאָרשער פון די יידישע מקורות, האָט אַרויסגעגעבן אַ ניי וווּנדערלעך ווערק „דאָס געזאַנג פון חסידות״, אַרויסגעגעבן אין פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום״, אין בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע. צוויי בענד, קרוב צו 700 זייטן, אָנגעפּיקעוועט מיט כל־טוב פונעם חסידישן גן־עדן.

עס איז כדאי דאָ צו פאַרצייכענען די קאַפּיטלען פון די צוויי בענדער. דער חשובער לייענער זאָל האָבן כאָטש אַ קליינעם, מאַגערן באַגריף פון דעם רייכן מאַטעריאַל פון דער פּראַקטפולער אויסגאַבע „דאָס געזאַנג פון חסידות״:

קאַפּיטל 1 — חסידות־באַוועגונג אין מזרח־אייראָפּע: א) ראָל פון חסידות; ב) חורבן חסידות־פּוילן; ג) ראשונים און אחרונים אין חסידיזם.

קאַפּיטל 2 — חסידות אַלס פאָלקס־באַוועגונג: א) חסידות און גאולה־שטרעבונג; ב) שכל און געפיל; ג) סאָציאַלע מאָטיוון אין חסידות.

קאַפּיטל 3 — שטרעבונג צו ציון: א) שטרעבונג צו גאולה; ב) חסידות און ישוב הארץ; ג) חיבת ציון און חסידות.

קאַפּיטל 4 — חסידישע נגינה און פאָלקס מעלאָדיע: א) געזאַנג און נגינה ביי יידן; דעם רבינס ניגון; ג) אָפּטימיזם און שמחה.

קאַפּיטל 5 — ר׳ ישראל בעל שם טוב: א) בלי־פּעריאָד פון חסידיזם; ב) חסידות ווי אַ רעטונג־באַוועגונג; ג) דעם בעל שמס ניגון; ד) תלמידים פון בעל שם טוב; ה) פּטירה פון בעל שם טוב.

קאַפּיטל 6 — נגינה ביי חסידים: א) דער אַלטער קאַרלינער; ב) ר׳ פּנחסל קאָרעצער; ג) דעם קאַליווערס ניגון; ד) דאָס הערלעכע געזאַנג פון ראַדאָמסק.

קאַפּיטל 7 — רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער: א) דאָס לעבן, קאַמף און ליידן פונעם גרויסן אוהב ישראל; ב) גרויסער מנגן און מליץ־יושר; ג) חסידות־פילאָזאָפיע פון רבי לוי יצחק.

קאַפּיטל 8 — חסידות חב״ד־ליובאַוויטש: א) רבי שניאור־זלמן; ב) דער מיטעלער רבי און בעל „צמח צדק״; ג) ר׳ יוסף־יצחק שניאורזאָן; ד) נגינה אין ליבאַוויטש.

קאַפּיטל 9 — דער אומאַנער ניגון און זיין

השפעה: א) ניגון וואָס האָט געשטאַרקט און געמוטיקט יידישע הערצער; ב) שמחה און נגינה אין בראַסלאַווער חסידות; ג) פילאָזאָפיע פון ר' נחמן בראַסלאַווער.

קאַפיטל 10 — דער טאַלנער ניגון: א) טשערנאָבילער דינאַסטיע; ב) טאַלנע אויפן שליאַך פון חסידישער פאָפולאַריטעט; ג) ר' יאָסעלע טאַלנער.

קאַפיטל 11 — ראָפשיץ־סאַנדז: א) ר' נפתלי ראָפשיצער; ב) דער ניגון ראָפשיץ; ראָפשיץ־באָבאָוו; ד) ר' חיים סאַנדזער; ה) וויזשניצער נגינה.

קאַפיטל 12 — לומדות און נגינה: א) פשיסכאָ און דער נייער דרך אין חסידות; ב) ר' יצחקל וואָרקער; ג) איזשביצע־ראַדזין; ד) סאָכאַטשאָווער חסידות; ה) אברהם לאַנדאָ, טשעכאַנאָווער רב און רבי; ו) נוסח אָסטראָווצע; ז) דער סאָקאָלאָווער רבי.

קאַפיטל 13 — גערער חסידות: א) די ירושה פון גער; ב) הונדערט יאָר גערער חסידות; ג) דער „שפת אמת"; ד) ר' אברהם־מרדכי זצ"ל; ה) נגינה אין גער; ו) די לעצטע טעג.

קאַפיטל 14 — פיר דורות בעלז: א) פאַרערונג צו בעלז; ב) אָפשטאַם און דינאַסטיע; ג) ר' יששכר־דוב; ד) השפעה פון ר' אהרן.

קאַפיטל 15 — די אייגער־משפחה אין לובלין: א) אָפשטאַם; ב) זיידע און אייניקל; ג) תורה־שמועסן פון ר' לייבעלע אייגער; ד) משפחהפאַרצווייגטקייט; ה) צוואה פון זיין זון ר' אברהם.

קאַפיטל 16 — דער כהן פון לובלין: א) צוגאָבן און פראַגמענטן; ב) ביאָגראַפישע שטריכן; ג) לובלין און איזשביצע; ד) ווען ער איז געוואָרן רבי; ה) זיין סדר הלימוד און זיינע ספרים.

קאַפיטל 17 — מאָדזשיצער ניגון: א) דער ניגון פון „אז ישיר"; ב) דינאַסטיע און פאַרצווייגונג; ג) דער „אַלטער מאָדזשיצער"; ד) דאָס ליכט וואָס האָט געלויכטן; ה) ביאָגראַפישע שטריכן; ו) גרויס אין שירה און אין תורה; ז) שאַפער פון נגינה; ח) תפארת ישראל; ט) אינעם היכל פון מאָדזשיצער נגינה; י) היסטאָריקער פון חסידות און פאָרשער פון נגינה; יא) שטרעבונג קיין ציון.

מילואים און הוספות — מלכות ריזשין, דער חוזה און ר' נפתלי ראָפשיצער, דער גערער רבי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ווי דער לייענער זעט, זענען די צוויי בענד „דאָס געזאַנג פון חסידות" פון נ. שמן, אַ געשיכטע־בוך פון דער חסידישער באַוועגונג פון איר סאַמע אָנהייב ביז עד היום הזה.

נ. שמן באַווייזט דאָ קלאָר אַז ער איז אַליין פאַרכאַפט פון דער דאָזיקער באַוועגונג. אַ מענטש פון דרויסן, מעג ער זיין אַזאַ היסטאָריקער ווי שמעון דובנאָוו, אָדער ווי ד"ר היינריך גרעץ, קאָן אַלץ נישט באַגרייפן און יורד זיין צו דער סאַמע נשמה פון חסידות, צום פינטעלע, צום קוואַל פון וואַנען די וואונדערלעכע פאָלקס־באַוועגונג האָט אָנגעהויבן צו לעבן און צו ווירקן.

און נישט געקוקט ווער עס זענען געווען די מתנגדים אין יענעם דור, אַליין גרויסע גאונים און צדיקים, האָבן זיי אַלץ נישט געקאָנט פאַרלעשן דאָס גרויסע ליכט פון חסידות.

דאָס געזאַנג פון חסידות האָט באַזיגט די השכלה־באַוועגונג. יענע באַוועגונג איז שוין כמעט טויט און דאָס געזאַנג פון חסידות שאַלט אָפּ בכל תפוצות ישראל מסוף עולם עד סופו.

נ. שמן, אַ געבוירענער אין לובלין, האָט אין זיך איינגעזאַפּט דאָס הייליקע געזאַנג פון חסידות, דאָס געזאַנג פונעם הייליקן

חוזה פון לובלין, פון זיינע טויזנטער חסידים, פון ר׳ צדוק הכהן, פון לייבעלע אייגער און פון זיינע אייניקלעך.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט אויך אַמאָל אָנגערירט אַ חסידישע קליאַמקע, געכאַפּט שיריים פון רבישע טישן און זיך געוואַרעמט אינעם ליכט פון יענע הייליקע באַוועגונגען. פילט ער די טריישאַפט וואָס ג. שמן ווייזט אַרויס אין זיין גרויסער אַרבעט.

ס׳איז גענוג דורכצולייענען „דאָס געזאַנג פון חסידות״ צו קאָנען האָבן אַ גרינטלעכן באַגריף וועגן חסידות.

ג. שמן האָט אַריינגעלייגט גרויסע כוחות אין די דאָזיקע צוויי בענד „דאָס געזאַנג פון חסידות״. עס איז כדאי אַז דער אינטעליגענטער לייענער זאָל זיך די צוויי ספרים פאַרשאַפן.

איך בין מבטיח איטלעכן לייענער (אַפילו אַ מתנגדישן), אַז ער וועט זייער הנאה האָבן פון דעם צאַפּלדיקן, רייכן מאַטעריאַל, און אַפילו ווען ער וועט נאָכן איבערלייענען נאָך אַלץ קיין חסיד נישט ווערן, וועט ער אָבער עפענען זיינע אויגן און זען וואָס פאַר אַ הייליקע זינגענדיקע באַוועגונג דאָס איז געווען און איז עד היום הזה.

אַ יישר־כוח דעם באַגאַבטן מחבר ג. שמן, און אַ דאַנק דעם פאַרלאַג „דאָס פוילישע ייִדנטום״ אין בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע.

